ל ע ו ו  ט אָ ל ס ט אָ י

# אַלע קינסטלערישע ווערק

ווילנע—1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

ל ע ו ו   ט אָ ל ס ט אָ י

# ד ע ק אַ בּ ר י ס ט ן

## און אַנדערע דערציילונגען

יידיש פֿאַלק הײלפֿערין

ו ו י ל נ ע — 1930

ווילנער פֿאַרלאַג פֿון ב. קלעצקין

Gift to the Workmen's Circle
in Memory of Jacob Freedman
147 So. Wetherly Dr.
Los Angeles, Ca.

# קאַפּיטל I [1]

דאָס איז געווען מיט אַ קורצער צייט צוריק, פאַר דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם II, אין אונזער צייט, — די צייט פון ציוויליזאַציע, פּראָגרעס, פּראַגן, אויפלעבונג פון רוסלאַנד אוןאַ. וו.; אין דער צייט, ווען דאָס זיגרייכע רוסישע חיל האָט זיך צוריקגעקערט פון סעוואַסטאָפּאָל, וועלכן עס האָט איבערגעגעבן צו דעם שונא; ווען גאַנץ רוסלאַנד האָט געפייערט די פאַרניכטונג פון דעם פלאָט אויפן שוואַרצן ים, און די ווייסמויערדיקע מאָסקווע האָט מקבל-פּנים געווען און מיט דער דאָזיקער גליקלעכער געשעעניש מזל-טוב אָפּגעגעבן די רעשטן פון די מאַנשאַפטן פון דעם

[1] די דריי קאַפּיטלען פון דעם ראָמאַן „דעקאַבריסטן", וואָס ווערן דאָ געדרוקט, זיינען אָנגעשריבן נאָך פריער, איידער דער אַווטאָר האָט זיך גענומען פאַר „מלחמה און שלום". אין יענער צייט האָט ער פאַרטראַכט אַ ראָמאַן, וואָס זיינע הויפּט-פּערזאָנען האָבן געזאָלט זיין די דעקאַבריסטן, אָבער ער האָט אים ניט אָנגעשריבן, ווייל מיענדיק זיך אַרויסצופירן די צייט פון די דעקאַבריסטן, האָט ער זיך ניט ווילנדיק אומגעקערט מיטן געדאַנק צו דער פריערדיקער צייט, צו דעם עבר פון זיינע העלדן. ביסלעכווייז האָבן זיך פאַרן אַווטאָר אַלץ טיפער און טיפער פונאַנדערגעעפנט די קוואַלן פון די דערשיינונגען, וועלכע ער האָט בדעה צו באַשרייבן: די משפּחה, די דערציִונג, די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען און אַז"וו. פון די פּערזאָנען, וואָס ער האָט אויסדערוויילט; לסוף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער צייט פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות, וועלכע ער האָט געמאָלט אין „מלחמה און שלום". אין דעם סוף פון דעם ראָמאַן זעען זיך שוין די סימנים פון יענער אויפרודערונג, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די געשעענישן פון דעם 14 דעקאַבער 1825.

שפּעטער האָט זיך דער אַווטאָר ווידער אַמאָל גענומען פאַר די „דעקאַבריסטן" און האָט אָנגעשריבן צוויי אַנדערע אָנהייבן, וועלכע ווערן איצט געדרוקט (אין סוף פון דעם אַרטיקל).

דאָס איז די אָפּשטאַמונג פון די געגעבענע פראַגמענטן פון דעם ראָמאַן, וועלכן עס איז, אַ פּנים, ניט באַשערט געווען אָנגעשריבן צו ווערן.

דאָזיקן פּלאַץ, אונטערגעטראָגן זיי דאָס רוסישע הכנסת־אורחימדיקע
גלעזל בראַנפן, און לויט דעם פיינעם רוסישן מנהג ברויט מיט
זאַלץ און ביז העררערד געבוקט זיך; דאָס איז געווען אין דער
צייט, ווען רוסלאַנד האָט אין דער פּערזאָן פון די ווייטזעעדיקע בתולות־
פּאָליטיקער באַוויינט דעם חורבן פון די טרוימערייען וועגן אָפריכטן
אַ תּפילה אין דער סאָפיע־קאַטעדראַלע און די פילבאַרסטע פאַרן
פאָטערלאַנד אבדה פון צוויי גרויסע מענטשן, וועלכע זיינען אומ־
געקומען בעת דער דאָזיקער מלחמה (איינער, וועלכער האָט זיך
שטאַרק צעהיצט מיט דעם פאַרלאַנג וואָס פריער אָפצוריכטן די
גאָטסדינסט אין דער דערמאָנטער קאַטעדראַלע און איז געפאַלן אויף
די פעלדער פון וואַלאַכיע, אָבער דערפאַר האָט ער אויך איבער־
געלאָזן אויף די זעלביקע פעלדער צוויי עסקאַדראָנען הוזאַרן, און
דער צווייטער, ניט אָפּגעשאַצטער מענטש, וועלכער האָט געטיילט טיי,
פרעמדע געלט און ליילעכער די פאַרוואונדעטע, און אַליין ניט
דאָס, ניט יענץ ניט געגנבעט), — אין יענער צייט, ווען פון אַלע
זייטן אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער טעטיקייט זיינען אין
רוסלאַנד אויסגעוואַקסן, ווי שוואָמען, גרויסע מענטשן — פעלדהערן,
אַדמיניסטראַטאָרן, עקאָנאָמיסטן, שרייבער, אָראַטאָרס און סתם גרויסע
מענטשן אָן באַזונדערע באַרוף און ציל; אין יענער צייט, ווען אויף
אַ יובילעום פון אַ מאָסקווער אַקטיאָר האָט, פאַרפעסטיקט דורך אַ
טאָסט, זיך באַוויזן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג, וועלכע האָט אָנ־
געהויבן צו באַשטראָפן אַלע פאַרברעכער; ווען די גרויזאַמע קאָמיסיעס
פון פעטערבורג האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אויף דרום פאַנגען, אָנ־
קלאָגן און טויטשטראָפן די רשעים פון קאָמיסאַריאַט; ווען אין
אַלע שטעט האָט מען איינגעאָרדנט מיטאָגן מיט רעדעס פאַר די
סעוואַסטאָפּאָלער העלדן, און זיי גופא, מיט אָפּגעריסענע הענט און
פיס, האָט מען דערלאַנגט משקה, באַגעגענענדיק זיי אויף די בריקן און
אויף די וועגן; אין יענער צייט, ווען אָראַטאָרישע טאַלאַנטן האָבן
זיך אַזוי שנעל אַנטוויקלט אין פאָלק, אַז איין שענקער האָט אַ־
מעטום און ביי יעדן פאַל געשריבן און געדרוקט און אויף מיטאָגן
אויסנווייניק געהאַלטן רעדעס, אַזוינע שטאַרקע, אַז די אויפזעער
אויף דער אָרדענונג האָבן בכלל געמוזט אָננעמען באַצוימונגס־מיט־

לען קענען דעם שענקערס שיינעם ריידן; ווען אין סאַמע ענגלישן קלוב האָט מען באַשטימט אַ באַזונדער צימער פאַר וויכּוחים איבער געזעלשאַפטלעכע ענינים; ווען ס'האָבן דערשיינט זשורנאַלן אונטער די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע פּענער, — זשורנאַלן, וועלכע אַנטוויקלען אייראָפּעישע יסודות אויף אַ אייראָפּעישן באָדן, נאָר מיט אַ רוסישער וועלטאַנשויונג, און זשורנאַלן אויסשליסלעך אויף אַ רוסישן באָדן, וועלכע אַנטוויקלען רוסישע יסודות, נאָר מיט אַ אייראָפּעישער וועלטאַנשויונג; ווען עס האָבן זיך פּלוצלונג באַוויזן אַזוי פיל זשורנאַלן, אַז, דאַכט זיך, אַלע נעמען האָבן זיך אויסגעשעפּט — אי „אָנזאָגער", אי „וואָרט", אי „שמועס", אי „באַאָבאַכטער", אי „שטים", אי „אָדלער", און פיל אַנדערע, און ניט געקוקט דערויף האָבן זיך באַוויזן אַלץ נייע און נייע נעמען; אין יענער צייט, ווען עס האָבן זיך באַוויזן פּלעיאַדן שריפטשטעלער, דענקער, וועלכע דערווייזן, אַז די וויסנשאַפט קאָן זיין אַ פאָלקסטימלעכע און קאָן זיין ניט קיין פאָלקסטימלעכע, און אַז. וו. און אַ פּלעיאַדע שריפטשטעלער, מאָלער, וועלכע באַשרייבן דעם וואַלד און דעם זונאויפגאַנג, און דעם געוויטער, און די ליבע פון אַ רוסיש מיידל, און די פוילקייט פון איינעם אַ באַאַמטן, און די שלעכטע אויפפירונג פון פיל באַאַמטע; אין יענער צייט, ווען פון אַלע זייטן האָבן זיך באַוויזן פראַגן (ווי מען האָט אין 56טן יאָר אָנגערופן אַזאַ צוזאַמענגוס פון אומשטענדן, אין וועלכע קיינער האָט ניט געקענט דערגיין קיין טאָלק), עס האָבן זיך באַוויזן פראַגן וועגן קאַדעטישע קאָרפּוסן, אוניווערסיטעטן, צענזור, מונדלעכע געריכטפירונג, פינאַנסן, בענק, פּאָליציי, עמאַנציפּאַצייע און פיל אַנדערע; און אַלע האָבן זיך געמיט אָפּצוזוכן נאָך נייע פראַגן, אַלע האָבן זיך געמיט זיי צו לייזן; מען האָט געשריבן, געלייענט, פאָרגעטראָגן פּראָיעקטן, אַלץ האָט מען געוואָלט איבערבעסערן, פאַרריכטן, ענדערן, און די רוסן האָבן אַלע, ווי איין מענטש, זיך געפונען אין אַן אומבאַשרייבלעכער התפּעלות. אַ צושטאַנד, וועלכער האָט זיך צוויי מאָל איבערגעחזרט פאַר רוסלאַנד אין דעם XIX יאָרהונדערט: דאָס ערשטע מאָל, בעת אין 12טן יאָר האָבן מיר אָפּגעשמיסן נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, און דאָס צווייטע מאָל, בעת אין 56טן יאָר האָט נאַפּאָלעאָן דער III אונז

אָפּגעשמיסן. די גרויסע אומפּאַרגעסלעכע צייט פון דער אויפלעבונג פונם רוסישן פאָלק; ווי יענער פראַנצויז, וועלכער האָט געזאָגט, אַז גאָר ניט געלעבט האָט יענער, ווער עס האָט ניט געלעבט בעת דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַזוי וואָג איך אויך צו זאָגן, אַז ווער עס האָט ניט געלעבט אין 56טן יאָר אין רוסלאַנד, יענער ווייס ניט, וואָס איז אַזוינס לעבן. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט ניט נאָר געלעבט אין דער צייט, נאָר ער איז אפילו געווען איינער פון די טוער פון דער צייט. קנאַפּ וואָס ער אַליין איז עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד אָפּגעזעסן אין איינעם פון די סעוואַסטאָפּאָלער בלינדאַזשן, האָט ער נאָך אָנגעשריבן וועגן דער קרימער מלחמה אַ ווערק, וואָס האָט אים געשאַפן גרויס רום, און וואָס אין אים האָט ער קלאָר און בפּרטיות געשילדערט, ווי אַזוי די זעלנער האָבן געשאָסן מיט ביקסן פון די באַסטיאָנען, ווי מען האָט אויף די איבערבינדונגס-פּונקטן איבערגעבונדן מיט בינטן און מען האָט מקבר געווען אויפן בית-עולם אין דער ערד. אָפּגעטאָן די דאָזיקע גבורות, איז דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות אָנגעקומען אין צענטער פון דער מלוכה אין אַ ראַקעטן-אַנשטאַלט, וואו ער האָט געשניטן די לאָרבערן פון זיינע גבורות. ער האָט געזען די התפעלות פון ביידע רעזידענצן און פונם גאַנצן פאָלק און האָט אויף זיך אַליין אויסגעפּרוווט, ווי אַזוי רוסלאַנד קאָן באַשענקען פאַר אמתע פאַרדינסטן. די מעכטיקע פון דער וועלט האָבן אַלע געזוכט מיט אים נאָענט צו ווערן, האָבן אים געדריקט די הענט, פאַרגעלייגט אים מיטאָגן, האָבן שטאַרק אים געבעטן צו זיך און, כּדי צו דערוויסן זיך די פּרטים פון דער מלחמה, האָבן זיי פאַר אים אויסדערציילט זייערע פילענישן: דעריבער קאָן דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות אָפּשאַצן יענע גרויסע אומפאַרגעסלעכע צייט. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

אין דער זעלביקער צייט זיינען געשטאַנען צוויי פאַרמאַכטע שליטלעך און איין פּשוטער שליטן לעבן דעם אַריינגאַנג פון דעם בעסטן מאָסקווער האָטעל. אַ יונגער מאַן איז אַריינגעלאָפן אין טיר הערוויסן זיך וועגן אַ וואוינונג. אַן אַלטער איז געזעסן אין שליטל מיט צוויי דאַמען און האָט גערעדט וועגן דעם, ווי אַזוי עס האָט

אויסגעזען קוזנעצקי=מאָסט פאַרן פראַנצויז. דאָס איז געווען דער המשך פון אַ שמועס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן ביים אַריינפאָר קיין מאָסקווע. און איצט האָט דער זקן מיט דער ווייסער באָרד אין אַ פונאַנדערגעשפּילטן פוטער רויק פאָרגעזעצט זיין שמועס אין שליטל, אַזוי ווי ער וואָלט כלומרשט געהאַט בדעה צו נעכטיקן אין דעם. די ווייב און טאָכטער האָבן געהערט, אָבער זיי האָבן געוואָרפן אויגן אויף דער טיר ניט אָן אומגעדולד. דער יונגער מאַן איז אַרויס פון טיר מיט אַ שווייצער און מיט אַ משרת פון די צימערן.

— נו, וואָס, סערגיי? — האָט געפרעגט די מוטער, אַרויסשטעלנדיק אויף דער שיין פון דער לאַמטערנע איר אויסגעמאַטערט פנים.

צי דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען זיין רגילות, צי כדי דער שווייצער זאָל צוליבן פעלצל ניט אָננעמען אים פאַר אַ לאָקיי, האָט סערגיי געענטפערט אויף פראַנצויזיש, אַז עס זיינען פאַראַן צימערן, און ער האָט אָפגעעפנט דאָס טירל. דער אַלטער האָט אין איין הרף=עין אַ בליק געטאָן אויפן זון און ווידער אַמאָל געווענדט זיך צו דער פינסטערער טיפקייט פונם שליטל, גלייך ווי דאָס איבעריקע איז אים ניט נוגע.

— דאָס טעאַטער איז נאָך ניט געווען.

— פיער! — האָט די ווייב געזאָגט אונטערקאַשערנדיק דעם מאַנטל; אָבער ער האָט ווייטער גערעדט:

— Madame שאַלמע איז געווען אויף טווערסקאַיאַ...

אין דער טיפעניש פונם שליטל האָט זיך דערהערט אַ יונגער, קלינגענדיקער געלעכטער.

— פאַפּאַ, גיי אַרויס, דו האָסט זיך אַזוי פאַררעדט.

דער אַלטער האָט גלייך ווי ערשט זיך געכאַפּט, אַז זיי זיינען שוין געקומען און האָט זיך אומגעקוקט.

— גיי=זשע אַרויס.

ער האָט אָנגערוקט דאָס היטל און אונטערגעביק גענומען אַרויסקריכן פונם שליטל. דער שווייצער האָט אים גענומען אונטער דער האַנט, נאָר איבערצייגט זיך, אַז דער אַלטער גייט נאָך זייער גוט,

האָט ער תיכּף פאָרגעלייגט זיין דינסט דער דאַמע. נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע האָט אים אי לויטן סויבל־פוטער, אי לויט דעם, ווי לאַנג זי איז אַרויסגעקראָכן, אי לויט דעם, ווי שווער זי האָט זיך אים אָנגעלייגט אויף דער האַנט, אי לויט דעם, ווי גלייך, ניט אומקוקנדיק זיך, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דעם זונס האַנט, זי איז אַוועק צום גאַניק, אויסגעוויזן זייער אַ באַדייטיקע. די באַרישניע האָט ער פון די דינסטמיידלעך, וועלכע זיינען געקראָכן פון דעם צווייטן וועגל, אַפילו ניט אונטערגעשיידט; פונקט ווי זיי, האָט זי אויך געטראָגן אַ פּעקעלע און אַ לולקע און איז געגאַנגען פון הינטן. בלויז לויטן געלעכטער און לויט דעם, וואָס זי האָט דעם אַלטן גערופן פאָטער, האָט ער זי דערקענט.

— ניט אַהין, פּאַפּאַ, — רעכטס! — האָט זי געזאָגט, אָפּשטעלנדיק אים פאַרן אַרבל פון טולופּ — אויף רעכטס!

און אויף די טרעפּ האָט זיך דורך דעם קלאַפּן פון די טריט, פון די טירן און דורך דעם שווערן אָטעמען פון דער באַיאָרנטער דאַמע געלאָזט הערן דערזעלביקער געלעכטער, וואָס האָט זיך געהערט אין שליטל, וואָס אַז עמעצער האָט אים ווען געהערט, האָט ער אַנדערש ניט ווי געטראַכט: אָט לאַכט זי וואויל, מקנא צו זיין.

דער זון, סערגיי, האָט זיך פאַרנומען מיט איינאָרדענען אַלע מאַטעריעלע באַדינגונגען אין וועג, און ער האָט זיך דערמיט פאַרנומען, הגם אָן קענטעניש, נאָר מיט דער איינגעשאַפטלעכער פאַר 25 יאָריקן עלטער ענערגיע און זעלבסטבאַפרידיקנדיקער טעטיקייט. אַ מאָל צוואַנציק, לפּחות, און דאַכט זיך אָן באַזונדער וויכטיקע סיבות איז ער אין איין מאַנטל אַראָפּגעלאָפן אונטן צום שליטן און איז אַרויפגעלאָפן צוריק אויבן, ציטערנדיק פון קעלט און היפּנדיק איבער צוויי און דריי טרעפּלעך מיט זיינע לאַנגע יונגע פיס. נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע האָט אים געבעטן ניט פאַרקילן זיך, אָבער ער האָט פאַרזיכערט, אַז ס'איז גאָרניט, און אַליין אָפּגעגעבן באַפעלן, קלאַפּנדיק מיט די טירן, און בשעת אַלץ איז שוין געבליבן נאָר פאַר דער דינערשאַפט און די פויערים, איז ער עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען אַלע צימערן, אַרויסגייענדיק פון גאַסטזאַל פון איין טיר און אַריינ־

גייענדיק פון דער אַנדער טיר, און האָט אַלץ געזוכט, וואָס נאָך אַזוינס זאָל ער טאָן.

— איז וואָס, פּאַפּאַ, וועסטו פאָרן אין באָד? דערוויסן זיך?

דער פּאַפּאַ איז געווען פאַרטראַכט, און האָט, דאַכט זיך, גאָר קיין חשבון זיך ניט אָפּגעגעבן דערפון, וואו ער געפינט זיך. ער האָט ניט גיך געענטפערט. ער האָט געהערט ווערטער און ניט פאַרשטאַנען. פלוצלונג האָט ער פאַרשטאַנען.

— יאָ, יאָ, יאָ, דערוויס זיך, איך בעט דיך, לעבן קאַמעני מאָסט.

דער ראש פון דער משפּחה איז מיט אַיילנדיקע, אויפגערעגטע טריט דורכגעגאַנגען די צימערן און האָט זיך געזעצט אין אַ פאָטעל.

— נו, איצט דאַרף מען באַשליסן, וואָס זאָל מען טאָן, אײַנ־אָרדענען זיך, — האָט ער געזאָגט. — העלפט, קינדער, לעבעדיק! ווי כוואַטעס! שלעפּט, שטעלט אויס, און מאָרגן שיקן מיר אַ בריוועלע און סעריאָזשען צו דער שוועסטער מאַריע איוואַנאָווגע, צו די ניקיטינס, אָדער מיר וועלן אַליין צופאָרן. יאָ, נאַטאַשע? און איצט — אײַנאָרדענען זיך.

— מאָרגן איז זונטאָג; איך האָף, קודם־כל וועסטו פאָרן צו דער מעסע, Pierre? — האָט די ווייב געזאָגט, שטייענדיק אויף די קני פאַר אַ קאַסטן און אָפּשליסנדיק אים.

— טאַקע זונטאָג! אומבאַדינגט פאָרן מיר אַלע אין דער אוספּעניע־קאַטעדראַלע. דערמיט וועט זיך אָנהייבן אונזער צוריקקער. גאָט מיינער! אַז איך דערמאָן מיך דעם טאָג, ווען איך בין דאָס לעצטע מאָל געווען אין דער אוספּעניע־קאַטעדראַלע!... געדענקסט, נאַטאַשע? נאָר ניט אום דעם גייט עס.

און דער ראש פון דער משפּחה איז אויפגעשטאַנען פון דעם פאָטעל, אויף וועלכן ער האָט זיך נאָר־וואָס געזעצט.

— און איצט דאַרף מען זיך אײַנאָרדענען.

און גאָרניט טוענדיק, איז ער אַרומגעגאַנגען פון איין צימער אין דעם צווייטן.

— איז ווי, מיר וועלן טרינקען טיי, אָדער דו ביסט מיד, ווילסט אָפּרוען?

— יאָ, יאָ, — האָט די ווייב געזאָגט, אַרויסבאַקומענדיק עפּעס פון קאַסטן, — דו האָסט דאָך געוואָלט גיין אין באָד.

— יאָ... אין מיין צייט זיינען זיי געווען לעבן קאָמענגי מאָסט. סעריאָזשע, גיי נאָר דערוויס זיך, צי זיינען נאָך פאַראַן בעדער לעבן קאָמענני מאָסט. אָט דאָס צימער וועל איך פאַרנעמען מיט סעריאָזשען. סעריאָזשע! דיר וועט דאָ גוט זיין? — אָבער סעריאָזשע איז אַוועק דערוויסן זיך וועגן די בעדער.

— ניין, אַלץ ניט גוט, — האָט ער ווייטער גערעדט, — דו וועסט ניט האָבן קיין דורכגאַנג גלייך אין גאַסטצימער. ווי מיינסטו, נאַטאַשע?

— דו באַרויק דיך, Pierre, דאָס אַלץ וועט זיך איינאָרדענען, — האָט נאַטאַשע געענטפערט פון דעם אַנדערן צימער, און וועלכן פריערים האָט אַריינגעטראָגן די זאַכן.

אָבער Pierre האָט זיך געפינען אונטער דער השפעה פון דעם געהויבענעם צושטאַנד, וואָס דאָס קומען צו פאָרן אויפן אָרט האָט אַרויסגערופן.

— דו זע נאָר, סעריאָזשעס זאַכן ניט מיש צונויף; אָט האָט מען זיינע סקיען אַוועקגעוואָרפן אין גאַסטצימער.... — און ער אַליין האָט זיי אויפגעהויבן און באַזונדער פאָרזיכטיק, גלייך ווי דערפון וואָלט אָפּהענגיק געווען די גאַנצע קומענדיקע אָרדענונג פון דער דירה, האָט ער זיי אַוועקגעשטעלט לעבן אושאַק און צוגעדריקט צו אים.

אָבער די סקיען האָבן זיך ניט צוגעקלעפּט, און ווי נאָר Pierre איז פון זיי אָפּגעטראָטן, זיינען זיי מיט אַ גערויש געפאַלן באַלכבון אין דער טיר. נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע האָט זיך אַ קרים און אַ טרייסל געטאָן, נאָר דערזעענדיק די סיבה פון דעם פאַלן, האָט זי געזאָגט:

— סאָניע, הייב אויף, מיין פריינד.

— הייב אויף, מיין פריינד, — האָט דער מאַן איבערגעחזרט,— און איך וועל גיין צום באַלעבאָס, אַנדערש וועט איר זיך ניט איינאָרדענען; מען דאַרף מיט אים וועגן אַלץ איבעררייידן.

— בעסער זאָל מען שיקן נאָך אים, Pierre. צוליב וואָס זאָלסטו זיך באַאומרויִקן?

Pierre האָט מסכּים געווען.

— כאָניע, טו אַ רוף דעם.... ווי רופט ער זיך? M-r Covalier. זיי אַזוי גוט. זאָג אים, אַז מיר ווילן וועגן אַליץ איבעררײדן.

— שעוואַליע, פּאַפּאַ, — האָט כאָניע געזאָגט און איז גרייט געווען צו גיין.

נאַטאַליע ניקאָלאַיעווגע, וועלכע האָט מיט אַ שטילן קול אָפּגעגעבן באַפעלן, מיט שטילע טריט אַרומגעגאַנגען פון איין צימער אין דעם צווייטן, אַמאָל מיט אַ קעסטל, אַמאָל מיט אַ ליולקע, אַמאָל מיט אַ קישן און פון דער קופּע באַגאַזש אומבאַמערקט יעדע זאַך אַוועקגעשטעלט אויף אַן אָרט, האָט באַוויזן, גייענדיק פאַרביי כאָניען, אַ שעפּטשע צו טאָן:

— ניט גיי אַליין, שיק אַ מענטשן.

ביז וואַנען דער מענטש איז געגאַנגען נאָך דעם באַלעבאָס, האָט פיער פאַרנוצט זיין פרייע צייט, כּדי מיט דעם אויסרייד צו העלפן דער ווייב, צעקנייטשן איר עפּעס אַ בגד און פאַרטשעפּען זיך אָן אַן אויסגעליידיקטן קאַסטן. אָנהאַלטנדיק זיך מיט דער האַנט אָן וואַנט, האָט דער דעקאַבריסט מיט אַ שמייכל זיך אַרומגעקוקט. די ווייב, האָט אויסגעוויזן, איז געווען אַזוי פאַרנומען, אַז זי האָט ניט באַמערקט, אָבער כאָניע האָט אויף אים געקוקט מיט אַזוינע לאַבעדיקע אויגן, אַז ס׳האָט אויסגעוויזן, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַ דערלויבעניש פונאַנדערצולאַכן זיך. ער האָט איר גערן געגעבן די דאָזיקע דערלויבעניש, אַליין צעלאַכנדיק זיך מיט אַזאַ גוטמוטיקן געלעכטער, אַז אַלע, ווער עס איז געווען אין צימער, פון דער ווייב ביז דער דינסטמיידל און דעם פויער, האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט. דער דאָזיקער געלעכטער האָט נאָך מער באַגייסטערט דעם אַלטן; ער האָט געפונען, אַז דער דיוואַן אין דער ווייבס און דער טאָכטערס צימער שטייט ניט באַקוועם פאַר זיי, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן געטענהט דעם היפּוך און געבעטן אים באַרויִקן זיך. אין דער זעלביקער צייט, ווען ער האָט מיט די אייגענע הענט געפּרווט צוזאַמען

מיט דעם פויער אַריבערשלעפּן דעם דאָזיקן מעבל־שטיק, איז אין צימער אַריין דער באַלעבאָס דער פראַנצויז.

— איר האָט מיך גערופן, — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט שטרענג, און אַלס באַווייז אויב ניט פון פאַראַכטונג איז פון גלייכגילטיקייט, האָט ער לאַנגזאַם אַרויסגענומען זיין טאַשנטיכל, לאַנגזאַם פונאַנדערגענומען עס און לאַנגזאַם אויסגעשנייצט די נאָז.

— יאָ, מיין ליבער פריינד, — האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש געזאָגט אָנגרייפנדיק אים, — פאַרשטייט איר מיך, מיר ווייסן אַליין ניט, ווי לאַנג מיר וועלן דאָ פאַרבלייבן, איך און מיין ווייב... און פּיאָטר איוואַניטש, וועלכער האָט געהאַט די שוואַכקייט אין יעדן מענטשן צו זען אַ נאָענטן, האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיינע אומשטענדן און פּלענער.

הער Chevalier האָט ניט געהאַט אַזאַ בליק אויף מענטשן און האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט די ידיעות, וואָס פּיאָטר איוואַניטש האָט אים מודיע געווען, נאָר די גוטע פראַנצויזישע שפּראַך, אויף וועלכער פּיאָטר איוואַניטש האָט גערעדט (די פראַנצויזישע שפּראַך איז עפּעס אַ מין מדרגה אין רוסלאַנד) און די פּריצישע פּאָסטעמקעס זיינע האָבן אים גענייט אַ ביסל צו העכערן די מיינונג וועגן די ניי־געקומענע.

— מיט וואָס קען איך אייך דינען? — האָט ער געפרעגט.

די דאָזיקע פראַגע איז פאַר איוואַן פּעטראָוויטשן ניט געווען קיין שווערע. ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין פאַרלאַנג צו האָבן צימערן, טיי, אַ סאַמאָוואַר, אָוונטברויט, מיטאָג, שפּייז פאַר דער דינערשאַפט, — מיט איין וואָרט, די זאַכן גופא, צוליב וועלכע האָטעלן עקסיסטירן, און אַז הער Chevalier, אַ פאַרוואונדערטער פון דעם זקנס נאַיוויקייט, וועלכער מיינט מסתמא, אַז ער געפינט זיך אין דעם טורוכמענער סטעפּ, אָדער, אַז די אַלע זאַכן וועלן אים געגעבן ווערן אומזיסט, — האָט געמאָלדן, אַז מען קאָן דאָס אַלץ האָבן, איז פּיאָטר איוואַניטש אַריין אין התפּעלות.

— אָט דאָס איז פיין! זייער גוט! וועלן מיר טאַקע אַזוי מאַכן. נו, בעט איך אייך... נאָר ער האָט זיך אָנגעהויבן צו שעמען, וואָס ער רעדט אַלץ וועגן זיך, און האָט אָנגעהויבן אויסצופרעגן דעם

דער Chevalier וועגן זיין משפחה און זיינע עסקים. סערגיי פּעטראָ־וויטש האָט, אומקערנדיק זיך אין צימער, אָפּנים ניט מסכּים געווען מיט דעם טאָטנס באַגיין זיך מיט מענטשן; ער האָט באַמערקט דעם ווירטס אומצופרידנהייט, און האָט דערמאָנט אָן דער באָד. אָבער פּיאָטר איוואַניטש איז געווען פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע, ווי אַזוי האָט געקענט עקסיסטירן אַ פראַנצויזישער האָטעל אין מאָסקווע אין 56טן יאָר, און ווי האָט פאַרבראַכט די צייט madame Chevalier. לסוף האָט זיך דער באַלעבאָס אַליין פאַרנייגט און געפרעגט, צי ווערט ניט זיין עפּעס אַ באַפעל.

— מיר וועלן טרינקען טיי, נאַטאַשע? יאָ? איז טיי, כ׳בעט אייך, און מיר וועלן נאָך שמועסן, מיין ליבער monsieur. ס׳איז אַ וואוי־לער מענטש!

— און אין באָד אַריין, פּאַפּאַ?

— אַך, יאָ, דאַרף מען קיין טיי ניט. — אַזוי אַז אויך דעם איינציקן רעזולטאַט פון דעם שמועס מיט דעם ניי־אָנגעקומענעם האָט דער ווירט פאַרלאָרן. דערפאַר איז איצט פּיאָטר איוואַניטש געווען שטאָלץ און גליקלעך מיט זיין איינאָרדענען זיך. די שמייסער, וועלכע זיינען געקומען בעטן אויף בראַנפן, האָבן אים געהאַט צערודערט דער־מיט, וואָס סעריאָזשע האָט ניט געהאַט קיין קליינגעלט, און פּיאָטר איוואַניטש האָט שוין ווידער געוואָלט שיקן נאָך דעם באַלעבאָס, אָבער דער גליקלעכער געדאַנק, אַז ניט נאָר ער אַליין דאַרף זיין גליקלעך אין דעם טאָג, האָט אים אַרויסגעפירט פון דער שווערער לאַגע. ער האָט גענומען צוויי דריירובלדיקע פּאַפּירלעך, און אַריינ־רוקנדיק איין שמייסער אין האַנט איין דריירובלדיקן, האָט ער גע־זאָגט: „דאָס איז אייך“ (פּיאָטר איוואַניטש האָט געהאַט אַ טבע אַלעמען אָן אויסנאַם צו זאָגן „איר“, חוץ די מיטגלידער פון זיין משפּחה); „און דאָס איז אייך“, האָט ער געזאָגט, איבערגעבנדיק דעם צווייטן שמייסער דאָס פּאַפּירל פון דלאָניע אין דלאָניע אַריין, אַ שטייגער ווי מען טוט עס, צאָלנדיק דאָקטוירים פאַר אַ וויזיט. נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעטאָן די אַלע עסקים, האָט מען אים אַוועק־געפירט אין באָד אַריין.

סאָניע האָט אַזוי, ווי זי איז געזעסן אויפֿן דיוואַן, אונטער־געשטעלט די האַנט אונטערן קאָפּ און זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

— אַך, ווי גוט, מאַמע! אַך, ווי גוט! — נאָכדעם האָט זי אַוועקגעלייגט די פֿיס אויפֿן דיוואַן, אַ ביסל אויסגעצויגן זיך, פֿאַרריכט זיך און איז אַזוי אַנטשלאָפֿן געוואָרן מיט אַ שטאַרקן שטילן שלאָף פֿון אַ געזונטער 18־יאָריקער מיידל נאָך אַ אַנדערטהאַלבן־חדשימדיקן וועג. נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע, וועלכע האָט נאָך אַלץ געפּאָרעט זיך אין איר שלאָפֿצימער, האָט דערהערט, אַפּנים מיטן מוטערלעכן אויער, אַז סאָניע רירט זיך ניט, איז זי אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טאָן. זי האָט גענומען די קישן, און אויפֿגעהויבן מיט איר גרויסער ווייסער האַנט דעם פֿאַררויטלטן צעפּלאָנטערטן קאָפּ פֿון דער מיידל און אַוועקגעלייגט אים אויפֿן קישן. סאָניע האָט טיף־טיף אָפּגעזיפֿצט, אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפֿן קישן, ניט געזאָגט merci, גלייך ווי דאָס וואָלט זיך אַליין פֿון זיך אָפּגעטאָן.

— ניט אויף דיר, ניט אויף דיר, גאַוורילאָוונע, קאַטיע! — האָט נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע גלייך אָנגעהויבן צו ריידן, ווענדנדיק זיך צו די מיידלעך, וועלכע האָבן געבעט אַ געלעגער, און מיט איין האַנט, גלייך ווי פֿאַרבייגייענדיק, פֿאַרריכט דער טאָכטערס צעפֿאַלענע האָר. ניט אָפּשטעלנדיק זיך און ניט אײַלנדיק זיך, האָט נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע צוגעקליבן, און ביז דער מאַן מיטן זון זיינען געקומען צו פֿאָרן, איז אַלץ געווען פֿאַרטיק; קיין קאַסטנס זיינען שוין ניט געווען אין די צימערן; אין פּיערס שלאָפֿצימער איז אַלץ געווען אַזוי, פּונקט ווי צענדליגגער יאָרן אין אירקוטסק: דער שלאָפֿראָק, די ליולקע, די טאַבאַק־פּושקע, וואַסער מיט צוקער, די עוואַנגעליע, וועלכע ער האָט געלייענט אויף דער נאַכט, און אַפֿילו אַ הייליק בילד איז צוגעשטשעפּעט געווען עפּעס איבערן בעט אויף די רייכע טאַפּעטן פֿון די צימערן ביי שעוואַליע, וואָס האָט זיך ניט באַנוצט מיט דער דאָזיקער צירונג, וועלכע האָט זיך אָבער באַוויזן היינטיקן אָוונט אין אַלע צימערן פֿון דער 3טער אָפּטיילונג פֿונם האָטעל.

צוגעקליבן, האט נאטאליע ניקאלאיעוונע געבראכט אין ארדענונג אירע ריינע, ניט געקוקט אויפן וועג, קעלנערלעך און מאנזשעטלעך, האט זיך פארקעמט און געזעצט אנטקעגן טיש. אירע שיינע שווארצע אויגן האבן זיך אויסגעשטעלט ערגעץ אינדערוויט; זי האט געקוקט און אפגערוט. ס'האט אויסגעוויזן, אז זי האט אפגערוט ניט נאר פונם פונאנדערלייגן די זאכן, ניט נאר פונם וועג, ניט נאר פון די שווערע יארן, — זי האט אפגערוט, האט עס אויסגעוויזן, פון דעם גאנצן לעבן, און די ווייטקייט, אין וועלכער זי האט געקוקט, אויף וועלכער עס האבן זיך פאר איר פארגעשטעלט לעבעדיקע געליבטע געזיכטער, דאס איז טאקע געווען יענע רו, וועלכע זי האט פארלאנגט. צי איז עס געווען די העלדישקייט פון דער ליבע, וואס זי האט ארויסגעוויזן צוליב איר מאן, צי די ליבע, וועלכע זי האט געשפירט צו די קינדער, ווען זיי זיינען געווען קליינע, צי דאס איז געווען א שווערע אבדה, אדער דאס איז געווען די באזונדערהייט פון איר כאראקטער, נאר יעדער האט א קוק טוענדיק אויף דער פרוי געמוזט פארשטיין, אז פון איר איז שוין ניטא וואס צו ווארטן, אז זי האט שוין לאנג אמאל אריינגעלייגט זיך אינגאנצן אין לעבן און אז מער איז פאר איר ניט פארבליבן. עס איז געבליבן נאר עפעס אזוינס, וואס פארדינט אכטונג, שיינס און טרויעריקס, ווי א ערינערונג, ווי לבנה־שיין.

מען האט זיך ניט געקענט פארשטעלן זי אנדערש, ווי ארומגערינגלט מיט כבוד און מיט אלע באקוועמלעכקייטן פון לעבן. אז זי זאל אמאל זיין הונגעריק, און עסן מיט גייציקייט, אדער אז אויף איר זאל זיין שמוציק וועש, אדער אז זי זאל פאלן, אדער פארגעסן אויסשנייצן די נאז, — דאס האט מיט איר ניט געקענט געשען. דאס איז געווען פיזיש אוממעגלעך. פארוואס איז עס אזוי געווען, ווייס איך ניט, נאר יעדע באוועגונג אירע איז געווען געהויבנקייט, גראציע, חסד פאר די אלע, וואס האבן געקענט אויף איר קוקן...

Sie pflegen und weben
Himmlische Rosen ins irdische Leben.

זי האָט געקענט דעם פערז און האָט אים ליב געהאַט, האָט זיך אָבער ניט געפירט לויט אים. די גאַנצע נאַטור אירע איז געווען דער אויסדרוק פון דעם דאָזיקן געדאַנק, דאָס גאַנצע לעבן אירס איז געווען איינס אַזאַ אומבאַוואוסטזיניק אַריינפלעכטן ניט־זעבאַרע רויזן אין דעם לעבן פון אַלע מענטשן, מיט וועלכע זי האָט זיך באַגעגנט. זי איז געפאָרן נאָכן מאַן קיין סיביר נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט אים ליב געהאַט. זי האָט ניט געטראַכט וועגן דעם, וואָס קאָן זי טאָן פאַר אים, און האָט ניט ווילנדיק געטאָן אַליין: געבעט אים דעם געלעגער, איינגעלייגט זיינע זאַכן. געגרייט מיטאָג און טיי, און דער עיקר — אַלעמאָל געווען דאָרט, וואו ער איז געווען, און מער גליק וואָלט קיין שום פרוי ניט געקענט געבן איר מאַן.

אין גאַסטזאַל האָט דער סאַמאָוואַר געזאָטן אויף אַ קיילעכיקן טיש. אַנטקעגן אים איז געזעסן נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע. סאָניע האָט זיך געקנייטשט און געשמייכלט אונטער דער מוטערס האַנט, וועלכע האָט זי געקיצלט, בעת דער פאָטער און דער זון זיינען מיט צעקנייטשטע שפיצן פון די פינגער און מיט גלאַנציקע באַקן און שטערנס (ביים פאָטער האָט באַזונדער געגלאַנצט דער פליך), מיט צעפלאָסענע ווייסע און שוואַרצע האָר און מיט שיינענדיקע פנימער אַריין אין צימער.

— ס'איז ליכטיקער געוואָרן, אַז איר זייט געקומען, — האָט נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע געזאָגט. — טאַטעלעך, ס'אַר אַ ווייסקייט! — זי האָט עס געזאָגט צענדלינגער יאָרן יעדן שבת, און יעדן שבת האָט פיער דערביי געשפירט אַ שעמעוודיקייט און אַ פאַרגעניגן. זיי האָבן זיך געזעצט ביים טיש, ס'האָט גענומען שמעקן מיט טיי, ליולקע, ס'האָבן אָנגעהויבן ריידן די שטימען פון די עלטערן, פון די קינדער און פון די באַדינער, וועלכע האָבן אין דעם זעלביקן צימער באַקומען זייערע קריגעלעך. מ'האָט דערמאָנט דאָס קאָמישע, וואָס האָט פּאַסירט אין וועג, מ'איז נתפעל געוואָרן פון סאָניעס פריזור, מען האָט געלאַכט. געאָגראַפיש זיינען זיי אַלע געווען אַריבערגעטראָגן פאַר 5000 וויאָרסט אין גאָר אַן אַנדערער פרעמדער סביבה, אָבער מאָראַליש זיינען זיי נאָך דעם דאָזיקן אָוונט געווען אינדערהיים.

די זעלביקע, פאַר וועלכע עס האָט זיי געמאַכט זייער באַזונדער לאַנג פאַרייניזאַמט משפחה־לעבן. מאָרגן וועט עס שוין ניט זיין.

פּיאָטר איוואַניטש האָט זיך צוגעזעצט צום סאַמאָוואַר און פאַררויכערט זיין ליולקע. ער איז געווען ניט פריילעך.

— נו, זיינען מיר געקומען, — האָט ער געזאָגט, — און איך בין צופרידן, וואָס מיר וועלן היינט קיינעם ניט זען; דעם אָוונט דעם לעצטן וועלן מיר נאָך פאַרברענגען אין דער משפחה. — און ער האָט די דאָזיקע ווערטער פאַרטרונקען מיט אַ גרויסן זופּ טיי.

— פאַרוואָס עפּעס דעם לעצטן, פּיער? —

— פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס די יונגע אָדלערלעך וועלן זיך אויס־לערנען פליען, זיי דאַרפן אַליין פלעכטן פאַר זיך נעסטן... און פונדאַנען וועלן זיי אַוועקפליען יעדער אין זיין זייט...

— אָט נאַרישקייטן, — האָט געזאָגט סאָניע, צונעמענדיק ביי אים די גלאָז און שמייכלענדיק, ווי זי האָט אויף אַלץ געשמייכלט: — דער אַלטער נעסט איז אַן אויסגעצייכנטער.

— דער אַלטער נעסט איז אַן אומעטיקער נעסט; דער אַלטער האָט אים ניט געקענט אויספלעכטן, — ער איז אַריינגעפאַלן אין שטייג, אין שטייג אויסגעפירט קינדער, און מען האָט אים אַרויסגע־לאָזן דעמאָלט, ווען זיינע פליגל האָבן שוין אָנגעהויבן שלעכט צו טראָגן. ניין, די יונגע אָדלערלעך דאַרפן זיך אויספלעכטן אַ נעסט העכער, גליקלעכער, נעענטער צו דער זון; דערפאַר זיינען זיי דאָך זיינע קינדער, אַז זיין ביישפיל זאָל זיי קענען דינען. און דער אַל־טער — כל־זמן ער וועט ניט בלינד ווערן — וועט ער קוקן, און אַז ער וועט בלינד ווערן, וועט ער הערן... גיב אַן ראָם, נאָך, נאָך... ...ענוג.

— מיר וועלן זען, ווער וועמען וועט פאַרלאָזן, — האָט גע־ענטפערט סאָניע, שנעל אַ בליק טוענדיק אויף דער מוטער, גלייך ווי איר וואָלט געווען אַ חרפה צו ריידן פאַר איר, — מיר וועלן זען, ווער וועמען וועט פאַרלאָזן, — האָט זי פאַרגעזעצט, — פאַר מיר האָב איך קיין מורא ניט, און פאַר סעריאָזשען אויך (סע־ריאָזשע איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער און האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי זאָל ער מאָרגן באַשטעלן זאַכן, צי זאָל ער אַליין גיין,

צי זאָל ער שיקן נאָך אַ שניידער; אים האָט סאָניעס שמועס מיטן פּאַטער ניט אינטערעסירט). סאָניע האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— וואָס איז? וואָס? — האָט דער פּאַטער געפרעגט.

— דו ביסט יינגער פאַר אונז, פּאַפּאַ, אַ פּולע, באמת, — האָט זי געזאָגט און ווידער זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— ווי געפעלט עס דיר? — האָט דער אַלטער געזאָגט און די שטרענגע קנייטשן זיינע האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט אין אַ צערט-לעכן און צוזאַמען דערמיט פּאַראַכטלעכן שמייכל.

נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע האָט זיך אָנגעבויגן פון הינטערן סאַמאָ-וואַר, וועלכער האָט איר געשטערט צו זען דעם מאַן.

— סאָניע איז גערעכט, דיר איז נאָך אַלץ 16 יאָר, פּיער. סעריאָזשע איז יינגער מיט די געפילן, אָבער מיט דער נשמה ביסטו יינגער פאַר אים. וואָס ער וועט טאָן, דאָס קען איך פאָר-אויסזען, אָבער דו קענסט מיך נאָך פאַרוואונדערן.

צי האָט ער זיך מודה געווען אין דער ריכטיקייט פון דער דאָזיקער באַמערקונג, אָדער געחנפעט פון איר, האָט ער ניט גע-וואוסט, וואָס צו ענטפערן. דער אַלטער האָט שווייגנדיק געדוי-כערט, פּאַרטרונקען מיט טיי און נאָר געגלאַנצט מיט די אויגן. סע-ריאָזשע אָבער, מיט דעם אייגנשאַפטלעכן פאַר דער יוגנט עגאָיזם, האָט זיך, ערשט נאָר אַ פּאַראינטערעסירטער מיט דעם, וואָס מען האָט וועגן אים געזאָגט, אריינגעמישט אין שמועס און באַשטעטיקט, אַז ער איז באמת אַלט, אַז דער אָנקומען קיין מאָסקווע און דאָס נייע לעבן, וואָס עפנט זיך פאַר אים אָפּ, פרייט אים גאָרניט, אַז ער באַטראַכט רויק און רעכנט אויס, וואָס עס וועט זיין.

— פּאָרט דער לעצטער אָוונט, — האָט פּיאָטר איוואַניטש אי-בערגעחזרט. מאָרגן וועט עס שוין ניט זיין... און ער האָט זיך צוגעגאָסן נאָך ראָם. און לאַנג נאָך איז ער געזעסן ביים טיי-טיש מיט אַזאַ אויסזען, גלייך ווי אים וואָלט זיך פיל געוואָלט זאָגן, נאָר עס ניט געווען, ווער עס זאָל הערן. ער האָט געהאַט צוגערוקט צו זיך דעם ראָם, אָבער די טאָכטער האָט בשתיקה אַוועקגעטראָגן דאָס פלעשל.

---

# קאַפּיטל II

בעת הער שעוואַליע, וועלכער איז געגאַנגען אויבן אײַנאָרדענען די געסט, האָט זיך אומגעקערט צו זיך און מיטגעטיילט זײַנע באַמערקונגען וועגן די נײַגעקומענע פּאַר זײַן לעבנספּריינדין, וועלכע איז אין שפּיצן און אין אַ זײַדן קלייד געזעסן, אויפן פּאַריזער שטײַגער, הינטער דעם פּולט, זײַנען אין דעם זעלביקן צימער געזעסן עטלעכע שטענדיקע באַזוכער פון דער אַנשטאַלט. זייענדיק אונטן, האָט סעריאָזשע באַמערקט ס׳דאָזיקע צימער מיט זײַנע באַזוכער. איר האָט עס זיכער אויך באַמערקט, אויב איר זײַט געווען אין מאָסקווע.

אויב איר, אַ באַשיידענער מאַנסביל וואָס קען ניט מאָסקווע, האָט פאַרשפּעטיקט אויף אַן אײַנגעלאַדענעם מיטאָג, איר האָט אַ טעות געהאַט אין חשבון, אַז די גאַסטפרײַנדלעכע מאָסקוויטער וועלן אײַך רופן אויף מיטאָג און מען האָט אײַך ניט גערופן, אָדער, פּשוט, איר ווילט אָפּעסן אַ מיטאָג אין דעם בעסטן האָטעל, — קומט איר אַרײַן אין צימער פון די לאָקייען. דרײַ אָדער פיר לאָקייען שפּרינגען אויף, איינער פון זיי נעמט פון אײַך אַראָפּ דעם פוטער און גיט אײַך אָפּ אַ ווינטשעוואַניע צו נײַ־יאָר, צו פוטער־וואָך, צו אײַער קומען צו פאָרן, אָדער פּשוט ער מאַכט אַ באַמערקונג וועגן דעם, אַז איר זײַט שוין דאָ לאַנג ניט געווען, הגם איר זײַט קיינמאָל אין דער אַנשטאַלט ניט געווען. איר גייט אַרײַן, און דאָס ערשטע וואַרפט זיך אײַך אין די אויגן אַ געדעקטער טיש, וועלכער איז אָנגעשטעלט, ווי עס ווײַזט אײַך אויס אין דער ערשטער רגע, מיט אַפּעטיטיקע מאַכלים אָן אַ שיעור. אָבער דאָס איז בלויז אַן אָפּטישע גענאַרטקייט, ווײַל אויף דעם דאָזיקן טיש פאַרנעמען דעם גרעסטן אָרט פאַזאַנען אין פעדערן, ים־קרעפּסן ניט־געקאָכטע, קעסטלעך מיט פּערפומע, שמעקעדיקע שמירעכץ, און פלעשעלעך מיט קאָסמעטיק און מיט קאָנפעקטן. בלויז בײַם ברעג, ווען מען זאָל גוט אַ זוך טאָן, קאָן מען געפינען בראַנפן און אַ שטיקל ברויט מיט פוטער און אַ פישל אונטער אַ דראָטענער נעץ צוליב די פליגן,

וואָס איז לחלוטין אומנוצלעך אין מאָסקווע אין חודש דעצעמבער, אָבער דערפאַר פונקט אַזאַ, ווי מען געברויכט אין פּאַריז. ווייטער, הינטערן טיש, זעט איר אַנטקעגן זיך אַ צימער, וואו עס זיצט פאַרן פולט אַ פראַנצויזין פון זייער אַ דערווידערדיקן אויסזען, נאָר אין די ריינסטע מאַנזשעטלעך און אין אַ פּראַכטפולסטן מאָדישן קלייד. לעבן דער פראַנצויזין וועט זיך אײַך פאָרשטעלן אַ פונאַנדערגעשפּילעטער אָפיציר, וואָס בייסט צו מיט אַ ביסל בראַנפן, אַ ציווילער, וואָס לייענט אַ צייטונג, און עמעצנס מיליטערישע, אָדער ציווילע פיס, וועלכע ליגן אויף אַ סאַמעטענעם שטול; און עס וועט זיך דערהערן אַ פראַנצויזיש ריידן און אַ מער אָדער ווייניקער אויפריכטיקער הויכער לאַכן. אויב אײַך וועט זיך פאַרוועלן וויסן, וואָס טוט זיך אין דעם צימער, וואָלט איך אײַך געראָטן ניט אַריינצוגיין אַהין, נאָר אַריינצובליקן, גלייך ווי פאַרבייגייענדיק, כּדי צו נעמען אַ טערטל. אַניט וועט אײַך קיין געזונט ניט צוקומען פון דעם פרעגנדיקן שווייגן און פון די בליקן, וועלכע עס וועלן אויף אײַך אויסשטעלן די געוויינלעכע אײַנוואוינער פון דעם דאָזיקן צימער, און מסתמא וועט איר, ווי אַן אָפּגעשמיסענער, גיכער אַוועקאײַלן צו איינעם פון די טישן אין גרויסן זאַל, אָדער אין ווינטער-סאָד. אין דעם וועט אײַך קיינער ניט שטערן. די טישן זיינען פאַר אַלעמען, און דאָרט אין דער איינזאַמקייט קאָנט איר אָנרופן דעם גאַרסאָן און באַשטעלן טריפלעך וויפיל אײַער האַרץ געלוסט. אָבער דאָס צימער מיט דער פראַנצויזין עקסיסטירט נאָר פאַר דער אויסדערוויילטער, גאָלדענער מאָסקווער יוגנט, און אַריינפאַלן אין דער צאָל פון די אויסדערוויילטע איז ניט אַזוי לייכט, ווי אײַך דאַכט זיך.

אומגעקוקט זיך אין דעם דאָזיקן צימער, האָט הער שעוואַליע געזאָגט דער ווייב, אַז דער הער פון סיביר איז אַ לאַנגווייליקער, אָבער דערפאַר זיינען דער זון און די טאָכטער כוואַטעס אַזוינע, וועלכע נאָר סיביר האָט געקענט אויסהאָדעווען.

— איר וואָלט אַ בליק געטאָן אויף דער טאָכטער — סאַר אַ קנאָספּ דאָס איז!

— אָ! ער האָט ליב פֿרישינקע פֿרויען, דער דאָזיקער זקן, — האָט געזאָגט איינער פֿון די געסט, וועלכער האָט געדריבלערט אַ ציגאַר (דער שמועס איז פֿאָרגעקומען, פֿאַרשטייט זיך, אין פֿראַנצויזיש, נאָר איך גיב אים איבער אויף רוסיש, אַזוינס וואָס איך וועל בסדר טאָן אין משך פֿון דער דאָזיקער געשיכטע).

— אָ! כ'האָב זייער ליב! — האָט הער שעוואַליע געענטפֿערט. — פֿרויען — דאָס איז מיין ליידנשאַפֿט... איר גלויבט ניט?

— איר הערט, m-me Chevalier! — האָט אַ געשריי געטאָן אַ דיקער קאָזאַקן־אָפֿיציר, וועלכער איז פֿיל שולדיק געווען אין דער אַנשטאַלט און האָט ליב געהאַט צו שמועסן מיטןווירט.

— ער האָט אַזאַ געשמאַק, פּונקט ווי איך, — האָט Chevalier געזאָגט, אַ צופּ טוענדיק דעם גראָבאַטש פֿאַר דעם עפּאָלעט.

— און באמת, טאַקע אַ שיינע די דאָזיקע סיבירערין?

Chevalier האָט צונויפֿגעלייגט די פֿינגער און אַ קוש געטאָן זיי.

גלייך נאָך דעם איז דער שמועס צווישן די באַזוכער געוואָרן אַ קאָנפֿידענציעלער און זייער אַ פֿריילעכער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם גראָבאַטש. ער האָט שמייכלענדיק געהערט, וואָס מען האָט וועגן אים דערציילט.

מען קאָן דען האָבן אַזאַ קאַליעטשעטן געשמאַק — האָט איינער גענומען שרייען דורך געלעכטער. — M-lle Clarisse! כטרוגאָוו האָט פֿון פֿרויען אַממערסטן ליב הינערשע פּאָלקעס!

הגם זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען די זאַלץ פֿון דער דאָזיקער באַמערקונג, האָט M-lle Clarisse הינטער דעם פּולט זיך צעגאָסן מיט אַ געלעכטער, אַזאַ זילבערדיקן, אויף וויפֿיל עס האָבן איר ערלויבט די שלעכטע ציין אין דער באַיאָרנטער עלטער. — די סיבירער פֿריילין האָט אים אַרויפֿגעפֿירט אויף די דאָזיקע מחשבות? — און אַלע האָבן זיך נאָך מער פֿונאַנדערגעלאַכט. M-r Chevalier אַליין איז געשטאָרבן פֿון געלעכטער, איבערחזרנדיק:

— Ce vieux coquin, — און גלעטנדיק איבערן קאָפּ און איבער די אַקסלען דעם קאָזאַקישן אָפֿיציר.

— ווער זיינען זיי עס, די דאָזיקע סיבירער — פאַבריקאַנטן, צי סוחרים? — האָט איינער פון די הערן געפרעגט, בעת דער געלעכטער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— ניקיט! פרעגט ביי די הער, וואָס געקום צו פאָר, אַ פּאַס־פּאָרט, — האָט m-r Chevalier געזאָגט. — „מיר אַלעקסאַנדער, זעלבסט־הערשער“, — האָט שעוואַליע געהאַט אָנגעהויבן צו לייענען דעם געבראַכטן פּאַספּאָרט, נאָר דער קאָזאַקישער אָפיציר האָט ביי אים אַרויס־געריסן דאָס פּאַפּיר, און זיין געזיכט האָט פּלוצלונג אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג.

— נו, טרעפט, ווער איז עס? — האָט ער געזאָגט, — און אַלע האָט איר כאָטש געהערט וועגן אים.

— נו, ווי אַזוי־זשע זאָלן מיר טרעפן, באַווייז. נו, אַבדעל קאַדור. כאַ, כאַ, כאַ. נו, קאַליאָבטראָ.... נו, פּיאָטר דער III... כאַ, כאַ, כאַ.

— לייען־זשע איבער!

דער קאָזאַקישער אָפיציר האָט פונאַנדערגענומען דאָס פּאַפּיר, איבערגעלייענט: „געוועזענער פירשט פּיאָטר איוואַנאָוויטש“ און איינע פון יענע רוסישע פאַמיליעס, וועלכע יעדער קען, און יעדער רעדט אַרויס מיט געוויסער אַכטונג און פאַרגעניגן, אויב ער רעדט וועגן אַ פּערזאָן, וואָס טראָגט די פאַמיליע, ווי וועגן אַ פּערזאָן אַ נאָענטער אָדער אַ באַקאַנטער. מיר וועלן אים אָנרופן לאַבאַזאָוו. דער קאָזאַקישער אָפיציר האָט עפּעס ניט קלאָר געדענקט, אַז דער פּיאָטר לאַבאַזאָוו איז מיט עפּעס געווען באַרימט אין 25סטן יאָר, און אַז ער איז געווען פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע, נאָר מיט וואָס איז ער געווען באַרימט, האָט ער ניט געוואוסט. אַנדערע האָבן אַפילו דאָס אויך ניט געוואוסט און האָבן געענטפערט: „אָ! יאָ, דער באַוואוס־טער“, פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטן געזאָגט „ווי דען, דער באַוואוס־טער!“ וועגן שעקספּירן, וועלכער האָט אָנגעשריבן די ענעידע. דער עיקר האָבן זיי אָבער דערפון, וואָס דער גראָבאַטש האָט זיי דער־קלערט, דערקענט, אַז ער איז אַ ברודער דעם פירשט איוואַן, אַ פעטער — די טשיקינס, דער גרעפין פּרוק, נו, דער באַוואוסטער...

— ער דאַרף דאָך זיין זייער רייך, אויב ער איז פירשט איוואַנס ברודער, — האָט באַמערקט איינער פון די יונגע. — אויב מען האָט אים אומגעקערט דעם פאַרמעגן. אייניקע האָט מען אומגעקערט.

—וויפיל זיי זיינען איצט אָנגעפאָרן, די דאָזיקע פאַרשיקטע: — האָט אַ צווייטער באַמערקט. — באמת, מען האָט זיי דאַכט זיך ווייניקער פאַרשיקט, איידער עס זיינען געקומען צוריק. יאָ, זשיקינסקי, דערציילט אָקאָרשט די געשיכטע פאַרן 18טן, — האָט ער זיך געווענדט צו אַן אָפיציר פון שיכער-פאָלק, וועלכער האָט געשמט פאַר אַ מעטער צו דערציילן געשיכטעס.

— נו, דערציילט שוין.

— ערשטנס איז עס אַן אמתער אמת, און ס׳איז געשען דאָ ביי שעוואַליע אין דעם גרויסן זאַל. ס׳זיינען געקומען אַ מאַן דריי דעקאַבריסטן מיטאָג עסן. זיצן זיי ביי איין טיש, עסן, טרינקען, שמועסן. ערשט אַנטקעגן זיי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ הער פון אַזאַ פאָרנעמען אויסזען, אויך אין די זעלביקע יאָרן, און הערט זיך אַלץ איין, ווי זיי דערציילן עפעס וועגן סיביר. באַלד האָט ער עפעס געשטעלט אַ פראַגע, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, מען האָט זיך פונאַנדערגערעדט, ווייזט זיך אַרויס, ער איז אויך פון סיביר.

— און נערטשינסק קענט איר?

— ווי דען, איך האָב דאָרטן געוואוינט.

— און טאַטיאַנע איוואַנאָוונען קענט איר?

— ווי זי זאָל איך זי ניט קענען!

— דערלויבט מיר פרעגן: איר זייט אויך געווען פאַרשיקט?

— יאָ, געהאַט דאָס אומגליק צו ליידן, און איר?

— מיר אַלע זיינען פאַרשיקטע פון 14טן דעקאַבער. מאָדנע, וואָס מיר קענען אייך ניט, אויב איר זייט אויך פאַר דעם 14טן. דערלויבט צו פרעגן, ווי איז אייער פאַמיליע?

— פעדאָראָוו.

— אויך פאַר דעם 14טן?

— ניין, איך בין פאַר דעם 18טן.

— ווי פאַרן 18טן?

— פאַרן 18טן סענטיאַבער, פאַר אַ גאָלדענעם זייגער. מ'האָט אַרויפגעוואָרפן אויף מיר אַ בילבול, כלומרשט איך האָב צוגעגנבעט, און איך האָב אומשולדיק געליטן.

אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן קייקלען פון געלעכטער, חוץ דעם דערציילער, וועלכער האָט קוקנדיק מיט זייער אַן ערנסטן פנים אויף די צוהערער, וועלכע ער האָט ווי אונטערגעהאַקטע צעלייגט אויף דער ערד, געשוואָרן זיך, אַז דאָס איז געווען אַן אמתע געשיכטע.

תיכף נאָך דער דערציילונג איז איינער פון די גאָלדענע יונגעלייט אויפגעשטאַנען און איז אַוועקגעפאָרן אין קלוב. דורכגעגאַנגען זיך איבער די זאַלן, וועלכע זיינען געווען פאַרשטעלט מיט טישן מיט אַלטיטשקע, וואָס האָבן געשפילט אין יעראַלאַש; אַ דריי געטאָן זיך אין דעם אינפערנאַל־צימער, וואו דער באַרימטער „פוטשין" האָט אָנגעהויבן זיין פאַרטיע אַנטקעגן אַ „קאָמפּאַניע"; געשטאַנען אַ ביסל צייט לעבן איינעם פון די ביליאַרדן, לעבן וועלכן אַן אַלטיטשקער האָט, אָנכאַפּנדיק זיך פאַרן ראַנד, געשטעלט קליינע טריטעלעך און קוים־קוים געטראָפן אין זיין קויל; נאָכדעם אַ בליק געטאָן אין ביבליאָטעק אַריין, וואו עפעס אַ גענעראַל האָט מיט סאָלידקייט געלייענט אַריבער די ברילן, האַלטנדיק די צייטונג ווייט פון זיך, און אַ פאַרשריבענער בחורל האָט, מיענדיק זיך ניט צו טומלען, דורכגעקוקט איינע נאָך די אַנדערע אַלע זשורנאַלן, — האָט דער גאָלדענער יונגערמאַן זיך צוגעזעצט אויף אַ קאַנאַפּע אין ביליאַרד־צימער לעבן די שפּילנדיקע אין טאָוועלע פונקט אַזעלכע ווי ער באַגילטע יונגעלייט. עס איז געווען אַ מיטאָג־טאָג, און עס זיינען געווען פול הערן, וואָס באַזוכן שטענדיק דעם קלוב. צווישן זיי האָט זיך געפונען איוואַן פּאַוולאָוויטש פאַכטין. דאָס איז געווען אַ מאַנסביל פון אַ יאָר פערציק, פון מיטעלן וואוקס, אַ ווייסער, אַ פולער, מיט ברייטע פּלייצעס און בעקן, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ און מיט אַ גלאַנצעדיקן, גליקלעכן אויסגעגאָלטן פנים. ער האָט ניט געשפּילט, נאָר אַזוי זיך סתם געזעסן לעבן פּורשט ד., מיט וועלכן ער איז געווען אויף „דו", און האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ גלאָז שאַמפּאַניער, וואָס מען האָט אים פאָרגעלייגט. ער האָט זיך

אַזוי גוט אײַנגעאָרדענט נאָך מיטאָג, אומבאַמערקטערהײט אָפּלאָזנ־דיק פֿון הינטן די שפּראָנטשקע פֿון די הויזן, אַז דאַכט זיך, ער װאָלט אַ גאַנץ לעבן אַזױ אָפּגעזעסן, רױכערנדיק דעם ציגאַר, פֿאַר־טרינקענדיק מיט שאַמפּאַניער און פֿילנדיק די נאָענטע אָנװעזנהייט פֿון די פֿירשטן און די גראַפֿן, די מיניסטאָרישע קינדער. די ידיעה װעגן דעם אָנקומען פֿון די לאַבאַזאָװס האָט צעשטערט זײַן רויִקייט.

— װאָס הערט זיך, פּאָכטין? — האָט געזאָגט אַ מיניסטאָרישער זון, באַמערקנדיק צװישן שפּיל, אַז פּאָכטין האָט זיך אויפגעהויבן, אָפּגעצויגן די װעסט און האָט מיט גרויסע זופּן געענדיקט טרינ־קען דאָס שאַמפּאַניער.

— סעװערניקאָװ האָט געבעטן, — האָט פּאָכטין געזאָגט, פֿילנ־דיק אַן אומרויִקייט אין די פֿיס, — װי־זשע, דו װעסט פֿאָרן?

„אַנאַסטאַסיע, אַנאַסטאַסיע, עפֿן־זשע די טױערן“. דאָס איז גע־װען אַ באַװאוסט און גאַנגבאַר ציגײַנערישע ליד.

— אפשר. און דו?

— װי קום איך, באַװײַבטער זכן...

— נו!...

פּאָכטין איז שמייכלענדיק אַװעק אין גלעזערנעם זאַל צו סע־װערניקאָװן. ער האָט ליב געהאַט, אַז דאָס לעצטע װאָרט, װאָס ער האָט געזאָגט, זאָל זײַן אַ װיצעלע. אויך איצט איז אַזוי אויסגע־קומען.

— איז װי, װאָס מאַכט די גרעפֿין? — האָט ער געפֿרעגט צו־גייענדיק צו סעװערניקאָװן, װעלכער האָט אים גאָרניט געענטפֿערט, נאָר װעלכער האָט, לויט פּאָכטינס אייניקע השערות, מער פֿאַר אַלעמען נייטיק געהאַט צו װיסן װעגן לאַבאַזאָװס אָנקומען. סעװערניקאָװ איז געװען אַ ביסל פֿאַרמישט אין דער געשיכטע פֿון דעם 14טן, און אַ גוטער באַקאַנטער פֿון אַלע דעקאַבריסטן. דער גרעפֿינס געזונט איז געװען פֿיל בעסער, און פּאָכטין האָט זיך זייער געפֿרייט דערמיט.

— איר װייסט, לאַבאַזאָװ איז היינט געקומען צו פֿאָרן, האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ שעװאַליע.

— וואָס רעדט איר! מיר זיינען דאָך אַלטע גוטע פריינד! איך בין אַזוי צופרידן! איך בין אַזוי צופרידן! כ'מיין אַוודאי געבעך פאַרעלטערט געוואָרן? זיין ווייב האָט געשריבן צו מיין ווייב... .

נאָר סעווערניקאָוו האָט ניט געענדיקט דערציילן, וואָס האָט זי געשריבן, ווייל זיינע פּאַרטנערן, וועלכע האָבן פונאַנדערגעשפּילט די פּאַרטיע אָן טרומף, האָבן געטאָן עפּעס ניט ווי ס'דאַרף צו זיין. רייידנדיק מיט איוואַן פּאַוולאָוויטשן, האָט ער אַלץ קרום געקוקט אויף זיי, נאָר איצט האָט ער זיך פּלוצלונג אַ וואָרף געטאָן מיטן גאַנצן גוף אויפן טיש, און קלאַפּנדיק איבער אים מיט די הענט, האָט ער דערוען, אַז מען האָט געדאַרפט גיין מיט דער זיבעטל. איוואַן פּאַוולאָוויטש איז אויפגעשטאַנען און צוגייענדיק צו אַן אַנדער טיש, האָט ער, שמועכנדיק, דערציילט זיין נייס אַן אַנדער בכבודיקער פּערזאָן, האָט זיך ווידער געשטעלט ביי אַ דריטן טיש און געטאָן דאָס זעלביקע. די בכבודיקע לייט זיינען געווען זייער צופרידן מיט לאַבאַזאָווס אומקערן זיך, אַזוי אַז ווען ער האָט זיך צוריק אומגעקערט אין ביליאַרד־צימער, האָט איוואַן פּאַוולאָוויטש, וואָס האָט פריער געהאַט געצווייפלט, מען דאַרף, צי מען דאַרף זיך ניט פרייען מיט לאַבאַזאָווס אומקערן זיך, מער שוין ניט געבראַכט קיין הקדמה וועגן באַל, וועגן דעם אַרטיקל און די „ידיעות" וועגן געזונט און וועגן וועטער, נאָר איז דירעקט צוגעטראָטן צו אַלעמען מיט דער אַנטציקטער מעלדונג וועגן דעם, אַז דער באַרימטער דעקאַבריסט איז בשלום צוריקגעקומען.

דער אַלטיטשקער, וועלכער האָט נאָך אַלץ געפּרוווט טרעפן מיטן שטעקן אין זיין ווייסע קויל, האָט זיך געזאָלט לויט פּאָכטינס מיינונג זייער דערפרייען מיט דער ידיעה. ער איז צו אים צוגעגאַנגען. „ס'שפּילט זיך גוט, אייער עקסעלענץ?" האָט ער געזאָגט אין דער צייט, ווען דער אַלטיטשקער האָט אַ פורקע געטאָן מיט זיין שטעקן די רויטע וועסט פון דעם מאַרקער, באַווייזנדיק דערמיט זיין פאַרלאַנג אָנצושרייבן מיט קרייט.

„אייער עקסעלענץ" איז געזאָגט געוואָרן אינגאַנצן ניט אַזוי ווי איר מיינט, מיט חניפה (ניין, דאָס איז ניט די מאָדע פון 56טן יאָר). איוואַן פּאַוולאָוויטש האָט גערופן דעם אַלטיטשקן פּשוט ביים

נאָמען און פאָטערס נאָמען, און דאָס איז געזאָגט געוואָרן טיילווייז, ווי אַ שפּאַס פון די, וואָס ריידן אַזוי, טיילווייז כּדי צו לאָזן וויסן, אַז מיר, כּלומרשט, ווייסן, מיט וועמען מיר ריידן, און בּינדעסטוועגן שטיפן מיר, אַגב אַ ביסעלע אויף צון אמתן; דאָס איז בּכלל געווען זייער דין.

— כ'האָב מיך נאַר־וואָס דערוואוסט — פּיאָטר לאַבּאַזאָוו איז געקומען צו פאָרן. גלייך פון סיביר געקומען, מיט דער גאַנצער משפּחה. — די דאָזיקע ווערטער האָט פאָכטין אַרויסגערעדט אין דער זעלביקער צייט, ווען דער אַלטיטשקער האָט ווידער אַמאָל ניט געטראָפן אין זיין קויל, — אַזאַ האָט אים ניט געגאָלטן.

— אויב ער איז געקומען אַזאַ מטורף, ווי ער איז אַוועקגעפאָרן, איז ניטאָ, וואָס צו פרייען זיך, — האָט דער אַלטער בּרוגז געזאָגט, אַ צערייצטער פון דעם אומפאַרשטענדלעכן ניט גילטן.

די דאָזיקע מיינונג האָט איוואַן לאַבּאַזאָוו צעמישט, ער האָט ווידער ניט געוואוסט, צי דאַרף מען, צי דאַרף מען ניט פרייען זיך מיט לאַבּאַזאָווס קומען, און כּדי ענדגילטיק צו לייזן דעם ספק, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן אין דעם צימער, וואו עס האָבן זיך די קלוגע מענטשן צוזאַמענגעקליבן שמועסן, און זיי האָבן געוואוסט די באַדייטונג און די ווערדע פון יעדער זאַך, מיט איין וואָרט — זיי האָבן אַליץ געוואוסט. איוואַן פּאַוולאָוויטש איז געווען אין די זעלביקע אָנגענעמע באַציִונגען מיט די באַזוכער פון דעם קלוגן צימער, ווי מיט דער באַגולטער יוגנט און מיט די גרויסע שׂרים. אמת, ער האָט ניט געהאַט קיין באַזונדער אָרט אין דעם קלוגן צימער, אָבער קיינער האָט זיך ניט פאַרוואונדערט, ווען ער איז אַריין און האָט זיך געזעצט אויפן דיוואַן. עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אין וואָסער יאָר און צוליב וואָס פאַר אַ צופאַל איז פאָרגעקומען די מחלוקת צווישן צוויי רוסישע זשורנאַליסטן. דערוואַרט זיך אַ רגע פון שווייגן, האָט איוואַן פּאַוולאָוויטש געמאָלדן זיין נייס ניט אַזויווי אַ שמחה, ניט אַזוי ווי אַן אומבאַטייטיקע געשעעניש, נאָר אַזוי, ווי כּלומרשט ס'האָט געפּאַסט צום וואָרט. אָבער דערפון, ווי די „קלוגע“ (איך געבּרויך „קלוגע“ אַלס אַ נאָמען פאַר די באַזוכער פון דעם „קלוגן“ צימער) האָבן אויפגענומען זיין נייס און אָנגע-

הויבן צו באַטראַכטן זי, האָט איוואַן פּאַוולאָוויטש פאַרשטאַנען, אַז מאַקע נאָר אַהער געהער די דאָזיקע נייס, און דווקא דאָ וועט זי באַקומען אַזאַ באַאַרבעטונג, אַז מען וועט זי קאָנען פירן ווייטער און savoir a quoi s'en tenir.

— מער ווי לאַבאַזאָוו האָט ניט געפעלט, — האָט געזאָגט איינער פון די „קלוגע", איצט האָבן זיך די דעקאַבריסטן, וואָס לעבן נאָך, אַלע שוין אומגעקערט קיין רוסלאַנד.

— ער איז געווען „איינער פון דער מחנה רומפּולע"... — האָט פּאָכטין געזאָגט מיט אַ פילצנדיקן טאָן, גרייט די דאָזיקע ציטאַט צו מאַכן ליצנותדיק און אָן ערנסט.

— ווי-זשע דען, לאַבאַזאָוו איז איינער פון די מערקווירדיקסטע מענטשן פון יענער צייט, — האָט אָנגעהויבן אַ „קלוגער". — אין 1819 איז ער געווען אָפיציר פון סעמיאָנאָווער פּאָלק, און מען האָט אים געשיקט קיין אויסלאַנד מיט דעפּעשן צום הערצאָג ז. נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען, און אין 24טן יאָר איז ער אָנגענומען געוואָרן אין דער מאַסאָנען-לאָזשע. אַלע דעמאָלסטיקע מאַסאָנען האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי ד. און ביי אים. ער איז דאָך געווען זייער אַ רייכער. פירשט זש., פעדאָר ד., איוואַן פּ. — דאָס זיינען געווען זיינע נאָענטסטע פריינד. און דעמאָלסט האָט זיין פעטער, פירשט וויסאַריאָן, כּדי צו דערווייטערן דעם יונגנמאַן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, אים אַריינגעפירט קיין מאָסקווע.

— פאַרצייט, ניקאָלאַי סטעפּאַנאָוויטש, — האָט איבערגעשלאָגן אַן אַנדער קלוגער, — מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין 23טן יאָר, ווייל וויסאַריאָן לאַבאַזאָוו איז אין 24טן יאָר באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פון 3טן קאָרפּוס און האָט זיך געפונען אין וואַרשע. ער האָט אים צו זיך איינגעלאַדן פאַר אַן אַדיוטאַנט, און שוין נאָכן אָפּזאָג האָט ער אים אַריבערגעפירט. איבעריקנס, פאַרצייט, איך האָב אייך איבערגעשלאָגן.

— אַך, ניין, ביטע זייער.

— ניין, ביטע.

— ניין, ביטע זייער, איר דאַרפט עס וויסן בעסער פאַר מיר,

און דערצו זיינען אַייער זכּרון און אַייערע ידיעות דאָ געווען דער־וויזן געוואָרן.

— אין מאָסקווע איז ער קעגן דעם פּעטערס ווילן אַרויס אין דימיסיע, — האָט ווייטער גערעדט דער, וואָס זיין זיכּרון און זיינע ידיעות זיינען דערוויזן געוואָרן, — און דאָרט האָט זיך אַרום אים געבילדעט אַ צווייטע געזעלשאַפט, וואָס ער איז געוואָרן איר שטאַם־פּאָטער און איר האַרץ, אויב מען קאָן זיך נאָר אַזוי אויסדריקן. ער איז געווען רייך, שיין, קלוג, געבילדעט; ליבנסווערדיק, זאָגט מען, איז ער געווען אומגעווינלעך. מיר האָט נאָך די מומע דער־ציילט, אַז זי האָט ניט געקענט קיין מענטשן, וואָס זאָל מער באַ־צויבערן, ווי ער. און דאָ האָט ער עס עטלעכע חדשים פאַרן בונט חתונה געהאַט מיט קרינסקין.

— ניקאָלאַי קרינסקיס טאָכטער, וואָס האָט ביי באָראָדינאָ...

נו, דער באַוואוסטער, — האָט עמעצער איבערגעשלאָגן.

— נו, יאָ. איר גרויס פאַרמעגן איז עס ביי אים איצט גע־בליבן, און זיין אייגנס, דאָס ירושה־פאַרמעגן, איז אַריבער צו דעם יינגערן ברודער, צו פירשט איוואַן, וועלכער איז איצט אייבער־הויף־קאָפּערמייסטער (ער האָט אָנגערופן עפּעס אין דער אַרט) און איז געווען מיניסטער.

— בעסער פאַר אַלץ איז זיין באַגיין זיך מיט דעם ברודער, — האָט פאָרגעזעצט דער דערציילער. — בעת מען האָט אים פאַר־נומען, איז דאָס איינציקע, וואָס ער האָט באַוויזן מבער צו זיין, גע־ווען: דעם ברודערס בריוו און פּאַפּירן.

— אַפּנים דער ברודער איז געווען פאַרמישט?

דער דערציילער האָט ניט געענטפערט, האָט אַפילו פאַר־דריקט די ליפּן און באַדייטיק אַ וואונק געטאָן.

— נאָכדעם האָט ער אויף אַלע אויספאָרשונגען כסדר אָפּ־געלייקנט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום ברודער, און דערפאַר האָט ער געליטן מער פאַר אַנדערע. נאָר בעסער פאַר אַלץ איז דאָס, וואָס פירשט איוואַן האָט באַקומען דאָס גאַנצע גוט און דעם ברודער קיין גראָשן ניט געשיקט.

— מ'האָט געזאָגט, אַז פּיאָטר לאַבּאַזאָװ האָט זיך אַליין אָפּ-
געזאָגט, — האָט איינער פון די צוהערער באַמערקט.

— יאָ, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט נאָר דערפאַר, ווייל
פירשט איוואַן האָט אים פאַר דער קרוינונג אָנגעשריבן און גע-
בעטן פאַרצייונג, אַז ווען ניט ער וואָלט צוגענומען, וואָלט דאָס
גוט קאָנפיסקירט ווערן, און אַז ביי אים זיינען דאָ קינדער און
חובות, און אַז איצט איז ער גאָר נישט אימשטאַנד אומצוקערן.
פּיאָטר לאַבּאַזאָװ האָט געענטפערט מיט צוויי שורות: „ניט איך,
ניט מיינע יורשים האָבן ניט און ווילן ניט האָבן קיינע רעכט אויף
דעם גוט, וואָס איז אייך אָנגעקומען אויפן יסוד פונם געזעץ".
און מער גאָרניט. ווי געפעלט אייך? און פירשט איוואַן האָט עס
אַראָפּגעשלונגען און מיט אַנטציקונג פאַרשלאָסן דעם דאָזיקן דאָ-
קומענט צוזאַמען מיט די וועקסלען אין קעסטל און קיינעם ניט באַ-
וויזן.

איינע פון די באַזונדערהייטן פון דעם קלוגן צימער איז באַ-
שטאַנען אין דעם, וואָס זיינע באַזוכער האָבן געוואוסט, אויב זיי
האָבן געוואָלט וויסן, אַלץ וואָס עס איז געטאָן געוואָרן אויף דער
וועלט, ווי געהיים דאָס זאָל ניט האָבן פאַרגעקומען.

— איבעריקנס, דאָס איז אַ פראַגע, — האָט געזאָגט אַ נייער
מיטשמועסער,—צי וואָלט עס געווען אַ יושר אָפּצונעמען ביי פירשט
איוואַנס קינדער דאָס פאַרמעגן, ביי וועלכן זיי זיינען אויסגעוואַקסן
און געווען דערצויגן און אויף וועלכן זיי האָבן גערעכנט, אַז זיי
האָבן רעכט.

דער שמועס איז אַזוי אַרום איבערגעגאַנגען אויף אַן אַבסטראַק-
טער טעמע, וועלכע האָט פּאָכטינען ניט אינטערעסירט. ער האָט דער-
פילט אַ נויטווענדיקייט מיטצוטיילן פרישע מענטשן די נייס, איז
אויפגעשטאַנען און לאַנגזאַם שמועסנדיק אויף רעכטס און אויף
לינקס, אַוועק איבער די זאַלן. איינער פון זיינע חברים, וואָס האָט
מיט אים צוזאַמען געדינט, האָט אים אָפּגעשטעלט, כּדי צו מעלדן
די נייס וועגן לאַבּאַזאָװס קומען.

— ווער-זשע ווייס עס ניט! — האָט איוואַן פּאַוולאָוויטש גע-
ענטפערט, רויק שמייכלענדיק, און איז אַוועק צו דער טיר. די נייס

האָט שוין געמאַכט איר קרייז און האָט זיך צוריק אומגעקערט צו אים.

אין קלוב איז שוין מער ניט געווען, וואָס צו טאָן. ער איז אַוועק אויף אַן אָוונט. דאָס איז געווען ניט קיין אָוונט מיט אײַנגעלאַדענע געסט, נאָר אַ סאַלאָן, וואו מען פלעגט יעדן טאָג אויפנעמען. עס זיינען געווען אַ מאַן 8 דאַמען און איין אַלטער פּאָלקאָווניק, און אַלעמען איז געווען שרעקלעך לאַנגווייליק. שוין בלויז פּאַכטינס פעסטער גאַנג און שמייכלענדיק פּנים האָבן פריילעך געמאַכט די דאַמען און די מיידלעך. ובפרט איז די נייס געווען צו דער צייט, ווייל אין סאַלאָן האָט זיך געפונען די אַלטע גרעפין פוקס מיט דער טאָכטער. בשעת פּאַכטין האָט דערציילט כמעט וואָרט אין וואָרט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט אין דעם „קלוגן צימער“, האָט madame פוקס, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און באַוואונדערנדיק איר אַלטקייט, גענומען דערמאָנען זיך, ווי אַזוי זי האָט אָנגעהויבן קומען אין דער געזעלשאַפט אין איין צייט מיט נאַטאַשע קרינסקי, די איצטיקע לאַבאַזאָוו.

— איר חתונה האָבן איז געווען זייער אַ ראָמאַנטישע געשיכטע, און דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען פאַר מיינע אויגן. נאַטאַשע איז שוין געווען כמעט אַ כלה מיט מיאַטלינען, וועלכער איז נאָכדעם געהרגעט געוואָרן אויף אַ דועל מיט דיאָבראָ. ערשט דעמאָלט קומט קיין מאָסקווע צו פאָרן פירשט פּיאָטר, ער פאַרליבט זיך אין איר און בעט איר האַנט. נאָר דער פאָטער, וועלכן עס האָט זיך זייער געוואָלט האָבן מיאַטלינען — און בכלל האָט מען פאַר לאַבאַזאָוון מורא געהאַט, ווי פאַר אַ מאַכאָן — דער פאָטער האָט אַנטזאָגט. אָבער דער יונגערמאַן זעט זיך מיט איר ווידער אויף בעלער, אומעטום, באַפריינדעט זיך מיט מיאַטלינען, בעט אים, ער זאָל זיך אָפּזאָגן. מיאַטלין איז מסכּים, ער רעדט זי איין, אַנטלויפן מיט אים. זי איז אויך מסכּים. נאָר די לעצטע תּרטה (דער געשפרעך קומט פאָר אויף פראַנצויזיש) — זי גייט צום פאָטער און זאָגט, אַז אַלץ איז פאַרטיק צום אַנטלויפן, און אַז זי וואָלט אים געקענט פאַרלאָזן, נאָר זי האָפט אויף זיין גרויסמוטיקייט. און באמת, דער פאָטער האָט איר מוחל געווען — אַלע האָבן פאַר איר גע-

בעטן — און געגעבן זיין הסכּמה. ווער פון אונז האָט געטראַכט, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט זי נאָך אים אַוועקפאָרן קיין סיביר! זי, די בת־יחידה, די סאַמע רייכסטע, די סאַמע שענסטע פון יענער צייט. דער אימפעראַטאָר אַלעקסאַנדער האָט זי שטענדיק באַמערקט אויף די בעלער, פיל מאָל געטאַנצט מיט איר. ביי גרעפין ג. איז געווען אַ bal costumé, איך געדענק ווי איצט, איז זי געווען אַ נעאַפּאָליטאַנערין, וואונדערבאַר שיין! קומענדיק קיין מאָסקווע, פלעגט ער שטענדיק פרעגן que fait la bel „Napolitaine“?

און פלוצלונג האָט די דאָזיקע פרוי, אין אַזאַ לאַגע (זי האָט אין וועג געבוירן), זיך אויף אַ רגע ניט פאַרטראַכט, גאָרניט צוגעגרייט, ניט צונויפגעקליבן די זאַכן, און ווי זי שטייט און גייט, בעת מען האָט אים גענומען, אַזוי איז זי אַוועק נאָך אים פאַר 5000 וויאָרסט.

— אָ, אַ וואונדערלעכע פרוי, האָט די ווירטין געזאָגט.

— אי ער, אי זי — זיי זיינען ביידע געווען זעלטענע מענטשן, — האָט געזאָגט נאָך אַן אַנדער דאַמע. — מען האָט מיר דערציילט, איך ווייס ניט, צי ס'איז אמת, אַז אין סיביר איז אומעטום, וואו זיי האָבן געאַרבעט אין די אַרץ־גרובן, אָדער ווי מען רופט עס דאָרט, פלעגן זיך די אַרעסטאַנטן, וואָס זיינען מיט זיי געווען צוזאַמען, אויסבעסערן.

— זי האָט גאָר קיינמאָל ניט געאַרבעט אין די גרובן, — האָט פּאָכטין פאַרריכט.

וואָס הייסט דאָס — 56טע יאָר! מיט דריי יאָר צוריק האָט קיינער ניט געטראַכט וועגן די לאַבאַזאָווס, און אויב מען האָט זיך אָן זיי דערמאָנט, איז מיט יענעם געפיל פון מורא, מיט וועלכן מען רעדט וועגן מענטשן, וועלכע זיינען ערשט געשטאָרבן; איצט אָבער האָט מען זיך אַזוי לעבעדיק דערמאָנט אָן די אַמאָליקע באַציִונגען, אָן אַלע פיינע מעלות, און יעדע פון די דאַמען האָט שוין צוגעטראַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו באַקומען די מאָנאָפּאָל אויף די לאַבאַזאָווס און מכבד זיין מיט זיי זייערע געסט.

— דער זון און די טאָכטער זיינען געקומען מיט זיי, — האָט פּאָכטין געזאָגט.

— אויב זיי זיינען נאָר אַזעלכע שיינע, ווי עס איז געווען זייער מוטער... — האָט געזאָגט גרעפין סוקס. — איבעריקנס, דער פאָטער איז אויך געווען זייער, זייער פיין.

— ווי האָבן זיי דאָרט געקענט דערציִען זייערע קינדער? — האָט געזאָגט די הויזווירטין.

— מען זאָגט, אויסגעצייכנט. מען זאָגט, דער יונגערמאַן איז אַזוי וואויל, ליבנסווערדיק, געבילדעט, גלייך ווי ער וואָלט אויסגעוואַקסן אין פּאַריז.

— איך זאָג דער יונגער מיידל פּאָרוים גרויס דערפאָלג, — האָט געזאָגט איינע ניט קיין שיינע בתולה. — די אַלע סיבירער דאַמען האָבן עפּעס אַזוינס אָנגענעם־טריוויאַלס, אָבער דאָס געפעלט זייער.

— יאָ, יאָ, — האָט געזאָגט אַ צווייטע בתולה.

— אָט איז נאָך אַ רייכע כּלה צוגעקומען! — האָט געזאָגט אַ דריטע בתולה.

דער אַלטער פּאָלקאָווניק פון דייטשער אָפּשטאַמונג, וועלכער איז מיט דריי יאָר צוריק געקומען קיין מאָסקווע, כּדי חתונה צו האָבן מיט אַ רייכער, האָט באַשלאָסן, וואָס גיכער, איידער די יוגנט האָט זיך נאָך דערוואוסט, פאָרצושטעלן זיך און בעטן די האַנט. די מיידלעך און די דאַמען האָבן כּמעט דאָס זעלביקע געטראַכט וועגן דעם סיבירער יונגנמאַן. „אַפּנים, אַז דאָס איז ער טאַקע מיין באַשערטער, — האָט אַ טראַכט געטאָן אַ בתולה, וועלכע קומט שוין 8 יאָר אין דער געזעלשאַפט אומזיסט. — אַפּנים, אַז ס'איז טאַקע בעסער אַזוי, וואָס יענער נאַרישער קאַוואַלערגאַרד האָט סוף־כּל־סוף פאָרט ניט געבעטן מיין האַנט. איך וואָלט אַוודאי געווען אַן אומגליקלעכע". „אָט וועלן ווידער אַלע געל ווערן פון כּעס, ווען אויך דער וועט זיך אין מיר פאַרליבן", האָט אַ טראַכט געטאָן אַ יונגע שיינע דאַמע.

מען רעדט וועגן דער פּראָווינציאַלישקייט פון די קליינע שטעט — ס'איז ניטאָ קיין ערגערער פּראָווינציאַליזם, ווי אין דער העכערער געזעלשאַפט.

דאָרט זיינען ניטאָ קיין נייע פערזאָנען, אָבער די געזעלשאַפט איז גרייט אויפצונעמען יעדע נייע פערזאָן, אויב זי זאָל נאָר קומען; דאָ אָבער איז מען זעלטן-זעלטן, ווי איצט די לאַבאַזאָווס, אָנערקענט אַלס אָנגעהעריקע צו דעם קרייז און אָנגענומען. און די סענסאַציע צוליב אַ נייער פערזאָן איז שטאַרקער איידער אין אַ קרייז-שטעטל.

---

# קאַפּיטל III

— אָט מאָסקווע, מאָסקווע, מאַמעשע ווייסבּוירד׳קע, — האָט געזאָגט פּיאָטר איוואַניטש, אויסרייבּנדיק אינדערפרי די אויגן און צוהערנדיק זיך צו דעם גלאָקן-קלאַנג, וואָס איז געשטאַנען איבּער דעם גאַזעטנע געסל. קיין זאַך מאַכט ניט אַזוי ווידער לעבּעדיק דעם עבר, ווי קלאַנגען, און די דאָזיקע מאָסקווער גלאָקן-קלאַנגען צוזאַמען מיט דער ווייסער וואַנט, וואָס האָט זיך געזען פון פּענסטער, און מיט דעם קלאַפּן פון רעדער, וואָס האָט אים אַזוי לעבּעדיק דערמאָנט ניט נאָר די מאָסקווע, וועלכע ער האָט געקענט מיט 35 יאָר צוריק, נאָר אויך די מאָסקווע מיטן קרעמל, מיט די זאַלן, מיט די איוואַנעס און אַז. וו., וועלכע ער האָט געטראָגן אין זיין האַרצן, — אַז ער האָט דערפילט אַ קינדערשע פרייד דערפון, וואָס ער איז אַ רוסישער און וואָס ער איז אין מאָסקווע.

עס האָט זיך באַוויזן דער בוכאַרער כאַלאַט, פונאַנדערגעשפּילעט אויף דער ברייטער ברוסט אין אַ ציצן העמדל, די ליולקע מיט טאַבּאַק. אַ הויכע, שטורעמדיקע מאַנסבּילשע שטימע האָט זיך געהערט אין שעוואַליעס צימערן, פרימאָרגנדיקע קושן האָבּן אַ קלונג געטאָן, און דעם זונס און דער טאָכטערס שטימען, און דער דעקאַבּריסט איז געווען פונקט אַזוי אינדערהיים, גלייך ווי ער וואָלט געווען אין אירקוטסק, און גלייך ווי ער וואָלט געווען אין ניו-יאָרק און פּאַריז. ווי מיר וואָלט זיך ניט געוואָלט פאָרשטעלן דעם דעקאַבּער-העלד העכער פאַר אַלע שוואַכקייטן, מוז איך מיך למען-האמת מודה זיין, אַז פּיאָטר איוואַניטש האָט זיך באַזונדער אויפמערקזאַם געראַזירט, געקעמט און געקוקט אין שפּיגל. פון די קליידער, וועלכע מען האָט ניט זייער גוט אויפגענייט אין סיבּיר, איז ער געווען ניט צופרידן, און ער האָט אַ מאָל צוויי דאָ אָפּגעשפּילעט, דאָ ווידער פאַרשפּילעט דאָס סורדוטל. אָבּער נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע איז אַריין אין גאַסטזאַל, רוישנדיק מיט דעם שוואַרצן מאָדערנעם קלייד מיט אַזעלכע אַרבּעלעך און מיט כטענגעלעך אויפן

טשעפּיק, אַז הגם דאָס איז ניט געווען לויט דער לעצטער מאָדע, אָבער אַזוי צוגעטראַכט, אַז ניט נאָר עס איז ניט געווען ridicule, נאָר פֿאַרקערט distingué, דערייף האָבן דאַמען אַ באַזונדערן, זעקסטן געפֿיל און אַ חריפֿות, וועלכע האָט ניט קיין גלייכן. סאָניע איז אויך געווען גענוג אַזוי צוגעפּוצט, אַז כאָטש אַליין איז געווען מיט צוויי יאָר הינטער דער מאָדע, פֿונדעסטוועגן האָט מען קיין שלעכטס ניט געקאָנט זאָגן. די מוטער האָט געטראָגן טונקלס און איינפֿאַכס, די טאָכטער — העלס און פֿריילעכס. סעריאָזשע האָט זיך נאָר-וואָס אויפֿגעכאַפּט, און זיי זיינען אַליין אַוועקגעפֿאָרן צו דער מעסע. פֿאָטער און מוטער האָבן זיך געזעצט פֿון הינטן, די טאָכטער האָט זיך געזעצט אַנטקעגן. וואַסילי האָט זיך געזעצט אויף דער קעלניע, און אַ פֿורמאַנישע קאַרעטע האָט זיי אַוועקגעפֿירט אין קרעמל. ווען זיי זיינען אַרויס, האָבן די דאַמען געבראַכט אין אָרדענונג די קליידער, און פּיאָטר איוואַניטש האָט גענומען אונטערן האַנט זיין נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונען און, פֿאַרריכן דעם קאָפּ אויף הינטער, איז ער אַוועק צו דער טיר פֿון דער צערקווע. פֿילע, סיי סוחרים, סיי אָפֿיצירן, סיי יעדער אַנדער פֿון עולם, האָבן ניט געקענט דערקענען, וואָס זיינען עס פֿאַר אַ מענטשן. ווער איז עס דער-אָ שוין לאַנג-לאַנג אָפּגעברענטער און ניט אָפּגעגאַנגענער אַלטיטשקער, מיט גרויסע גלייכע אַרבעטער-קנייטשן, פֿון אַ באַזונדער שניט, פֿון אַזעלכן, וואָס מען טרעפֿן זיך קיינמאָל ניט קיין קנייטשן, וועלכע מען באַקומט אין ענגלישן קלוב, מיט ווייסע זוי שניי האָר, און מיט אַ באָרד, מיט אַ גוטן און שטאָלצן בליק און מיט ענערגישע באַוועגונגען? ווער איז עס די דאָזיקע הויכע דאַמע מיטן באַדייטיקן גאַנג און מיט די מידע, פֿאַרלאָשענע גרויסע און פֿיינע אויגן? ווער איז עס די מיידל אַ פֿרישע, אַ שטאָלצע, אַ שטאַרקע, און ניט קיין מאָדישע, און ניט קיין שרעקעדיקע? סוחרים — ניט סוחרים, דייטשן — ניט דייטשן, — ווער-זשע — הערן? אַזעלכע טרעפֿן זיך אויך ניט, נאָר וואַזשנע לייט. אַזוי האָבן געטראַכט די, וועלכע האָבן זיי געזען אין דער צערקווע, און האָבן עפּעס גיכער און גערנער געמאַכט פֿאַר זיי אַ וועג און אַן אָרט, איידער פֿאַר די מאַנסבילן מיט געדיכטע עפּאָלעטן. פּיאָטר איוואַניטש האָט זיך געהאַלטן

פֿונקט אַזוי געהויבן, ווי בײַם אַרײַנגאַנג, און האָט געבעטן רויִק, אײַנגעהאַלטן, ניט פֿאַגעכנדיק זיך. נאַטאַליע ניקאָלאַיעווגע האָט זיך לײַכט געשטעלט אויף די קני, אַרויסגענומען אַ טיכל און פֿול געוויינט בשעת דער תּפֿילה. אָבער זי האָט ניט געקוקט אַרום און האָט פֿלײַסיק זיך געצלמט.

סעריאָזשע איז געבליבן אין דער היים, טיילווייז דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך פֿאַרשלאָפֿן, טיילווייז דערפֿאַר, וואָס ער האָט ניט ליב געהאַט צו שטיין בײַ דער מעסע: בײַ אים פֿלעגן די פֿיס אָפּגעשטאַנען ווערן, און ער האָט בשום אופֿן ניט געקענט ניט פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס איז עס פֿאַר אים אַ קליינִיקייט דורכצוגיין זיך אויף סקי 40 וויאָרסט, און אויסצושטיין 12 עוואַנגעליעס איז פֿאַר אים געווען דער גרעסטער פֿיזישער פּײַן; דער עיקר אָבער דערפֿאַר, וואָס ער האָט געפֿילט, אַז נייטיקער פֿאַר אַלץ דאַרף ער האָבן נײַע קליידער. ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועק אויף קוזניעצקי מאָסט. געלט האָט ער געהאַט גענוג. דער פֿאָטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר אַ כּלל, זינט דעם זון איז געוואָרן 21 יאָר — געבן אים געלט, וויפֿיל ער וויל. ס'האָט זיך אָן אים געווענדט, איבערצולאָזן טאַטע־מאַמע גאָר אָן געלט.

עס איז מיר אַזוי אַ שאָדן אויף די 250 רובל זילבער־געלט, וואָס ער האָט אומזיסט אויסגעבראַכט אין דעם מאַגאַזין פֿון פֿאַרטיקע קליידער בײַ קונצן. יעדער פֿון די דאָזיקע הערן, וואָס זײַנען געקומען אַנטקעגן סעריאָזשען, וואָלט אים גערן אויסגעלערנט און וואָלט געהאַלטן פֿאַר אַ גליק גיין צוזאַמען מיט אים מאַכן די באַשטעלונג; אָבער, ווי דאָס טרעפֿט שוין אַזוי אַלעמאָל, איז ער געווען איינזאַם צווישן דעם עולם, און דורכשטופּנדיק זיך אין היטל איבער קוזניעצקי מאָסט, ניט אַרומקוקנדיק זיך אויף די קלייטן, איז ער דערגאַנגען ביזן סוף, האָט אָפּגעעפֿנט די טיר און איז פֿון דאָרט אַרויס אין אַ ברוינעם האַלבפּראַק אַ שמאָלן (און געטראָגן האָט מען ברייטע), אין שוואַרצע הויזן, ברייטע (און געטראָגן האָט מען שמאָלע) און אין אַן אַטלעסענער מיט בלימעלעך וועסט, וואָס קיינער פֿון די הערן, וועלכע זײַנען געווען בײַ שעוואַליע אין דעם באַזונדערן צימער, וואָלט אַפֿילו זײַן לאַקיי ניט דערלויבט אָנצו־

טאָן. און נאָך פיל זאַכן האָט סעריאָזשע איינגעקויפט; דערפאַר איז קוניץ אויסער זיך געוואָרן פון דעם יונגנמאַנס דינער טאַליע און ווי ער פלעגט עס אַלעמען זאָגן, האָט ער דערקלערט, אַז אַזאַ האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געזען. סעריאָזשע האָט געוואוסט, אַז די טאַליע איז ביי אים אַ פיינע, אָבער די שבחים פון אַ זייטיקן מענטשן, ווי קוניץ, האָבן אים זייער געשמעקט. ער איז אַרויס אָן די 250 רובל, נאָר אָנגעטאָן איז ער געווען שלעכט, אַזוי שלעכט, אַז זיינע קליידער זיינען אין צוויי טעג אַרום איבערגעגאַנגען צו וואַסילין אין באַזיץ און זיינען אויף אַלעמאָל פאַרבליבן אַ שלעכטע ערינערונג פאַר סעריאָזשען. אינדערהיים איז ער אַראָפּ אונטן און האָט זיך געזעצט אין דעם גרויסן זאַל, אויך וואַרפנדיק בליקן אין דעם פאַרבאָטענעם צימער, און האָט זיך באַשטעלט אַן אָנבייסן פון אַזעלכע משונהדיקע מאַכלים, אַז דער באַדינער האָט זיך אין קיך פונאַנדערגעלאַכט. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געבעטן אַ זשורנאַל און געמאַכט זיך כלומרשט ער לייענט אים. אָבער ווען דער באַדינער, וואָס האָט זיך פאַרלאָזן אויף דעם בחור אויס דערפאַרנקייט, האָט געהאַט אָנגעהויבן אויסצופרעגן אים, האָט סעריאָזשע געזאָגט: גיי אויף דיין אָרט! און איז רויט געוואָרן. נאָר ער האָט עס געזאָגט אַזוי שטאָלץ, אַז יענער האָט געפאָלגט. אומגעקערט זיך אַהיים, האָבן פאָטער, מוטער און טאָכטער געפונען, אַז זיינע קליידער זיינען אויסגעצייכנט.

געדענקט איר דעם דאָזיקן פריידיקן געפיל פון דער קינדהייט, בעת מען האָט אייך צו אייער נאָמענטאָג אויסגעפוצט, אַוועקגעפירט צו דער מעסע, און, צוריקגעקערט זיך מיטן יום־טוב אויף די קליידער, אויפן פנים און אין דער נשמה, האָט איר אינדערהיים געפונען געסט און שפילצייג? איר ווייסט, אַז היינט וועלן ניט זיין קיין לימודים, אַז אַפילו די גרויסע פייערן, אַז היינט איז פאַר גאַנצן הויז אַ טאָג פון אויסנאַמען און פון פאַרגעניגנס; איר ווייסט, אַז איר אַליין זייט די סיבה פון דער דאָזיקער פייערלעכקייט; און אַז אַלץ, וואָס איר זאָלט ניט טאָן, וועט מען אייך מוחל זיין, און אייך איז מאָדנע, וואָס די מענטשן אויף די גאַסן פייערן ניט, פונקט אַזוי ווי אייערע שטוביקע, און די קלאַנגען קלינגען העכער,

און די פאַרבן זיינען העלער, — מיט איין וואָרט — דער נאָמענטאָג־געפיל. אַזאַ מין געפיל האָט געשפּירט פּיאָטר איוואַניטש, אומקערנדיק זיך פון דער צערקווע.

פאַכטינס נעכטיקע באַמיִונגען זיינען געגאַנגען לאיבוד; אָנשטאָט שפּילצייג האָט פּיאָטר איוואַניטש ש׳ין געפונען אינדערהיים עטלעכע וויזיט־קאַרטן פון באַדייטנדיקע מאָסקוויטער, וועלכע האָבן אין 56טן יאָר געהאַלטן פאַר זייער אומבאַדינגטן חוב אַרויסצווייזן יעדערליי איינפמערקזאַמקייט דעם באַרימטן פאַרטריבענעם, וועלכן זיי וואָלטן פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט געוואָלט זען מיט 3 יאָר צוריק. אין די אויגן פון שעוואַליע, דעם שווייצער און דער דינערשאַפט פון דעם האָטעל האָט דאָס דערשיינען פון די קאַראָטן, וועלכע האָבן געפרעגט פּיאָטר איוואַניטשן, פאַר דעם איין פרימאָרגן פאַרצענפאַכט די אַכטונג און די גרייטקייט צו דינען. דאָס זיינען אַלין געווען נאָמענטאָג־מתּנות פאַר פּיאָטר איוואַניטשן. ווי ניט דערפאַרן מיט לעבן, ווי קלוג אַ מענטש זאָל ניט זיין, איז דער אויסדרוק פון אַכטונג מצד מענטשן, וועלכע זיינען געאַכט פון אַ גרויסער צאָל מענטשן, פאַר אים אַלעמאָל אָנגענעם. פּיאָטר איוואַניטשן איז געווען פריילעך אויפן האַרצן, ווען שעוואַליע האָט, בויגנדיק זיך, פאָרגעלייגט איבערבייטן די צימערן און געבעטן באַפוילן אַלין, וואָס מען פאַרלאַנגט, און פאַרזיכערט, אַז ער האַלט פאַר אַ גליק, וואָס פּיאָטר איוואַניטש איז ביי אים, און בעת ער האָט, איבערקוקנדיק די קאָרטן און צוריקוואַרפנדיק זיי אין וואַזע אַריין, אָנגערופן די נעמען פון גראַף ס., פון פירשט ד. און אַזוי וו., האָט נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע געזאָגט, אַז איצט נעמט זי קיינעם ניט צו און וועט תּיכּף פאָרן צו מאַריע איוואַנאָוונען, אויף וואָס פּיאָטר איוואַניטש האָט מסכּים געווען, הגם אים האָט זיך געוואָלט שמועסן מיט פילע פון די, וואָס זיינען געקומען צו פאָרן. נאָר איין וויזיט האָט באַוויזן דורכצושמוגלען זיך, איידער עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער פאַרבאָט. דאָס איז געווען פאַכטין. אַז מען וואָלט פרעגן דעם דאָזיקן מענטשן, צוליב וואָס איז ער פון פרעטשיסטיענקע געקומען צו פאָרן אויף גאַזעטנעם זאַווולעק, וואָלט ער קיין שום טעם ניט געקענט אָנווייזן, חוץ דעם, וואָס ער האָט ליב אַלין, וואָס

עס איז ניי און אינטערעסאַנט, און דעריבער איז ער געקומען אַ בליק טאָן אויף פּיאָטר איוואַניטשן, ווי אויף אַ זעלטנהייט. דאַכט זיך, מען וואָלט געדאַרפט פאַרלירן מוט, ווען מען קומט מיט אַזאַ איינאיינציקן רעזאָן צו אַן אומבאַקאַנטן מענטשן. האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַרקערט. פּיאָטר איוואַניטש און זיין זון און סאָפיע פּעט־ראָוונע זיינען צעמישט געוואָרן. נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע איז גע־ווען צופיל grande dame, אַז זי זאָל פון וואָס ניט איז מטושטש ווערן. דער מידער בליק פון אירע פיינע שוואַרצע אויגן האָט זיך רויק אַראָפּגעלאָזן אויף פאָכטינען. נאָר פאָכטין איז געווען פרייש, זעלבסטצופרידן און פריילעך ליבנסווערדיק, ווי אַלעמאָל. ער איז געווען מאַריע איוואַנאָוונעס פריינד.

— אַ! — האָט נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע געזאָגט.

— ניט פריינד — די יאָרן אונזערע... נאָר זי איז אַלעמאָל געווען גוט צו מיר. — פאָכטין איז געווען פון אַלעמאָל אָן פּיאָטר איוואַניטשעס אַ פאַרערער, ער האָט געקענט זיינע חברים. ער האָט געהאָפט, אַז ער קען נוצלעך זיין די אָנגעקומענע, ער וואָלט נאָך נעכטן געקומען אַהער, נאָר ער האָט ניט באַוויזן, און ער בעט, מען זאָל עס אים פאַרצייען, און ער האָט זיך געזעצט אין לאַנג גערעדט.

— יאָ, כ'דאַרף אייך זאָגן, כ'האָב געפונען פיל ענדערונגען אין רוסלאַנד זינט דעמאָלסט, — האָט פּיאָטר איוואַניטש געזאָגט, ענט־פערנדיק אויף זיין פראַגע.

ווי נאָר פּיאָטר איוואַניטש האָט אָנגעהויבן ריידן, איז כדאַי געווען צו זען, מיט וואָס פאַר אַ אַכטונגספולער אויפמערקזאַמקייט פאָכטין האָט אויפגענומען יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויס פון דעם באַרימטן זקנס מויל, און ווי נאָך יעדער פראַגע, אַמאָל וואָרט, האָט פאָכטין מיט אַ שאָקל פון קאָפּ, מיט אַ שמייכל, אָדער אַ באַ־וועגונג פון די אויגן געלאָזט פילן, אַז ער האָט באַקומען און אויפגענומען די געדענק־ווערטע פאַר אים פראַזע אָדער וואָרט. דער מידער בליק האָט געקוקט מיט הסכמה אויף דעם דאָזיקן גאַנג. בערגיי פּעטראָוויטש האָט, דאַכט זיך, מורא געהאַט, אַז דעם טאַ־טעשיס רייד וועט ניט זיין באַדייטיק, אַז עס זאָל אַנטשפּרעכן

דעם צוהערערס אויפמערקזאַמקייט. סאָפיע פּעטראָוונע, פאַרקערט, האָט אַ שמייכל געטאָן מיט יענעם אומבאַמערקטן זעלבסטצופרידענעם שמייכל, מיט וועלכן לייטן שמייכלען, ווען זיי באַמערקן די קאָמישע זייט פון אַ מענטשן. איר האָט אויסגעוויזן, אַז פון דעם דאָזיקן קאָן מען גאָרניט דערוואַרטן. אַז דאָס איז אַ „שיזשקע“, — אַזוי האָבן זיי, זי און דער ברודער, גערופן מענטשן פון אַ געוויסן מין. פּיאָטר איוואַניטש האָט דערקלערט, אַז ער האָט אין דער צייט פון זיין רייזע באַמערקט קאָלאָסאַלע ענדערונגען, וועלכע האָבן אים געפרייט... מען קאָן ניט פאַרגלייכן, ווי דער עולם, דער פויער, איז געוואָרן העכער, עס איז געוואָרן מער באַוואוסטזיין פון דער אייגענער ווערדע אין זיי, — האָט ער גערעדט, גלייך ווי איבערחזרנדיק אַלטע פראַזעס. — און איך דאַרף אייך זאָגן, אַז דאָס פאָלק אינטערעסירט מיך און האָט מיך אינטערעסירט מער פאַר אַלץ. איך האַלט מיך ביי דער מיינונג, אַז די קראַפט פון רוסלאַנד איז ניט אין אונז, נאָר אין „פאָלק“, און אַז. וו. פּיאָטר איוואַניטש האָט מיט דער היץ, וועלכע איז אים אייגנשאַפטלעך געווען, אַנטוויקלט זיינע מער־ווייניקער אָריגינעלע מיינונגען מכּוח פאַרשיידענע וויכטיקע ענינים. אונז וועט נאָך אויסקומען צו הערן זיי אין אַ פולערער מאָס. פאַכטין האָט זיך געשמאָלצן פון תענוג און איז מסכּים געווען מיט אַלץ.

— איר מוזט זיך אומבאַדינגט באַקענען מיט די אַקסאַקאָווס, איר וועט מיר דערלויבן, פירשט, פאָרצושטעלן זיי פאַר אייך? איר ווייסט, מען האָט אים איצט דערלויבט זיין אויסגאַבע, — מען זאָגט, מאָרגן וועט אַרויס דער ערשטער נומער. איך האָב געלייענט אויך זיין וואונדערלעכן אַרטיקל וועגן דער קאָנסעקווענטקייט פון דער טעאָריע פון דער וויסנשאַפט און דער אַבסטראַקטישקייט. אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט. נאָך דאָרטן אַן אַרטיקל—די געשיכטע פון סערביע אין XII יאָרהונדערט און פון דעם דאָזיקן באַרימטן וואָיעוואָדע קאַרבאַוואָניעץ, אויך זייער אינטערעסאַנט. בכלל אַ גרויסער טריט.

— אָ! יאָ, — האָט פּיאָטר איוואַניטש געזאָגט. נאָר אַפּנים, אים האָבן ניט אינטערעסירט די אַלע ידיעות, ער האָט אַפילו ניט געוואוסט די נעמען און די פאַרדינסטן פון די אַלע מענטשן, וועלכע

פֿאָכטין האָט אָנגערופֿן ווי אַלעמען באַקאַנטע. ניט אָפּלייקענענדיק די נויטווענדיקייט צו קענען די אַלע מענטשן און באַדינגונגען, האָט נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע צו דער פֿאַרטיידיקונג פֿון איר מאַן באַמערקט, אַז ער פֿלעגט זייער שפּעט באַקומען די זשורנאַלן. אָבער ער לייענט צופֿיל.

— פּאַפּאַ, מיר וועלן פֿאָרן צו דער מומען? — האָט סאָניע געזאָגט אַריינקומענדיק.

— מיר וועלן פֿאָרן, נאָר מען דאַרף עסן פֿרישטיק. אפֿשר ווילט איר עפּעס?

פֿאָכטין האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, אָפּגעזאָגט, אָבער פּיאָטר איוואַניטש איז מיט דער איינגעשאַפֿטלעכער פֿאַר אַ רוסישן בכלל און פֿאַר אים בפֿרט גאַסטפֿריינדלעכקייט צוגעשטאַנען, אַז פֿאָכטין זאָל עסן און טרינקען. אַליין האָט ער אויסגעטרונקען אַ קעלישעק בראַנפֿן און אַ גלאָז באָרדאָ. פֿאָכטין האָט באַמערקט, אַז ווען ער האָט אָנגעגאָסן דעם וויין, האָט זיך נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע ניט ווילנדיק אָפּגעקערט פֿון גלאָז, און דער זון האָט מיט אַ באַזונדערן בליק אַ קוק געטאָן אויף דעם פֿאָטערס הענט. נאָך דעם וויין האָט פּיאָטר איוואַניטש אויף פֿאָכטינס פֿראַגע וועגן דעם, ווי איז זיין מיינונג וועגן דער נייער ליטעראַטור, וועגן דער נייער ריכטונג, וועגן מלחמה, וועגן שלום (פֿאָכטין האָט געקענט די סאַמע פֿאַרשיידנאַרטיקע ענינים פֿאַריניקן אין איין אומגעלומפּערטן, אָבער גלאַטן שמועס), — גלייך געענטפֿערט מיט איין אַלגעמיינעם protession de foi, און — צי איז שולדיק געווען דער וויין, צי דער קעגנשטאַנד פֿון דעם שמועס, — נאָר ער האָט זיך אַזוי צעהיצט, אַז טרערן האָבן זיך אים באַוויזן אין די אויגן, און פֿאָכטין איז געקומען אין התפּעלות און האָט אויך געלאָזן פֿאַלן אַ טרער, און ניט שטערנדיק זיך, האָט ער אויסגעדריקט די איבערצייגונג, אַז פּיאָטר איוואַניטש שטייט איצט פֿאָראויס פֿאַר אַלע פֿאָרגעשריטענע מענטשן און מ׳ז ווערן דער ראש פֿון אַלע פֿאָכטינס. פּיאָטר איוואַניטשעס אויגן האָבן זיך פֿונאַנדערגעברענט, און ער האָט געגלייבט אין דעם, וואָס פֿאָכטין האָט געזאָגט, און ער וואָלט נאָך לאַנג גערעדט, ווען סאָפֿיע פּעטראָווונע וואָלט ניט אינטריגירט ביי נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע, זי זאָל אָנטאָן

דעם מאַנטל, און ווען זי וואָלט אַליין ניט געקומען אויפהויבן פון אָרט פּיאָטר איוואַניטשן. ער האָט זיך געהאַט אָנגעגאָסן אין גלאָז דעם אייביקן ווײַן, אָבער סאָפיע פּעטראָווגע האָט אויסגעטרונקען.

— וואָס־זשע טוסטו עס?

— איך האָב נאָך ניט געטרונקען, papa, pardon. —ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

נו, פאָרן מיר צו מאַריע איוואַנאָווגען. איר וועט אונז פאַר־צייען m-r פּאָכטין, — און פּיאָטר איוואַניטש איז אַרויס האַלטנדיק הויך דעם קאָפּ. אין פּורהויז האָט זיך באַגעגנט נאָך אַ גענעראַל, וועלכער איז געקומען מיט אַ וויזיט צום אַלטן באַקאַנטן. זיי האָבן זיך 35 יאָר ניט געזען. דער גענעראַל איז שוין געווען אָן ציין און אַ פּליכעוואַטער.

— און דו, ס'איר אַ פרישער דו ביסט נאָך, — האָט ער גע־זאָגט. — משמעות, אַז סיביר איז בעסער פאַר פּעטערבורג. דאָס זיינען דיינע — שטעל מיך פאָר. ס'איר אַ כוואַט דער זון איז. איז מאָרגן צו מיטאָג?

— יאָ, יאָ, אומבאַדינגט.

אויפן גאַניק האָט זיי באַגעגנט דער באַרימטער טשיכאַיעוו, אויך אַן אַלטער באַקאַנטער.

— ווי־זשע האָט איר זיך דערוואוסט, אַז איך בין געקומען?

— ס'וואָלט אַ שאַנד געווען פאַר מאָסקווע, אויב זי וואָלט ניט וויסן, אַ שאַנד, וואָס ביים שלאָגבוים האָט מען אייך ניט באַ־געגנט. וואו עסט איר מיטאָג? מסתמא ביי דער שוועסטער מאַריע איוואַנאָווגען? איז אויסגעצייכנט, איך וועל אייך קומען. — פּיאָטר איוואַניטש האָט אַלעמאָל געהאַט אַן אויסזען פון אַ מענטשן אַ שטאָלצן פאַר די, וועלכע האָבן ניט געקענט באַמערקן דורך דער דאָזיקער אויסערלעכקייט דעם אויסדרוק פון אומבאַשרייבלעכער גוטס־קייט און סענטימענטאַלקייט. איצט אָבער האָט אַפילו נאַטאַליע ני־קאָלאַיעווגע באַוואונדערט זיין אומגעוויינלעכע גרויסאַרטיקייט, און סאָפיע פּעטראָווגע האָט געשמייכלט מיט די אויגן, קוקנדיק אויף אים. זיי זיינען געקומען צו מאַריע איוואַנאָווגען. מאַריע איוואַנאָווגע איז

געווען פּיאָטר איוואַניטשעס טויף־מוטער און עלטער פאַר איִם מיט 10 יאָר. זי איז געווען אַן אַלטע מיידל.

איר געשיכטע, פאַרוואָס האָט זי ניט חתונה געהאַט און ווי האָט זי אָפּגעלעבט איר יוגנט, וועל איך ווען עס איז אַן אַנדערש מאָל דערציילן.

זי האָט אָפּגעלעבט אין מאָסקווע 49 יאָר, ניט אַרויספאָרנדיק. זי האָט ניט געהאַט, ניט קיין גרויסן שכל, ניט קיין גרויסע עשירות און אויף באַקאַנטשאַפט האָט זי קיין אַכט ניט געלייגט, — אַדרבא; פונדעסטוועגן איז ניט געווען קיין מענטש, וואָס זאָל זי ניט אַכטן. זי איז געווען אַזוי זיכער, אַז אַלע דאַרפן פאַר איר דרך־ארץ האָבן, אַז אַלע האָבן פאַר איר דרך־ארץ געהאַט. ס'זיינען געווען יונגע ליבעראַלן פון דער אוניווערסיטעט, וועלכע האָבן ניט אָנערקענט איר מאַכט, אָבער די דאָזיקע לייט האָבן פראָנדירט בלויז אין איר אָפּוועזנהייט. ווי נאָר זי איז אַריין אין גאַסטזאַל מיט איר קיניגלעכן גאַנג, ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן ריידן מיט איר רויִקן טאָן, שמייכלען מיט איר פריינדלעכן שמייכל, אַזוי האָבן זיי זיך תּיכּף אונטערגעגעבן. איר געזעלשאַפט איז געווען — אַלץ. זי האָט געקוקט אויף מאָסקווע און איז זיך מיט איר באַגאַנגען, ווי מיט אירע היימישע. בּיי איר פלעגן זיין פריינד דער עיקר פון דער יוגנט און פון די קלוגע מאַנסביל; פרויען האָט זי ניט ליב געהאַט. בּיי איר זיינען געווען אומזיסטע קעסטניצעס און קעסטניקעס, וועלכע אונזער ליטעראַטור האָט צוליב עפּעס איינגעשלאָסן אין איין אַלגעמיינער פאַראַכטונג צוזאַמען מיט דער וועגגערקע און מיט די גענעראַלן, אָבער מאַריע איוואַנאָוונע האָט געהאַלטן, אַז פאַר סקאָפּינען, וועלכער האָט זיין פאַרמעגן פאַרשפּילט אין קאָרטן, און פאַר בעשעווען, וועלכע דער מאַן האָט אַרויסגעטריבן, איז גלייכער, זיי זאָלן וואוינען בּיי איר, איידער לעבן אין אָרעמקייט, און זי האָט זיי געהאַלטן. נאָר די צוויי שטאַרקע געפילן אין דעם איצטיקן לעבן פון מאַריע איוואַנאָוונע זיינען געווען אירע צוויי ברידער. פּיאָטר איוואַניטש איז געווען איר אָפּגאָט, פירשט איוואַן — איר האַס. זי האָט ניט געוואוסט, אַז פּיאָטר איוואַניטש איז געקומען צו פאָרן, איז זי געווען בּיי דער אינדערפרייִקער מעסע, און האָט ערשט אָפּגעטרונקען קאַווע.

דער מאָסקווער וויקאַריוש, בעשעוו און סקאָפּין זיינען געזעסן ביים טיש. מאַריע איוואַנאָוונע האָט זיי דערציילט וועגן דעם יונגן גראַף וו., דעם זון פון פּ. ז., וועלכער איז צוריקגעקומען פון סעוואַסטאָפּאָל, און זי איז אין אים געווען פאַרליבט (זי איז כּסדר געווען אין עמעצן פאַרליבט), היינט האָט ער געזאָלט עסן ביי איר מיטאָג. דער וויקאַריוש איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך געזעגנט. מאַריע איוואַנאָוונע האָט אים ניט פאַרהאַלטן, זי איז געווען אַ פריידענקערין אין דער הינזיכט; זי איז געווען אַ פרומע, האָט אָבער ניט ליב געהאַט קיין מאָנאַכן, האָט געלאַכט פון די דאַמען, וואָס לויפן נאָך נאָך מאָנאַכן, און האָט דרייסט געזאָגט, אַז לויט איר מיינונג זיינען די מאָנאַכן פונקט אַזעלכע מענטשן, ווי מיר זינדיקע, און אַז מען קאָן זיך פאַרדינען עולם-הבא אין וועלטלעכן לעבן פונקט אַזוי ווי אין קלויסטער.

— הייסט קיינעם ניט אויפנעמען, מיין פריינד, — האָט זי געזאָגט, — איך וועל אָנשרייבן פּיערן; איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס קומט ער ניט צו פאָרן. מסתּמא איז נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע קראַנק.

מאַריע איוואַנאָוונע האָט געהאַט די איבערצייגונג, אַז נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע האָט זי ניט ליב און איז איר אַ שונא. זי האָט איר ניט געקענט מוחל זיין, וואָס ניט זי, די שוועסטער, האָט אים אָפּגעגעבן איר גוטס און איז מיט אים געפאָרן קיין סיביר, נאָר נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע, און וואָס דער ברודער האָט איר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אין דעם, ווען זי האָט זיך געקליבן פאָרן. נאָך 35 יאָר האָט זי אָפטמאָל אָנגעהויבן גלויבן דעם ברודער, אַז נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע איז די בעסטע ווייב אין דער וועלט און איז געווען זיין מלאך הגואל, אָבער זי האָט מקנא געווען, און איר האָט זיך אַליץ געדאַכט, אַז זי איז אַ שלעכטער מענטש.

זי איז אויפגעשטאַנען, דורכגעגאַנגען זיך איבערן זאַל און געוואָלט גיין אין קאַבינעט, ערשט די טיר האָט זיך געעפנט און בעשעווס צעקנייטשט גראָ פּנימל, וואָס האָט אויסגעדריקט פריידיקע אימה, האָט זיך אַריינגעשטעלט אין טיר.

— מאַריע איוואַנאָוונע, גרייט זיך צו, — האָט זי געזאָגט.

— אַ בריוו?

— ניין, מיר... — אָבער זי האָט ניט באַוויזן צו ענדיקן, ווי אין פאָדערצימער האָט זיך דערהערט אַ הויכער מאַנסבילשער קול.

— וואו־זשע איז זי עס? גיי דו, נאַטאַשע.

— ער! — האָט מאַריע איוואַנאָוונע אַרויסגערעדט און איז אַוועק מיט ברייטע, פעסטע טריט צום ברודער. זי האָט זיי באַגעגנט, גלייך ווי זי וואָלט זיך נעכטן מיט זיי געזען.

— ווען ביסטו געקומען? וואו האָסטו זיך אָפּגעשטעלט? און וואָס־זשע זייט איר געקומען? אין אַ קאַרעטע? — אָט־וואָס פאַר אַ פראַגן מאַריע איוואַנאָוונע האָט געשטעלט, אַריבערגייענדיק מיט אים אין גאַסטזאַל, און ניט הערנדיק די ענטפערן, און קוקנדיק מיט גרויסע אויגן אַמאָל אויף איינעם, אַמאָל אויפן צווייטן. בעשעווע האָט זיך געוואונדערט אויף דער דאָזיקער רויקייט, אַפילו גלייכגילטיקייט, און האָט געטראַכט, אַז עס איז ניט גוט אַזוי. זיי האָבן אַלע געשמייכלט, דער שמועס איז אַנטשוויגן געוואָרן, מאַריע איוואַנאָוונע האָט שווייגנדיק ערנסט געקוקט אויפן ברודער.

— וואָס מאַכט איר? — האָט פיאָטר איוואַניטש געזאָגט, נעמענדיק זי פאַר דער האַנט און שמייכלענדיק. פיאָטר איוואַניטש האָט איר געזאָגט „איר" און זי אים — „דו". מאַריע איוואַנאָוונע האָט ווידער אַ בליק געטאָן אויף דער גרויער באָרד, אויפן קאַלן קאָפּ, אויף די ציין, אויף די קנייטשן, אויף די אויגן, אויפן פאַרברענטן פנים, און זי האָט עס אַלץ דערקענט.

— אָט איז מיין סאָניע.

אָבער זי האָט זיך ניט אומגעקוקט.

— ס'איז אַ שוו... — איר שטים האָט זיך אָפּגעהאַקט. זי האָט געכאַפּט מיט אירע ווייסע גרויסע הענט דעם קאַלן קאָפּ. „ס'איז אַ שוטה דו ביסט, — האָט זי געוואָלט זאָגן, — וואָס דו האָסט מיך ניט צוגעגרייט". נאָר די אַקסלען און די ברוסט האָבן גענומען ציטערן, דאָס אַלטערלעכע געזיכט האָט זיך אויסגעקרימט, און זי האָט זיך פונאַנדערגעוויינט, אַלץ דריקנדיק צו

דער בּרומט דעם קאָלן קאָפּ און איבּערחזרנדיק: „ס׳אַר אַ שו...טה, וואָס דו האָסט מיך ניט צוגעגרייט“. פּיאָטר איוואַניטש האָט זיך שוין ניט אויסגעוויזן פאַר אַזאַ גרויסן מאַן, האָט זיך שוין ניט אויסגעוויזן אַזוי וויכטיק, ווי לעבּן שעוואַליעס גאַניק. מיטן הינטן איז ער געזעסן אויפן שטול, נאָר דער קאָפּ זיינער איז געווען בּיי דער שוועסטער אין די הענט, די נאָז צוגעדריקט צו איר קאָרסעט, און עס האָט אין נאָז געקיצלט, די האָר זיינען געווען צעפּלאָנטערט, און טרערן זיינען געשטאַנען אין די אויגן. אָבּער אים איז געווען גוט. ווען דער דאָזיקער אויסבּרוך פון פריידיקע טרערן איז אַריבּער, האָט מאַריע איוואַנאָוונע פאַרשטאַנען, אָנגעהויבּן גלויבּן אין דעם, וואָס עס איז געשען, און גענומען בּאַטראַכטן אַלעמען. אָבּער נאָך עטלעכע מאָל אין משך פון טאָג, ווי נאָר זי פלעגט זיך דערמאָנען, אַ וועלכער איז ער געווען, אַ וועלכע זי איז געווען דעמאָלסט, און וועלכע זיינען זיי איצט, און אַלץ האָט זיך לעבּעדיק פאָרגעשטעלט אין איר דמיון — די דעמאָלסטיקע אומגליקן, און די דעמאָלסטיקע פריידן, און די דעמאָלסטיקע ליבּעס, — פלעגט אויף איר אָנפאַלן די דאָזיקע שטימונג און זי פלעגט ווידער אויפשטיין און איבּערחזרן: „ס׳אַר אַ נאַר דו בּיסט, פּעטרושע, ס׳אַר אַ נאַר, וואָס דו האָסט מיך ניט צוגעגרייט! פאַרוואָס זייט איר צו מיר גלייך ניט געקומען, איך וואָלט אַייך שוין אַהינגעטאָן, — האָט מאַריע איוואַנאָוונע גערעדט, — לפּחות, עסט בּיי מיר מיטאָג. דיר וועט בּיי מיר ניט זיין לאַנגווייליק, סערגיי. בּיי מיר עסט מיטאָג אַ יונגער סעוואַסטאָפּאָלער, אַ כוואַט. ניקאָלאַי מיכאַילאָוויטשעס זון קענסטו ניט? ער איז אַ שריפטשטעלער, ער האָט עפּעס דאָרט אַ גוטע זאַך אָנגעשריבּן. איך האָבּ ניט געלייענט, נאָר מען לויבּט, און ער איז אַ ליבּער יונג, איך וועל אים אייך רופן. טשיכאַ עוו האָט אויך געוואָלט קומען. נו, דאָס איז אַ פּלוידערזאַק, איך האָבּ אים ניט ליבּ. ער איז שוין געווען בּיי דיר? און ניקיטען האָסטו געזען? מילא, דאָס איז אַלץ נאַרישקייט. וואָס האָסטו בּדעה צו טאָן? וואָס מאַכט איר? אַייער געזונט, נאַטאַל? וואָס רעכנט איר טאָן מיט דעם כוואַט, מיט דער שיינהייט?

אָבּער דער שמועס האָט זיך אַלץ ניט געקלעפּט.

פאַר מיטאָג איז נאַטאַליע ניקאָלאַיעווונע מיט די קינדער אַוועק־געפאָרן צו אַן אַלטער מומען, ברודער און שוועסטער זיינען גע־בליבן זאַלבענאַנד, און ער האָט איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיינע פּלענער.

— סאָניע איז אַ גרויסע, מען דאַרף איר אַריינפירן אין דער געזעלשאַפט; הייסט עס, מיר וועלן וואוינען אין מאָסקווע, — האָט מאַריע איוואַנאָוונע געזאָגט.

— בשום אופן ניט!

— סעריאָזשע דאַרף אָנקומען אויף אַ פּאָסטן.

— בשום אופן ניט.

— ביסט אַליין אַזאַ משוגענער. — אָבער זי האָט אַליין די זעלביקע זאַך ליב געהאַט דעם משוגענעם.

— מען דאַרף דאָ זיצן, נאָכדעם פאָרן אין דאָרף און די קינדער אַליין באַווייזן.

— מיין כּלל איז — ניט מישן זיך אין משפּחה־ענינים, — האָט מאַריע איוואַנאָוונע געזאָגט, באַרויִקנדיק זיך פון דער אויפ־רעגונג. — און ניט געבן קיין עצות. אַ יונגערמאַן דאַרף דינען, דאָס האָב איך אַלעמאָל געטראַכט, און טראַכט איצט. און איצט מער, ווי אַן אַנדערש מאָל. דו ווייסט ניט, פּעטרושע, וואָס איז איצט פאַר אַ יוגנט. איך קען זיי אַלעמען. אָט איז פּירשט דמיטרים זון גאָר אַ פאַרפאַלענער, און זיי זיינען אַליין שולדיק. איך האָב דאָך פאַר קיינעם קיין מורא ניט, איך בין אַ זקנה. אָבער ניט גוט... — און זי האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דער רעגירונג. זי איז מיט איר געווען אומצופרידן פאַר דער איבעריקער פרייהייט, וועלכע מען האָט אַלע־מען געגעבן. „איין גוטע זאַך האָט מען געטאָן — וואָס מען האָט אייך אַרויסגעלאָזט. דאָס איז גוט“.

פּעטרושע האָט אָנגעהויבן פאַרטיידיקן, אָבער מיט מאַריע אי־וואַנאָוונען איז געווען ניט דאָס, וואָס מיט פאָכטינען: ער האָט ניט געקענט איבעררעדן. זי האָט זיך צעהיצט.

— נו, וואָס איז דאָ פאַראַן צו פאַרטיידיקן! דו דאַרפסט נאָך פאַרטיידיקן? איך זע, דו ביסט נאָך אַליין אַזאַ מטורף.

פּיאָטר איוואַניטש איז אַנטשוויגן געוואָרן מיט אַ שמייכעלע, וואָס האָט באַוויזן, אַז ער גיט זיך ניט אונטער, אָבער אַמפּערן זיך מיט מאַריע איוואַנאָווגען וויל ער ניט.

— דו שמייכלסט, מיר ווייסן עס. דו ווילסט מיט מיר, מיט אַ באַבעצע, ניט אַמפּערן זיך, — האָט זי געזאָגט פֿריילעך און פֿריינדלעך און אַזוי דין, קלוג קוקנדיק אויפֿן ברודער, אַז מען האָט עס ניט געקענט דערוואַרטן פֿון איר אַלטערלעכן פּנים מיט די גראָבע שטריכן. — און דו וועסט טאַקע ניט איבעראַמפּערן, פֿריינדעלע מיינער. איך דערלעב דאָך שוין דעם זיבעטן צענדלינג. אויך ניט ווי אַ נאַר אָפּגעלעבט. עפּעס וואָס געזען און פֿאַרשטאַנען. די ביכלעך אַייערע ניט געלייענט און וועל ניט לייענען. אין די ביכלעך איז נאַרישקייט!

— נו, ווי געפֿעלן אַייך מיינע חברה? סעריאָזשע? — האָט פּיאָטר איוואַניטש געזאָגט מיט דעם זעלביקן שמייכל.

— נו, נו! — האָט זי אים געדראָט. — פֿיר אָקאָרשט ניט אַריבער אויף די קינדער, וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן. און איך האָב דיר אָט-וואָס געוואָלט זאָגן, דו ביסט דאָך אַ משוגענער, און אַזעלכער ביסטו פֿאַרבליבן, איך זע נאָך דיינע אויגן. איצט וועט מען דיך אָנהייבן טראָגן אויף די הענט. אַזאַ מאָדע איז עס. איצט זייט איר אַלע אין דער מאָדע. יאָ, יאָ, איך זע נאָך די אויגן, אַז דו ביסט פּונקט אַזאַ מטורף, ווי פֿריער, — האָט זי צוגעגעבן, ענטפֿערנדיק אויף זיין שמייכל, — דערווייטער זיך, — אין קריסטוסעס נאָמען בעט איך דיך, — פֿון די אַלע ליבעראַלן היינטיקע. גאָט ווייס זיי, וואָס קערן זיי דאָרט פֿאַר אַ וועלטן. אָבער דאָס אַלץ וועט זי ניט גוט ענדיקן. אונזער רעגירונג שווייגט איצט, אָבער נאָכדעם וועט איר אויסקומען צו באַווייזן די נעגל, געדענק מיין וואָרט. איך האָב מורא, אַז דו זאָלסט ווידער ניט אַריינפֿאַלן. לאָז עס. ס'איז אַלץ נאַרישקייט, דו האָסט קינדער.

— אַפּנים, אַז איר קענט מיך איצט ניט, מאַריע איוואַנאָווגע, — האָט דער ברודער געזאָגט.

— נו, רעכט, רעכט, מיר וועלן שוין שפּעטער זען, צי איך קען דיך ניט, צי דו קענסט זיך אַליין ניט. איך האָב דיר נאָך

געזאָגט, וואָס בײַ מיר אויפֿן האַרצן; וועסט מיך פֿאָלגן — איז גוט. און איצט לאָמיר ריידן וועגן סעריאָזשען, וואָס איז ער בײַ דיר פֿאַר אַ מענטש? — „ער איז מיר ניט זייער געפֿעלן געוואָרן“, האָט זי געוואָלט זאָגן, אָבער זי האָט נאָר געזאָגט: — ער איז אין דער מאַמען געראָטן, צווײַ טראָפּן וואַסער. אָט סאָניע דײַנע איז מיר זייער געפֿעלן געוואָרן, זייער... עפּעס אַזוינס ליבלעכס, אָפֿנס. אַ ליבע. וואו איז זי, סאָניעלע? אָ, איך האָב גאָר פֿאַרגעסן.

— ווי זאָל איך אײַך זאָגן, — סאָניע וועט זײַן אַ גוטע ווײַב און אַ גוטע מוטער, אָבער מײַן סעריאָזשע איז קלוג, זייער קלוג, דאָס וועט קיינער ניט אָפּלייקענען. האָט זיך געלערנט אויסגעצייכנט — עטוואָס פֿויל. צו נאַטורוויסנשאַפֿטן האָט ער געהאַט גרויס חשק. מיר זײַנען געווען גליקלעך, וואָס מיר האָבן געהאַט אַ וואוילן, וואוילן לערער. אים ווילט זיך דאָ אָנקומען אין אוניווערסיטעט הערן אַ ביסל לעקציעס פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט, כעמיע....

מאַריע איוואַנאָוונע האָט כמעט אויפֿגעהערט צו הערן, ווי נאָר דער ברודער האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן נאַטורוויסנשאַפֿטן. עס איז איר פֿלוצלונג גלײַך ווי אומעטיק געוואָרן. דערהויפּט, ווען עס איז דערגאַנגען צו כעמיע. זי האָט טיף אָפּגעזיפֿצט און געענטפֿערט דירעקט אויף יענער רײַ געדאַנקען, וועלכע עס האָבן בײַ איר אַרויסגערופֿן די נאַטורוויסנשאַפֿטן...

— ווען דו וואָלסט וויסן, ווי עס איז מיר אַ רחמנות אויף זיי, פּעטרושע, — האָט זי געזאָגט מיט אויפֿריכטיקן און שטילן אונטערטעניקן טרויער. — אַזאַ רחמנות, אַזאַ רחמנות! אַ גאַנץ לעבן פֿאָרויס. וויפֿיל וועט זיי נאָך אויסקומען צו לײַדן!

— מילא, מען דאַרף האָפֿן, אַז זיי וועלן אָפּלעבן גליקלעכער, ווי מיר.

— הלוואַי, הלוואַי! אָבער לעבן איז דאָך שווער, פּעטרושע. פֿאָלג מיך אין אײַן הינזיכט, טײַבעלע מײַנס. ניט קליג זיך! ס'אַר אַ נאַר דו ביסט, פּעטרושע, אָי, ס'אַר אַ נאַר דו ביסט! אָבער איך דאַרף מאַכן פֿאַראָרדענונגען. אַן עולם האָב איך אײַנגעלאַדן, און וואָס זאָל איך זיי געבן עסן? — זי האָט אַ כליפּע געטאָן, אָפּגעקערט זיך און אָנגעקלונגען.

— אַריינרופֿן טאַראַסן!

— ביי אײַך איז נאָך אַליין דער אַלטער?

— אַליין ער; אָבער ער איז דאָך אַ ייִנגל אין פֿאַרגלייך מיט מיר.

טאַראַס איז געווען בייז און רייך, אָבער ער האָט זיך אָנגענומען אַליין צו מאַכן.

באַלד זיינען פֿלאַמענדיק מיט קעלט און גליק אַריינגעקומען, רוישנדיק מיט די קליידער, נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע און סאָניע. סעריאָזשע איז געבליבן אײַנקויפֿן פֿאַרשיידענע זאַכן.

— לאָזט מיר אויף איר אַ בליק טאָן. — מאַריע איוואַנאָוונע האָט זי גענומען מיט די הענט פֿאַרן געזיכט. נאַטאַליע ניקאָלאַיעוונע האָט דערציילט.

---

# וואַריאַנט פונעם ערשטן קאַפּיטל

.1

דער פּראָצעס „וועגן דעם פאַרכאַפּן דורך דעם גוטבאַזיצער פון
פּענזער גובערניע, קראַסנאָסלאָבאָדער אויעזד פּאָר. טשניק פון גוואַרדיע
אין דעמיסיע, איוואַן אַפּיכטין, 4000 דיעסיאַטין ערד ביי די שכנישע
מלוכישע פּויערים פון דעם דאָרף איזלעגאָשטשי", איז אין דער ערש=
טער אינסטאַנץ, אין אויעזד=געריכט, לויט דער שתדלנות פון דעם
אויסגעוויילטן מצד די פּויערים איוואַן מיראָנאָוו, אַנטשיידן געוואָרן
לטובת די פּויערים, און דאָס גרויסע שטיק לאַנד, טיילווייז
אונטער וואַלד, טיילווייז אונטער אַקער=פעלד, וואָס איז אָפּגעריי=
ניקט געוואָרן דורך אַפּיכטינס לייב=אייגענע, איז אין 1815 יאָר אַרי=
בערגעגאַנגען אין דעם באַזיץ פון די פּויערים, און די פּויערים האָבן
אין 1816 יאָר די דאָזיקע ערד פאַרזייט און אַראָפּגענומען דאָס
געוועטעניש. דאָס, וואָס די פּויערים האָבן אויסגעשפּילט דעם דאָ=
זיקן אומגערעכטן פּראָצעס, האָט פאַרוואונדערט אַלע שכנים און
אַפילו די פּויערים אַליין. דער דאָזיקער דערפאָלג פון די פּויערים
האָט זיך געלאָזט דערקלערן דערמיט, וואָס איוואַן פּעטראָוויטש
אַפּיכטין, אַ מענטש זייער אַ שטילער, אַ באַשיידענער און ניט קיין
בעלן אויף משפּטים, האָט, זייענדיק זיכער, אַז ער איז גערעכט
אין דעם משפּט, ניט אָנגענומען קיינע מיטלען קעגן דער אַקציע
פון די פּויערים. אָבער איוואַן מיראָנאָוו, דער פאַרטרויטער פון די
פּויערים, אַ טרוקענער, מיט אַ האָרבאַטער נאָז, אַ וואוילקענעוודיקער
פּויער, וועלכער איז אַמאָל געווען אַן עלטסטער, אויך אַ זאַמלער
פון שטייערן, האָט צונויפגעקליבן ביי די פּויערים צו 50 קאָפּיקעס
פון אַ נפש, און דאָס געלט קלוג צעטיילט אויף מתנות און גע=
שיקט געפירט דעם ענין. אָבער תיכף נאָך דעם פּסק פון דעם
געריכט האָט אַפּיכטין דערזען די סכנה און אַרויסגעגעבן אַ פול=
מאַכט דעם געשיקטן מאַכער, דעם באַפרייטן פון לייבאייגנטום איליאַ
מיטראָפאַניטש, וועלכער האָט דערלאַנגט אַן אַפּעלאַציע אויף דעם

פּסק פֿון אויעזד=געריכט. איוואַן מיטראָפֿאַניטש האָט אַזוי קלוג געפֿירט די זאַך, אַז ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען מצד דעם פֿויערישן פּאַרטרויטן איוואַן מיראָנאָוו, ניט געקוקט אויף די באַדײַטיקע געלט=מתּנות, וואָס יענער האָט פֿונאַנדערגעגעבן די מיטגלידער פֿון דעם אַפּעלאַציע=געריכט, האָט מען אין דער גובערניע דעם פּסק געענדערט לטובת דעם גוטסבאַזיצער, און די ערד האָט ווידער געזאָלט אַריבערגיין פֿון די פּויערים, ווען וואָס מען האָט טאַקע מודיע געווען זייער פּאַרטרויטן. דער פּאַרטרויטער איוואַן מיראָנאָוו האָט אויף דער דאָרפֿספּאַרזאַמלונג געמאָלדן, אַז די הערן אין דער גובערניע האָבן געמאַכט יד=אַחת מיט דעם גוטסבאַזיצער און דעם גאַנצן ענין „צעפּלאָנטערט“, אַזוי אַז די ערד וויל מען ווידער אָפּנעמען, נאָר אַז דעם גוטסבאַזיצער וועט זיך ניט אײַנגעבן, מחמת ער האָט שוין אָנגעשריבן אַ בּיטע צום סענאַט, און עס איז פֿאַראַן אַזאַ מענטש, וואָס האָט צוגעזאָגט אויף זיכער צו פֿאַרריכטן דעם ענין אין סענאַט, און אַז דעמאָלסט וועט שוין די ערד בלײַבן פֿאַר די פּויערים פֿאַרפֿעסטיקט אויף אייביק; נאָר זיי דאַרפֿן איצט צונויפֿקלײַבן צו רובל פֿון אַ נפֿש. די פּויערים האָבן באַשלאָסן דאָס געלט צונויפֿקלײַבן און ווידער אָנפֿאַרטרויען די זאַך איוואַן מיראָנאָוון. צונויפֿגעקליבן דאָס געלט, איז מיראָנאָוו אַוועקגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג.

אין 1817טן יאָר אין דער פּאַסכע=וואָך — זי איז אויסגעפֿאַלן שפּעט — בעת עס איז געקומען די צײַט אָנצוהייבן אַקערן, האָבן די איזלעגאָשטשינער פּויערים אויף זייער פֿאַרזאַמלונג אָנגעהויבן אַ ישובֿ=הדעת: צי זאָל מען היי=יאָר פֿאַראַקערן דאָס לאַנד, וועגן וועלכן מען משפּט זיך, און ניט געקוקט דערויף, וואָס נאָך אין די פּאַסכע=טעג איז פֿון אַפּיכטינען געקומען אַן אָנגעשטעלטער מיטן באַפֿעל ניט צו אַקערן, נאָר אויסצוגלײַכן זיך מיט אים וועגן די קאָרן, וואָס מען האָט פֿאַרזייט אויף דער ערד, וואָס פֿריער איז געווען אַ ספֿק צו וועמען זי געהערט, און איצט איז זי — אַפּיכטינס, — האָבן די פּויערים דווקא דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן אויף דער דאָזיקער ערד געהאַט פֿאַרזייט קאָרן, און וואָס אַפּיכטין האָט ניט וועלנדיק זיי טאָן קיין עוולה, פֿאָרגעלייגט אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן אויס=

גלייכן זיך, באַשלאָסן, די באַשטרייטבאַרע ערד צו פּאַראַקערן און פאַרכאַפּן פריער פאַר יעדער אַנדערער.

אין דעם זעלבן טאָג, ווען די פויערים זיינען אַרויסגעפאָרן אַקערן אויף דעם בערעסטאָווער שטיק לאַנד, אין דעם ריינעם דאָנערשטאָג, האָט איוואַן פעטראָוויטש אַפּיכטין, וועלכער האָט די פאַר־פאַסכע־וואָך געפאַסט, גענומען דעם הייליקן מאָלצייט און איז גאַנץ פרי אין פרימאָרגן אַוועקגעפאָרן אין דער צערקווע פונם דאָרף איזלעגאָשטשי, וואָס צו איר פאַראַפּיע האָט ער געהערט, און דאָרט האָט ער, גאָרניט ווייסנדיק וועגן דעם, פריינדלעך געשמועסט מיט דעם גבאי פון דער צערקווע. איוואַן פעטראָוויטש האָט זיך מתוודה געווען פון אָוונט, און אינדערהיים האָט ער געהערט די נאַכט־מעסע; אינדערפרי האָט ער איבערגעלייענט די כללים און 8 דעם זייגער איז ער אַרויסגעפאָרן פון דער היים. צו דער מעסע האָט מען אויף אים געוואַרט. ווי פיל אַנדערע אין יענער צייט, און אַפילו אין אַלע צייטן, האָט ער זיך געפילט ניט אין פולער קלאָרקייט בנוגע דער אמונה. ער איז שוין געווען אַריבער 60 יאָר, האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזן קיינע מנהגים, איז געגאַנגען אין צערקווע און האָט געפאַסט איין מאָל אין יאָר. ריידנדיק מיט זיין איינציקער טאָכטער, האָט ער זי געלערנט צו לעבן לויט די כללים פון דער אמונה. נאָר ווען מען וואָלט אים געפרעגט, צי גלייבט ער, וואָלט ער ניט וויסן, וואָס צו ענטפערן. און באַזונדערס היינט, האָט ער זיך געפילט אַ דערוווייכטער, און שטייענדיק ביים אַלטאַר, האָט ער אָנשטאָט תפילה טאָן, געטראַכט וועגן דעם, ווי משונה עס איז אַלץ איינגעאָרדנט אויף דער וועלט: אָט איז ער שוין כמעט אַ זקן, ער פאַסט, אפשר, דאָס פערציקסטע מאָל אין לעבן, און אָט ווייס ער, אַז אַלע, אי די שטובּיקע זיינע, אי אַלע אין דער צערקווע קוקן אויף אים, ווי אויף אַ מוסטער, נעמען אַ ביישפּיל פון אים, און ער פילט, אַז ער איז מחוייב צו באַווייזן דעם ביישפּיל בנוגע דער רעליגיע, אָבער ער אַליין ווייס גאָרניט, און אָט־אָט דאַרף ער שוין שטאַרבן, און כאָטש טו אים אַ מיתה אָן, ער ווייס ניט, צי איז אמת דאָס, אין וואָס ער ווייזט אַנדערע דעם ביישפּיל. און אויך דאָס איז אים געווען משונה, וואָס אַלע האַלטן — ער האָט עס געזען — אַז

אַלטע מענטשן זיינען פעסט און ווייסן, וואָס מען דאַרף, און וואָס מען דאַרף ניט (אַזוי האָט ער שטענדיק געטראַכט וועגן אַלטע לייט), און אָט איז ער אַלט, און ער ווייס לגמרי ניט און איז פונקט אַזוי לייכטזיניק, ווי ער איז געווען צו צוואַנציק יאָר; מער ניט וואָס פריער האָט ער דאָס ניט באַהאַלטן, און איצט באַהאַלט ער עס. פונקט ווי אין דער קינדהייט איז אים געקומען אויפן זינען אַ קריי צו טאָן בשעת דער גאָטסדינסט ווי אַ האָן, אַזוי זיינען אים איצט אויך אין קאָפּ אַריין געקומען פונקט אַזעלכע נאַרישקייטן, און ער, דער זקן, בוקט זיך כאָליה, אָנרירנדיק זיך מיט די אַלטע ביינדעלעך פון דער האַנט צו די שטיינערנע טאָוולען פון דער פאָדלאָגע, און דער גלח וואַסילי שרעקט זיך אַפּנים אָפּצוריכטן די תפילה אין זיין אָנוועזנהייט, און ענטפערט אויף זיין אייפער אויך מיט אייפער. „און אַז זיי וואָלטן וויסן, ס'אַר אַ נאַרישקייטן עס פלאָנטערן זיך ביי מיר אין קאָפּ. אָבער ס'איז אַן עברה, אַן עברה, מען דאַרף גאָט בעטן“, האָט ער זיך געזאָגט, ווען די גאָטסדינסט האָט זיך אָנגעהויבן; און צוהערנדיק זיך צו דעם זינגען פון די תפילות, האָט ער אָנגעהויבן בעטן. און ווירקלעך, באַלד האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן מיטן געפיל צו דער תפילה און אָנגעהויבן דערמאָנען זיינע זינד און אַלץ, אויף וואָס ער האָט תשובה געטאָן.

אַן אָנגעזעענער זקן, אַ פליכעוואַטער, מיט געדיכטע גראָע האָר, אין אַ פעלץ מיט אַ נייער ווייסער לאַטע אויף איבער דער העלפט פלייצע, האָט, אַריינגייענדיק אין אַלטאַר און גלייך טרעטנדיק מיט די אויסגעדרייטע לאַפּטשעס, פאַר אים נידעריק זיך פאַרנייגט, אַ טרייסל געטאָן מיט די האָר און איז אַוועק הינטער דעם אַלטאַר שטעלן ליכט. דאָס איז געווען דער גבאי פון דער צערקווע איוואַן פעדאָטאָוו, איינער פון די בעסטע פויערים אין דעם דאָרף איזלעגאָשטשי. איוואַן פעטראָוויטש האָט אים געקענט. דער אויסזען פון דעם דאָזיקן שטרענגן, פעסטן פנים האָט איוואַן פעטראָוויטשן געבראַכט צו נייע מחשבות. דאָס איז געווען איינער פון יענע פויערים, וועלכע האָבן ביי אים געוואָלט אָפּנעמען די ערד, און איינער פון די בעסטע, רייכע פאַמיליאַנטן באַלעבאַטים, פאַר וועלכע די ערד איז געווען ניי=

טיק, וועלכע האָבן זיך געקענט מיט איר אַן עצה געבן, און האָבן געהאַט מיט וואָס. זיין שטרענגער אויסזען, זיין סאָלידער גריסן זיך, זיין גלייכמעסיקער גאַנג, די פּינקטלעכקייט פון זיין קליידונג — די אָנגעטשועם האָבן פּונקט ווי זאָקן אַרומגענומען זיינע פיס, און די שטריקלעך האָבן זיך סימעטריש איבערגעקרייצט ווי אויף איינער אַזוי אויף דער אַנדערער פוס, — דער גאַנצער אויסזען זיינער האָט גלייך ווי אויסגעדריקט פּראָוואָרף, שנאה פאַר דער ערד.

„יאָ, איך האָב געבעטן מחילה ביי דער ווייב, ביי מאַניען (דער טאָכטער), ביי דער ניאַניע, ביי וואָלאָדיע דעם קאַמערדינער, אָבער אָט ביי וועמען מען וואָלט גאָר געדאַרפט בעטן מחילה, און אים מוחל זיין“, האָט אַ טראַכט געטאָן איוואַן פּעטראָוויטש און באַשלאָסן נאָך דער אינדערפריִקער מעסע בעטן מחילה ביי איוואַן פּעדאָטאָוון.

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

---

אין דער צערקווע איז געווען ווייניק עולם. דער גאַנצער עולם האָט לויטן מנהג זיך צוגעגרייט צו דער הייליקער סעודה פאַר דער ערשטער און פאַר דער לעצטער וואָך. איצט זיינען געווען נאָר אַ מאַן פערציק פויערים און פויערטעס, וועלכע האָבן ניט באַוויזן פריִער מתוודה צו זיין זיך, עטלעכע פויערשע זקנות, די שמשים פון דער צערקווע און משרתים פון אַפּיכטינס הויף און פון די רייכע שכנים, די טשערנישעווס. דאָ איז געווען אַ זקנה, די טשערנישעווס אַ קרובה, וועלכע האָט ביי זיי געוואוינט, און אַן אַלמנה פון אַ דיאַקאָן, וואָס די טשערנישעווס האָבן מחמת זייער גוטהאַרציקייט אירן אַ זון ביי זיך דערצויגן און געמאַכט פאַר אַ מענטשן, און ער האָט איצט געדינט אין סענאַט. צווישן דער אינדערפריִקער און דער ביי־טאָגיקער גאָטסדינסט איז אין צערקווע געבליבן נאָך ווייניקער עולם, די פויערים און די פויערטעס זיינען אַרויס אין דרויסן. עס זיינען געבליבן צוויי בעטלערינס, וועלכע האָבן צווישן זיך געשמועסט זיצנדיק אין ווינקל, און געקוקט אויף איוואַן פּעטראָוויטשן מיט אַ קענטיקן פאַרלאַנג צו גריסן זיך און אַ שמועס טאָן, און צוויי לאָקייען: זיין לאָקיי און אַ ליוורעע און טשערנישעווס, וועלכער איז געקומען מיט דער זקנה. די ביידע האָבן אויך לעבהאַפט וועגן עפּעס

געשעפּטשעט אין דער צייט, ווען איוואַן פּעטראָוויטש איז אַרויס פונם אַלטאַר, און תּיכּף ווי זיי האָבן אים דערזען, זיינען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. עס איז געווען נאָך אַ פרוי אין אַ הויכן טשעפּיק מיט אַ פאַטשערקענעם שטערן און אין אַ ווייסן פעלץ, אין וועלכן זי האָט געטוליעט אַ שרייענדיק קראַנק קינד און געמיט זיך צו באַרויקן עס; און נאָך אַן איינגעהויקערטע זקנה, אויך אין אַ טשעפּיק, נאָר מיט אַ געווענטענעם שטערן, און אין אַ ווייס טיכל, וואָס איז געווען פאַרבונדן אויפן שטייגער, ווי אַלטע פרויען פאַרבינדן עס, און אין אַ גרייען טוך מיט הענדעלעך אויפן רוקן, איז געשטאַנען אויף די קני אינמיטן צערקווע און, ווענדנדיק זיך צום אַלטן בילד צווישן די פענסטער מיט די קראַטעס, אויף וועלכן עס איז געהאַנגען אַ ניי האַנטעך מיט רויטע קאַנטן, האָט זי מתפּלל געווען אַזוי פאַרטיפט, פייערלעך און ליידנשאַפטלעך, אַז מען האָט ניט געקענט ניט אַכטונג געבן אויף איר. ניט דערגאַנגען נאָך צו דעם גבאַי, וועלכער האָט שטייענדיק ביי דער שאַפּקעלע צונויפגעקנאָטן די רעשטלעך פון די ליכט אין אַ קייקל וואַקס, האָט זיך איוואַן פּעטראָוויטש אָפּגעשטעלט, אַ בליק צו טאָן אויף דער זקנה, וואָס האָט מתפּלל געווען. די אַלטע האָט זייער גוט מתפּלל געווען. זי איז געשטאַנען אויף די קני, אַזוי גלייך, ווי נאָר עס איז מעגלעך געווען צו שטיין גלייך אין דער ריכטונג צו דעם בילד, אַלע אירע גלידער זיינען געווען מאַטעמאַטיש סימעטריש, פון הינטן זיינען די פיס מיט די נעזער פון די לאַפּטשעס געווען אונטער איינעם און דעם זעלביקן ווינקל איינגעשפּאַרט אין דער שטיינערנער פּאָדלאָגע, דער קערפּער איז געווען אויסגעבויגן אויף צוריק, אויף וויפיל דער הויקער פון דעם רוקן האָט דערלויבט, די הענט — אינגאַנצן רעגלמעסיק צונויפגעלייגט אונטערן בויך, דער קאָפּ — פאַרוואָרפן אויף הינטער, און דאָס געזיכט, מיט אַן אויסדרוק פון שעמעוודיקער רחמנותדיקייט, אַ צעקנייטשט, מיט אַ טונקעלן בליק, איז געווען גלייך געווענדט צום הייליקן בילד מיטן האַנטעך. אָפּגעשטאַנען אומבאַוועגלעך אין אַזאַ לאַגע אַ מינוט, אָדער ווייניקער, נאָר עפּעס אַ פעסט־באַשטימטע צייט, פלעגט זי שווער אָפּזיפצן, צונעמען די רעכטע האַנט, מיט אַ שטאַרקער באַוועגונג, אויפ-

הויבן זי העכער פון טשעפּיק, צורירן זיך מיט די צונויפגעלייגטע פינגער צו דעם שפּיץ קאָפּ, און פּונקט אַזוי ברייט לייגן אַ צלם אויפן בויך און אויף די אַקסלען אוז, אָפּוואַרפנדיק זיך אויף צוריק, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אויף די רגעלמעסיק צו דער ערד צוגעשטעלטע הענט און ווידער אויפהויבן זיך, און ווידער טאָן דאָס זעלביקע.

— „אָט דאָס הייסט תפילה טאָן, — האָט איוואַן פּעטראָוויטש אַ טראַכט געגעבן, קוקנדיק אויף איר, — ניט אַזוי ווי מיר, זינדיקע; אָט דאָס הייסט גלויבן, הגם איך וויים, אַז זי איז מתפּלל צו איר האַנטעך, אָדער צו איר באַפּוצונג צו דעם בילד, ווי זיי אַלע. אָבער גוט. מילא, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, — יעדער האָט זיין גלויבן. זי טוט תפילה צו איר בילדל, און איך האַלט פאַר נייטיק בעטן מחילה ביי דעם פויער“.

און ער איז אַוועק צו דעם גבאַי, ניט ווילנדיק באַקוקנדיק די צערקווע, כדי צו וויסן, ווער וועט זען דעם טאַט זיינעם, וועלכער איז אים גלייכצייטיק אי געפעלן געוואָרן, אי ער האָט זיך מיט אים געשעמט. אים איז אומאָנגענעם געווען, וואָס די זקנות־די קבצנטעס, ווי ער האָט זיי גערופן, וועלן זען, נאָר מער פאַר אַלץ איז אומאָנגענעם, וואָס מישקע, זיין לאָקיי, וועט עס זען. אין מישקעס אָנוועזנהייט — ער האָט געקענט זיין קלוגן קעפּל — האָט ער אַפילו געפילט, אַז ער וועט ניט זיין אימשטאַנד צוצוגיין צו איוואַן פעדאָטאָוון. און ער האָט מיטן פינגער אַ וואונק געטאָן, אַז מישקע זאָל צו אים צוגיין.

— וואָס באַפעלט איר?

— גיי, זיי אַזוי גוט, ברודערקע, ברענג מיר דאָס טעפּעכל פון זאָגן, אַניט איז דאָ פייכט פאַר די פיס.

— איך הער.

און ווען מישקע איז אַוועק, איז איוואַן פּעטראָוויטש תיכף־ומיד צוגעגאַנגען צו איוואַן פעדאָטאָוון. איוואַן פעדאָטאָוו איז געבליבן אָן מוט, פּונקט ווי אַ שולדיקער, בעת דער פריץ איז צוגעגאַנגען. זיין שרעקעדיקייט און די אַיילעוודיקייט פון די באַוועגונגען האָבן געבילדעט אַ משונהדיקע סתירה צו זיין שטרענגן גע-

זיכט און צו די געקרייזלטע שטאָלענע האָר אין באָרד.

— אַ ליכט באַפוילט איר אַ צענקאָפּיקענע? — האָט ער אָנגעהויבן ריידן, אויפהויבנדיק דעם פּולט און נאָר זעלטן וואַרפנדיק אויף דעם פּריץ אַ בליק פון זיינע גרויסע פיינע אויגן.

— ניין, איך דאַרף ניט קיין ליכט, איוואַן. נאָר איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר מוחל זיין אין קריסטוסעס נאָמען, אויב איך האָב דיך מיט וואָס באַליידיקט. זייט מיר מוחל, אין קריסטוסעס נאָמען, — האָט איוואַן פּעטראָוויטש איבערגעחזרט און האָט זיך נידעריק פאַרנייגט.

איוואַן פעדאָטאָוו האָט זיך שוין גאָר איבערגעשראָקן, נאָר ענדלעך האָט ער פאַרשטאַנען און צערטלעך אַ שמייכל געטאָן:

— גאָט וועט מוחל זיין, — האָט ער געזאָגט. — קיין עוולות האָבן מיר, דאַכט זיך, פון דיר ניט געהאַט. גאָט וועט מוחל זיין, קיין עוולות ניט געהאַט, — האָט ער אײַלנדיק איבערגעחזרט.

— פונדעסטוועגן...

— גאָט וועט מוחל זיין, איוואַן פּעטראָוויטש. איז צענקאָפּיקענע, צוויי?

— יאָ, צוויי.

— אָט אַ מלאך. באמת אַ מלאך. ביי אַ פּויער אַ נידעריקן פונדעסטוועגן געבעטן מחילה. אָ, גאָט! באמת, אַ מלאך! — האָט אָנגעהויבן ריידן די דיאַקאָניכע אין אַ שוואַרצן אַלטן קאַפּאָט און אין אַ שוואַרצן טיכל. — און ריכטיק, מען דאַרף דאָס קענען פאַרשטיין.

— אָ, פאַראַמאָנאָוונע! — האָט זיך איוואַן פּעטראָוויטש צו איר געווענדט. — וואָס? דו פּאַסט אויך? זיי מוחל, אין קריסטוסעס נאָמען.

— גאָט וועט מוחל זיין, פּאָטערל, מלאך דו איינער, באַשיצער דו גנעדיקער מיינער; וויז דאָס הענטל אַ קוש טאָן.

— נו, מ'דאַרף ניט, מ'דאַרף ניט; דו ווייסט דאָך, איך האָב ניט ליב, — האָט געזאָגט איוואַן פּעטראָוויטש, שמייכלענדיק, און ער איז אַריין אין אַלטאַר.

---

די מעסע איז, ווי אַלעמאָל אין איזלעגאָשטשינער צערקווע, אַדורך שנעל, ובפרט, אַז אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט אויפנעמען די הייליקע סעודה, זיינען געווען וויניק. אין דער צייט, ווען נאָך „פאָטער אונזער“ האָבן זיך די טויערן פון מלכות פאַרמאַכט, האָט איוואַן פעטראָוויטש אַרויסגעקוקט דורך דער צפון=טיר, כדי אַ רוף צו טאָן מישקען, ער זאָל אַראָפּנעמען דעם פעלץ. דערזעענדיק זיין באַוועגונג, האָט דער גלח ביז אַ וואונק געטאָן צו דעם דיאַקאָן, דער דיאַקאָן איז כמעט אַרויסגעלאָפן, רופנדיק דעם לאָקיי מיכאַיל. איוואַן פעטראָוויטש איז געווען אין אַ גאַנץ גוטער שטימונג, אָבער די דאָזיקע דינסטפאַרטיקייט און דער אויסדרוק פון אומאַכטונג מצד דעם גלח, וועלכער האָט אָפּגעריכט די מעסע, האָט אים ווידער צערודערט. די דינע, אויסגעבויגענע, ראַזירטע ליפן זיינע האָבן זיך נאָך מער אויסגעבויגן, און די גוטע אויגן האָבן גענומען לייכטן מיט שפּאָט. „פּונקט ווי איך וואָלט געווען זיין גענעראַל“, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, און תיכף האָט ער זיך דערמאָנט די ווערטער פון זיין גוווערניאָר דעם דייטש, וועלכן ער האָט איינמאָל מיט זיך גענומען אין אַלטאַר קוקן די רוסישע גאָטסדינסט; ווי דער דאָזיקער דייטש האָט אים אָנגעמאַכט אַ געלעכטער און ביי דער ווייב אַרויסגערופן צאָרן מיט די ווערטער „Der Pop war ganz böse, dass ich ihm alles nachgesehen hatte“. ער האָט זיך דערמאָנט אויך אָן דעם, ווי אַ יונגער טערק האָט געענטפערט, אַז קיין גאָט איז ניטאָ, ווייל ער האָט אויפגעגעסן דעם לעצטן ביסן. „און איך נעם די הייליקע סעודה“, האָט ער אַ טראַכט געטאָן און, צונויפגערוקט די ברעמען, אַ בוק געטאָן זיך. אַראָפּגענומען דעם בערן=פוטער, אין איין בלאָען פראַק מיט העלע קנעפּ און אין אַ ווייסן הויכן האַלזטוך, אין וועסט און אין שמאָלע הויזן, אין שטיוול אָן קנאַפל, מיט שאַרפע נעזלעך, איז ער אַוועק מיט זיין שטילן, באַשיידענעם און לייכטן גאַנג אַ קוש טאָן די אָרטיקע הייליקע בילדער. און ווידעראַמאָל האָט ער דאָ אויך באַגעגנט די זעלביקע שטרעבונג אים צופרידן צו שטעלן מצד די אַנדערע מתפּללים, וועלכע האָבן אים אָפּגעטראָטן זייער אָרט.

„גלייך ווי זיי וואָלט זאָגן: après rous s'ıl en ıeste [1], האָט ער ער געטראַכט, בוקנדיק זיך אויף אַ זייט צו דער ערד מיט דער זעלביקער אומגעשיקטקייט, וועלכע האָט געשטאַמט דערפון, וואָס מען האָט געדאַרפט געפינען די מיטלמאָס, ביי וועלכער עס זאָל ניט זיין ניט קיין אומאַכטונג, ניט קיין צביעות. לסוף האָבן זיך די טירן געעפנט. ער האָט נאָכן גלח איבערגעלייענט די תפילה, איבער־חזרנדיק, „ווי אַ גזלן", מען האָט אים פאַרהאַנגען די ברוסט מיט אַ כפורת, און ער האָט איפגענומען די היילקע סעודה אין די וואַרעמקייט אין אַן אַלט קענדעלע, אַוועקלייגנדיק אַ נייעם פער־ציקער אויף די אַלטע טעלערלעך. ער האָט אָפגעהערט די לעצטע תפילות, אַ קוש געטאָן דעם צלם, און, אָנגעטאָן דעם פעלץ, איז ער אַרויס פון צערקווע, אָפנעמענדיק מזל־טוב און פילנדיק דעם אָנ־גענעמען געפיל פון סוף. אַרויסגעגאַנגען פון דער צערקווע, האָט ער זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף איוואַן פעדאָטאָוון.

— אַדאַנק, אַדאַנק, — האָט ער געענטפערט אויפן מזל־טוב. — איז ווי, אינגיכן שוין אַקערן?

— דאָס יונגוואַרג איז אַרייסגעפאָרן, אַרויסגעפאָרן אַקערן, — האָט איוואַן פעדאָטאָוו געענטפערט, נאָך מער איידער פריער דער־שראָקן ווערנדיק. ער האָט געמיינט, אַז איוואַן פעטראָוויטש האָט געוואוסט, וואוהין די איזלעגאָשטשינער זיינען אַרויסגעפאָרן אַקערן.— אפשר טאַקע פייכט. נאָך פייכט אפשר. ס'איז נאָך פרי. צו־פרי נאָך.

איוואַן פעטראָוויטש איז געגאַנגען צו דער מצבה פון פאָטער און מוטער, האָט זי פאַרנייגט און, אונטערגעהאַלטן, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין דער קאָליאַסקע, אין וועלכער עס זיינען געווען געשפאַנט זעקס פערד און מיט אַ פאָר־רייטער.

„נו, דאַנקען גאָט", האָט ער זיך געזאָגט, הוידענדיק זיך אויף די ווייכע קיילעכיקע רעסאָרן און קוקנדיק אויף דעם בלאָען הימל מיט צעשווימענדיקע וואָלקנס, אויף דער אַנטפלעקטער ערד און די ווייסע פלעקן פון דעם ניט־צעגאַנגענעם שניי, און אויף דעם צונויפ־

[1] איב עס וועט נאָך אייך עפעס בלייבן.

געדרייטן עק פון דעם זייטיקן פערד און אַריינאָטעמענדיק די פרי-
לינגדיקע פרישע לופט, וועלכע איז געווען באַזונדער אָנגענעם נאָך
דער לופט פון דער צערקווע.

„דאַנקען גאָט, וואָס איך האָב אויפגענומען די הייליקע סעודה,
און דאַנקען גאָט, וואָס מען קאָן נעמען אַ שמעק טאַבאַק“. און
ער האָט אַרויסגענומען דאָס טאַבאַק-פושקעלע און לאַנג געהאַלטן
דעם טאַבאַק צווישן די פינגער, שמייכלענדיק, און מיט דער זעל-
ביקער האַנט, ניט פונאַנדערנעמענדיק די פינגער, האָט ער געהויבן
דאָס היטל, ענטפערנדיק אויף דעם נידעריקן פאַרנייגן זיך פון דעם
אַנטקעגנקומענדיקן עולם, דערהויפט פון די פויערטעס, וועלכע האָבן
געוואַשן די טישן און די בענק לעבן די טירן, בשעת דער וואָגן
האָט מיט דעם שנעלן גאַנג פון די זעקס פערד געשליאָפּעט און
גערודערט איבער דער בלאָטע פון דער גאַס אין דעם דאָרף איז-
לענאָשטשי.

איוואַן פעטראָוויטש האָט צוגעהאַלטן דעם שמעק-טאַבאַק, פאַר-
אויספילנדיק דעם פאַרגעניגן פון דעם שמעקן, ניט נאָר אין דער צייט,
וואָס מען איז געפאָרן אין דער לענג פון דעם גאַנצן דאָרף, נאָר
אַפילו ביז וואַנען מען איז אַרויסגעפאָרן צו דער שלעכטער בריק
אונטערן באַרג, צו וועלכער דער קוטשער האָט אַראָפּגעלאָזן די פערד,
אַפנים ניט אָן פאַרזאָרגטקייט. ער האָט צונויפגענומען די לייצעס,
בעסער זיך אַוועקגעזעצט און אַ געשריי געטאָן צו דעם פאָר-ריי-
טער, ער זאָל פאָרן איבערן אייז. ווען מען איז אַרומגעפאָרן פאַרביי
דער בריק, דורך דעם טאָל, אַרויסגעפאָרן פון דעם אייז, וואָס האָט
זיך אונטער די רעדער צעבראָכן, און פון דער בלאָטע, האָט אי-
וואַן פעטראָוויטש, קוקנדיק אויף צוויי קיביצעס, וועלכע האָבן זיך
אויפגעהויבן פונם טאָל, אַ שמעק געטאָן און, דערפילט אַ פרישקייט,
האָט ער אָנגעטאָן די הענטשקע, זיך איינגעדעקט, אַראָפּגעלאָזן די
גאָמבע אין דעם הויכן קאָלנער און געזאָגט צו זיך כמעט אויפן
קול: „וואויל“, וואָס ער פלעגט צו זיך, בסוד פון אַלעמען שטענדיק
זאָגן, ווען אים איז גוט געווען.

ביידערנאַכט איז אַרויסגעפאַלן אַ שנייעלע, און בעת איוואַן פעט-

דאָוויטש איז געפֿאָרן אין צערקווע, איז נאָך דער שניי ניט אַראָפּ, נאָר ער איז געווען ווייך; איצט אָבער, הגם קיין זון איז נאָך אַליין ניט געווען, האָט שוין די פֿייכטקייט דעם שניי אויפֿגעגעסן אינגאַנצן, און אויפֿן גרויסן שליאַך, איבער וועלכן מען האָט געדאַרפֿט פֿאָרן דריי וויאָרסט ביזן פֿאַרקערעווען זיך אויף טשעראַקאָוואָ, איז דער שניי ווייס געלעגן בלויז אויף דעם פֿאַראיאָריקן גראָז, וואָס איז געוואַקסן פֿאַראַלעל צו די אויסגעפֿאָרענע רינוועס פֿון די רעדער; אָבער וואו דער וועג איז געווען שוואַרץ, האָבן די פֿערד געשליאָפּעט איבער אַ קלעפּיקן קויט. נאָר פֿאַר די גרויסע, אייגענע אויסגעהאָדעוועטע, זאַטע גרויסע פֿערד, איז עס געווען אַ קלייניקייט צו שלעפּן דעם וואָגן, און ער האָט זיך גלייך ווי אַליין געקייקלט איבערן גראָז, אויף וועלכן ער האָט איבערגעלאָזן שוואַרצע שפּורן, און איבער דער בלאָטע, קיין רגע ניט פֿאַרהאַלטנדיק זיך. איוואַן פּעטראָוויטש האָט אָנגענעם געטראַכט: ער האָט געטראַכט וועגן דער היים, וועגן דער ווייב און דער טאָכטער. „מאַשע וועט באַגעגענען אויפֿן גאַניק מיט התפּעלות. זי וועט אין מיר זען אַזאַ הייליקייט. אַ מאָדנע, אַ ליבע מיידעלע; מער ניט זי נעמט זיך שוין אַליין צופֿיל צום האַרצן. און די ראָלע פֿון חשיבות, און פֿון וויכן אַליין, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, וועלכע איך דאַרף פֿאַר איר שפּילן, ווערט שוין פֿאַר מיר צופֿיל ערנסט און קאָמיש. ווען זי וואָלט וויסן, אַז איך האָב פֿאַר איר מורא! — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. — און קאַטאָ (די ווייב) וועט היינט זיכער זיין גוט אויפֿגעלייגט, זי וועט דווקא זיין גוט אויפֿגעלייגט, און דער טאָג וועט זיין אַ גוטער. ניט אַזוי ווי פֿאָריקע וואָך צוליב די פּראָשקינער באַבעס. אַ מאָדנער נפֿש! און איך האָב פֿאַר איר אַזוי מורא... מילא, וואָס זאָל מען טאָן, זי איז אַליין דערפֿון ניט צופֿרידן". און ער האָט זיך דערמאָנט דעם באַוואוסטן אַנעקדאָט וועגן אַ קעלבל: ווי אַ גוטסבאַזיצער, וועלכער האָט זיך צעקריגט מיט דער ווייב, איז געזעסן ביים פֿענסטער און האָט דערזען: אַ קעלבל שפּרינגט אום. „איך וואָלט דיר אָקאָרשט חתונה געמאַכט!" — האָט דער גוטסבאַזיצער געזאָגט. און איוואַן פּעטראָוויטש האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן, אַנטשיידנדיק לויט זיין רגילות יעדע שוועריקייט,

יעדע מיטפאַרשטענדעניש מיט אַ ווינק, וואָס האָט זיך גרעסטן טייל באַצויגן צו אים גופא.

אויף דעם דריטן וויאָרסט לעבן דער קאַפּליצע האָט זיך דער פאָר־רייטער פאַרנומען לינקס אויפן דאָרפישן וועג און דער קוטשער האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן, וואָס ער האָט זיך אַזוי שאַרף פאַרקערעוועט, אַז די מיטלסטע פערד האָבן באַקומען אַ זעץ מיטן דישל. און דער וואָגן האָט זיך אַוועקגעקייקלט כמעט דעם גאַנצן וועג אַראָפּצאַרג. ניט דערפאָרנדיק אַהיים, האָט זיך דער פאָר־רייטער אומגעקוקט אויפן קוטשער און עפּעס באַוויזן. דער קוטשער האָט זיך אומגעקוקט אויפן לאָקיי און באַוויזן. און אַלע האָבן זיי געקוקט אין איין זייט.

— וואָס קוקט איר? — האָט איוואַן פּעטראָוויטש געפרעגט.

— געגנז, — האָט מיכאַילאָ געזאָגט.

— וואו?

ווי ער האָט ניט אָנגעשטרענגט די אויגן, האָט ער פונדעסטוועגן גאָרניט געזען.

— אָט־אָ זיינען זיי. אָן איז דער וואַלד, און נאָכדעם אַ וואָלקנדל, איז קוקט אַהינצו, צווישן.

איוואַן פּעטראָוויטש האָט גאָרניט געזען.

— ס'איז שוין טאַקע צייט. ס'איז, ווי מען זאָגט... שוין לאַנג צייט געווען.

— געוויס.

— נו, פאָר!

ביים טאָל איז מישקע אַראָפּגעקראָכן פון הינטערשטן טרעפל און אָנגעטאַפּט דעם וועג, צוריק אַרויפגעקראָכן און דער וואָגן איז בשלום אַרויפגעפאָרן אויף דער הערבעליע פון דעם סטאַוו אין סאָד, האָט זיך אויפגעהויבן איבער דער אַלעע, פאַרבייגעפאָרן דעם קעלער, די וואַש־שטוב, פון וועלכער עס האָט געטריפט וואַסער, און איז לעבעדיק צוגעפאָרן און אָפּגעשטעלט זיך לעבן גאַניק. פון הויף איז נאָר וואָס אָפּגעפאָרן די טשערנישעווס בריקע. פון הויז זיינען תיכף אַרויסגעשפרונגען מענטשן: דער פאַרכמורעטער זקן דאַנילימש מיט די באַקנבערד, ניקאָלאַי, מיכאַילעס ברודער, דער יונג פּאַוו־

לושע, און הינטער זיי אַ מיידעלע מיט שוואַרצע גריכע אויגן אין מיט רויטע הענט פאַר די עלנבויגנס נאַקעטע הענט און מיט אַ נאַקעטן האַלז.

— מאַריע איוואַנאָוונע! מאַריע איוואַנאָוונע! וואוהין? אָט וועט די מאַמעשי זיין אומרויק. איר וועט נאָך באַוויזן... — האָט פון הינטן געדעדט די שטים פון דער דיקער קאַטערינע.

אָבער די מיידעלע האָט איר ניט געהערט; זי האָט, ווי דער פאָטער האָט דערוואַרט, געכאַפּט אים פאַר דער האַנט און גע־קוקט אויף אים מיט אַ באַזונדער בליק:

— נו, וואָס? געגומען די הייליקע סעודה, טאַטעשי? — האָט זי געפרעגט, גלייך ווי מיט מורא.

— געגומען. דו האָסט, אַפּנים, מורא געהאַט, אַז איך בין אַזאַ זינדיקער, אַז מען וועט מיר ניט געבן?

דער מיידעלע האָט באַשיינפערלעך פאַרשאַפט צער דעם פאָ־טערס וויץ אין אַזאַ פייערלעכער רגע. זי האָט אַ זיפץ געטאָן און נאָכגייענדיק נאָך אים געהאַלטן זיין האַנט און געקושט.

— ווער איז עס געקומען צו פאָרן?

— דאָס איז דער יונגער טשערנישעוו, ער איז אין גאַסטזאַל.

— די מאַמעשי איז אויפגעשטאַנען? וואָס מאַכט זי?

— דער מאַמעשי איז היינט בעסער. זי זיצט אונטן.

אין דעם דורכגאַנגצימער האָבן איוואַן פעטראָוויטשן באַגעגנט די ניאַניע יעווּפּראַקסיע, דער עקאָנאָם אַנדריי איוואַנאָוויטש און דער ערדמעסטער, וועלכער האָט דאָ געוואוינט, כדי איבערצונעמען די ערד. אַלע האָבן אָפּגעגעבן איוואַן פעטראָוויטשן מזל־טוב. אין גאַסט־זאַל איז געזעסן לויזע קאַרלאָוונע טרוגאָני, אין משך פון צען יאָר אַ הויז־פריינד, אַ גוווערנאַנטין־עמיגראַנטין, און אַ יונגערמאַן פון 16 יאָר, טשערנישעוו, מיט אַ גרויעריאָר אַ פראַנצויז.

.2

דעם 2טן אַווגוסט 1817טן יאָר האָט דער 6טער דעפּאַרטאַמענט פון רעגירנדיקן סענאַט אַרויסגעטראָגן אַ פסק־דין, אין דעם ערד־

פּראָצעס צווישן די מלוכהשע פּויערים פונם דאָרף איזלעגאָשטשי און
טשערנישעוון לטובת די פּייערים און קעגן טשערנישעוון. דער דאָ=
זיקער פּסק איז געווען אַן אומדערוואַרטע און גרויסע אומגליקלעכע
געשעעניש פאַר טשערנישעוון. דער פּראָצעס האָט זיך שוין געצויגן
פינף יאָר. אָנגעהויבן האָט אים דער פּאַרטרויטער פון דעם רייכ
דרייטווינזטיקן דאָרף איזלעגאָשטשי, אין אויעזד=גערכט האָבן אים
אויסגעשפּילט די פּויערים, אָבער ווען פירשט טשערנישעוו האָט לויט
דער עצה פון דעם געריכט=שתדלן, דעם הויפישן פּויער, איליאַ מיט=
ראָפּאַנאָוו, וועלכן ער האָט געקויפט ביי פירשט סאַלטיקאָוו, אָנ=
געהויבן דעם פּראָצעס אין דער גובערניע, האָט ער אים אויסגע=
שפּילט, און חוץ דעם זיינען נאָך די איזלעגאָשטשינער פּויערים באַ=
שטראָפט געוואָרן דערמיט, וואָס זעקס פון זיי, וועלכע האָבן באַ=
ליידיקט דעם ערדמעסטער, זיינען פאַרזעצט געוואָרן אין דער תפיסה.
נאָך דעם האָט פירשט טשערנישעוו, מחמת זיין טבע פון גוט=
מוטיקער און פריילעכער זאָרגלאָזיקייט, אינגאַנצן זיך באַרויקט, ובפרט,
אַז ער האָט פעסט געוואוסט, אַז ער האָט קיין ערד ביי די פּוי=
ערים ניט „פאַרכאַפּט“, ווי עס איז געזאָגט געוואָרן אין דער אָנ=
קלאָגע פון די פּויערים. אויב די ערד איז געווען „פאַרכאַפּט“,
איז עס געווען דורך זיין פאָטער, און זינט דעמאָלסט איז שוין
אַריבער העכער 40 יאָר. ער האָט געוואוסט, אַז אויך אָן דער
ערד לעבט זיך די פּויערים פונם דאָרף איזלעגאָשטשי גוט, זיי
נייטיקן זיך אין איר ניט און זיינען מיט אים גוטע שכנים, און
ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס זיינען זיי פלוצלונג פון
זינען אַראָפּ. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט
באַליידיקט און ניט געוואָלט באַליידיקן, מיט אַלעמען שטענדיק גע=
לעבט אין ליבשאַפט, און מער ווי דאָס האָט ער ניט פאַרלאַנגט,
און דעריבער האָט ער ניט געגלויבט, אַז עמעצער זאָל אים וועלן
באַעוולען. ער האָט פיינט געהאַט דאָס משפּטן זיך, און דעריבער
האָט ער זיך ניט משתדל געווען אין סענאַט, ניט געקוקט אויף
די עצות און אויף די אַזהרות פון זיין שתדלן, איליאַ מיטראָפּאַ=
נאָוו; דורכגעלאָזן דעם טערמין פאַר אַפּעלאַציע, האָט ער אין סענאַט
דעם פּראָצעס פאַרשפּילט, און האָט אים אַזוי פאַרשפּילט, אַז ער

האָט געזאָלט רויִנירט ווערן. לויטן באַפעל פונם סענאַט, האָט מען ביי אים ניט נאָר אָפּגעשניטן פינף טויזנט דיעסיאַטין ערד, נאָר פאַר דעם אומגעזעצלעכן פאַרקויפן די ערד האָט מען פון אים גע־דאַרפט אויפמאָנען 107 טויזנט לטובת די פויערים. פירשט טשער־נישעוו האָט געהאַט אַכט טויזנט נפשות, אָבער אַלע זיינע גיטער זיינען געווען פאַרמשכונט, ער האָט געהאַט פיל חובות, און דער דאָזיקער באַשלוס פונם סענאַט האָט אים רויִנירט צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרויסער משפחה זיינער. ער האָט געהאַט אַ זון און פינף טעכטער. ער האָט זיך געכאַפּט, ווען עס איז שוין געווען שפּעט משתּדל צו זיין זיך אין סענאַט. לויט איליאַ מיטראָפּאַנאָווס ווער־טער, איז געבליבן איין רעטונג—דערלאַנגען אַ בקשה אויפן קייסערס נאָמען און איבערפירן דעם פּראָצעס אין מלוכה־ראַט. דערצו האָט מען געמוזט קומען פערזענלעך בעטן עמעצן פון די מיניסטאָרן און פון די מיטגלידער פונם ראַט, און אַפילו — און דאָס וואָלט נאָך בעסער געווען, — דעם קייסער זעלבסט. נעמענדיק אין אַכט דאָס אַלץ, האָט זיך פירשט גריגאָרי איוואַנאָוויטש אין האַרבסט 1817 יאָר אויפגעהויבן פון זיין געליבטן גוט סטודיעניעץ, וואו ער האָט געוואוינט ניט אַרויספאָרנדיק, און אַוועקגעלאָזן זיך מיט דער גאַנ־צער משפחה קיין מאָסקווע. ער איז געפאָרן קיין מאָסקווע און ניט קיין פעטערבורג, ווייל דעם יאָר האָט געזאָלט דער קייסער מיטן גאַנצן הויף, מיט אַלע העכסטע לייט און מיט אַ טייל פון דער גוואַרדיע, אין וועלכער עס האָט געדינט אויך גריגאָרי איוואַנאָוויטשעס זון, אָנקומען קיין מאָסקווע, כדי צו לייגן דעם גרונטשטיין פונם היכל אויפן נאָמען פון דערלייזער צום אָנדענקען, וואָס רוסלאַנד איז ניצול געוואָרן פון דעם אָנפאַל מצד די פראַנצויזן.

אין אַווגוסט נאָך, תּיכּף ווי עס איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה וועגן דעם באַשלוס פון סענאַט, האָט פירשט גריגאָרי איוואַ־נאָוויטש זיך אויסגעקליבן קיין מאָסקווע. פאָרויס האָט מען אַוועק־געשיקט דעם הויזפאַרוואַלטער, כדי צו ברענגען אין אָרדענונג דאָס אייגענע הויז אויף אַרבאַט; מען האָט אַרויסגעשיקט אַ קאַראַוואַן מיט מעבל, דינערשאַפט, פערד, עקיפאַזשן און שפּייז. אין סענט־אַבער איז דער פירשט מיט דער גאַנצער משפחה אויף אייגענע פערד אין זיבן

עקיפּאַזשן געקומען קיין מאָסקווע און האָט זיך באַזעצט אין דעם אייגענעם הויז. קרובים, באַקאַנטע, אָנגעקומענע פון דער גובערניע און פון פּעטערבורג, האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקלייבן קיין מאָסקווע אין סענטיאַבער; דאָס מאָסקווער לעבן גופא מיט זיינע פאַרוויילונגען, דעם זונס קומען, די טעכטערס אַרויספאָרן אין דער געזעלשאַפט און דער דערפאָלג פון דער עלטערער טאָכטער אַלעקסאַנדרע, די איינציקע בלאָנדע פון אַלע שוואַרצע טשערנישעווס, האָבן אַזוי פאַראינטערעסירט און צעשטרייט דעם פירשט, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט דאָ אין מאָסקווע פאַרלעבט, אפשר דאָס לעצטע, וואָס אים וועט בלייבן, ווען ער וועט באַצאָלן אַלע חובות, — האָט ער פאַרגעסן אָן דעם פּראָצעס, און ס'איז אים געווען שווער און לאַנגווייליק, בעת איליא מיטראָפאַנאָוו פלעגט קומען ריידן וועגן עסק, און ער האָט נאָך גאָרניט אָנגעהויבן צו טאָן פאַר דעם דערפאָלג פון זיין פּראָצעס. איוואַן מיראָנאָוויטש באַישקין, דער הויפּט־פאַרטרויטער מצד די פּויערים, וועלכער האָט מיט אַ אַ אייפערקייט געפירט אין סענאַט דעם פּראָצעס קעגן דעם פירשט, וועלכער האָט געוואוסט אַלע וועגן איין־און־אויס צו די סעקרעטאַרן און די אָפּטיילונג־פאַרוואַלטערס און האָט אַזוי קונציק פאַרטיילט די צונויפגעקליבענע פון די פּויערים צען טויזנט רובל אַלס מתנות, האָט אויך איצט איבערגעריסן זיין טעטיקייט און זיך צוריקגעקערט אין דאָרף, וואו ער האָט פאַר דאָס אָנגעזאַמלטע געלט, פאַר זיך האָנאָראַר און פאַר דאָס געלט, וואָס אים איז איבערגעבליבן פון די מתנות, געקויפט ביי אַ שכנישן גוטבאַזיצער אַ וועלדל און אין אים איינגעאָרדנט אַ כאַטע־קאָנטאָר. אין דער העכערער אינסטאַנץ איז דער פּראָצעס איצט געווען געענדיקט און האָט שוין געקענט ווייטער גיין אַליין פון זיך.

פון די אַלע, וועלכע זיינען פאַרמישט געווען אינעם פּראָצעס, האָבן אים ניט געקענט פאַרגעסן בלויז יענע זעקס פּויערים, וועלכע זיינען דעם זיבעטן חודש געזעסן אין תפיסה, און זייערע משפחות, וועלכע זיינען געבליבן אָן ווירטן. אָבער טאָן האָט מען גאָרניט געקענט. זיי זיינען געזעסן אין קראַסנאָ־סלאָבאָדער תפיסה, און זייערע משפחות האָבן זיך געמיט אָפּצוטאָן די אַרבעט אָן זיי. בעטן

איז ניט געווען וועמען. און איוואַן מיראָניטש אַליין האָט געזאָגט, אַז ער קען זיך דערפאַר ניט נעמען, אַז דאָס איז ניט קיין וועלטלעכער ענין, ניט קיין ציווילער, נאָר אַ קרימינעלער. די פּויערים זיינען געזעסן און קיינער האָט זיך פאַר זיי ניט משתדל געווען. בלויז די משפּחה פון מיכאַיל געראַסימאָוויטש, דהיינו זיין אַלטע טיכאָנאָוונע האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איר גאָלד, דער אַלטער געראַסימיטש זיצט אין תפיסה מיט אַ ראַזירטן קאָפּ. טיכאָנאָוונע האָט ניט געקענט בלייבן רויק. זי האָט געבעטן מיראָניטשן, ער זאָל זיך משתדל זיין; מיראָניטש האָט איר אָפּגעזאָגט. דעמאָלסט האָט זי באַשלאָסן אַליין גיין גאָט בעטן פאַר דעם אַלטן. זי האָט שוין מיט אַ יאָר צוריק אַ נדר געטאָן, גיין צו דעם הייליקן, נאָר מחמת זי האָט קיין צייט ניט געהאַט, און ניט געוואָלט איבערלאָזן די ווירטשאַפט אויף דער יונגער שנור, האָט זי אַליין אָפּגעלייגט אויפן צווייטן יאָר. איצט, אַז עס איז געשען דאָס אומגליק, און מען האָט געראַסימיטשן פאַרזעצט אין תפיסה, האָט זי זיך דערמאָנט איר נדר. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף דער ווירטשאַפט און צוזאַמען מיט דער דיאַקאָניכע פון זייער דאָרף האָט זי זיך אויסגעקליבן גיין מתפּלל זיין. לכתחילה זיינען זיי געגאַנגען אין אויעזד־שטאָט צו דעם אַלטן, וואָס איז דאָרט געזעסן אין תפיסה, האָט אים אָפּגעטראָגן העמדער, און פון דאָרט זיינען זיי דורך דער גובערניאַלער שטאָט אַוועק קיין מאָסקווע. אין וועג האָט טיכאָנאָוונע אויסדערציילט אירע צרות, און די דיאַקאָניכע האָט איר דערציילנדיק, וואָס פאַר אַ פאַלן פון באַגנעדיקונג עס האָבן געטראָפן, געראַטן צו בעטן דעם קייסער, וועלכער, זאָגט מען, וועט זיין אין פּענזע. געקומען קיין פּענזע, האָבן די וואַנדערערינס זיך דערוואוסט, אַז קיין פּענזע איז שוין געקומען, אָבער ניט דער קייסער, נאָר דעם קייסערס ברודער, דער גרויספירשט ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש. אַרויסגייענדיק פון דער קאַטעדראַלע אין פּענזע, האָט זיך טיכאָנאָוונע דורכגעשטופּט פון פאָרנט, איז געפאַלן אויף די קני און גענומען בעטן פאַר איר באַלעבאָס. דער גרויספירשט איז געווען פאַרוואונדערט. דער גובערנאַטאָר איז אין כעס געוואָרן, און די אַלטע האָט מען גענומען אין צירקל. אין אַ טאָג אַרום האָט מען זי אַרויסגעלאָזן,

און טיכאָנאָוונע איז אַוועק ווייטער אין טראָיצער קלויסטער. אין טראָיצע האָט טיכאָנאָוונע אויסגענומען די הייליקע סעודה און מתוודה געווען זיך בײם פאָטער פאַיִסי. בײם ווידוי האָט זי אים דערציילט וועגן איר אומגליק און תשובה געטאָן דערויף, וואָס זי האָט דערלאַנגט די בקשה צו דעם קייסערס ברודער. פאָטער פאַיִסי האָט איר געזאָגט, אַז קיין עבירה איז דערין ניטאָ, און אַז פאַר אַ גערעכטיקע זאַך איז ניט קיין עבירה, אויב מען בעט אַפילו דעם קייסער, און ער האָט זי אָפּגעלאָזן. אויך אין כאָטקאָוו איז זי געווען בײ דער גע־בענטשטער, און אויך די געבענטשטע האָט איר געהייסן בעטן דעם קייסער אַליין. טיכאָנאָוונע איז צוזאַמען מיט דער דיאַקאָניכע אויף צוריקוועגס אַראָפּגעגאַנגען קיין מאָסקווע צו די הייליקע. דאָ האָט זי זיך דערוואוסט, אַז דער קייסער איז אין מאָסקווע, און טיכאָנאָוונע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז מסתמא הייסט גאָט בעטן דעם קייסער. מען האָט נאָר געדאַרפט אָנשרייבן אַ בקשה.

אין מאָסקווע האָבן די וואַנדערערנס זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אַכסניא. זיי האָבן געבעטן, מען זאָל זיי לאָזן איבערנעכטיקן; מען האָט זיי געלאָזן. נאָך אָוונטברויט האָט זיך די דיאַקאָניכע גע־לייגט אויפן אויוון, און טיכאָנאָוונע האָט, אונטערלייגנדיק דאָס פעקל אונטערן קאָפּ, זיך געלייגט אויף אַ באַנק און איז אַנטשלאָפן גע־וואָרן. אינדערפרי, באַגינען נאָך, איז טיכאָנאָוונע אויפגעשטאַנען, האָט אויפגעוועקט די דיאַקאָניכע, און בלויז דער הויף־שומר האָט זי אַ רוף געטאָן, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף.

— האָסט זיך פרי אויפגעהויבן, באַבעשי, — האָט ער איר גע־זאָגט.

— ביז מיר וועלן דערגיין, טאַטינקע, הייבט זיך שוין אָן די תפילה, — האָט טיכאָנאָוונע געענטפערט.

— זאָל דיר גאָט העלפן, באָבעשי.

— זאָל דיך קריסטוס אויסלייזן, — האָט טיכאָנאָוונע גע־זאָגט, און די וואַנדערערינס זיינען אַוועק צום קרעמל.

---

אָפּגעשטאַנען די אינדערפריִיקע תפילה און די מעסע, און אַ קוש געטאָן די הייליקייטן, זיינען די אַלטע אַוועק מיט מי אָפּ־

זוכנדיק דעם וועג צו דעם הויף פון די טשערנישעווס. די דיאַקאָניכע האָט געזאָגט, אַז די אַלטע פריצטע האָט איר שטאַרק באַפוילן זיין ביי זיי און אַלע וואַנדערערינס אויפנעמען. — דאָרט וועלן מיר אייך געפינען אַ מענטשן, וואָס זאָל אָנשרייבן די בקשה, — האָט די דיאַקאָניכע געזאָגט. און די וואַנדערערינס האָבן זיך אַוועקגעלאָזן בלאָנדזשען איבער די גאַסן, נאָכפרעגנדיק זיך אויפן וועג. די דיאַקאָניכע איז דאָ געווען אַמאָל, אָבער זי האָט פאַרגעסן. אַ פּאָר מאָל איז מען זיי שיר ניט איבערגעפאָרן, מען האָט אויף זיי געשריען, געזידלט; איינמאָל האָט אַ פּאָליציאַנט גענומען די דיאַקאָניכע פאַרן אַקסל און אַ שטופּ געטאָן, פאַרבאָטנדיק זיי צו גיין איבער דער גאַס, איבער וועלכער זיי זיינען געגאַנגען, און אַוועקגעלאָזן זיי אין אַ וואַלד פון זאַווולקעס. טיכאָנאָוונע האָט ניט געוואוסט, אַז מען האָט זיי אַראָפּגעטריבן פון וואָזדוויזשענקע טאַקע דערפאַר, וואָס איבער דער גאַס האָט געזאָלט דורכפאָרן דער קייסער גופא, וועגן וועלכן זי האָט געטראַכט אָן אויפהער, און צו וועלכן זי האָט געהאַט בדעה אָנצושרייבן און אָפּצוגעבן אַ בקשה.

די דיאַקאָניכע איז ווי אַלעמאָל געגאַנגען שווער און רחמנות-דיק; טיכאָנאָוונע, ווי אַלעמאָל — לייכט און מוטיק; מיט טריט פון אַ יונגער פרוי. כמעט ביי דעם טויער האָבן זיך די וואַנדערערינס אָפּגעשטעלט. די דיאַקאָניכע האָט ניט דערקענט דעם הויף: עס איז געשטאַנען אַ נייע כאַטע, וועלכע איז פריער ניט געווען; אָבער באַקוקנדיק דעם ברונעם מיט דער פּאָמפּע אין ווינקל הויף, האָט די דיאַקאָניכע דעם הויף דערקענט. די הינט האָבן אָנגעהויבן בילן און זיך אַ לאָז געטאָן אויף די זקנות מיט די שטעקנס.

— נישקשה, מומינקע, זיי וועלן אייך ניט טשעפּען. אַך, איר מנוולים! — האָט דער הויף-שומר אַ געשריי געטאָן אויף די הינט, פאַרמעסטנדיק זיך אויף זיי מיט אַ בעזים. — קוקט זיי נאָר אָן, אַליין זיינען זיי דאָרפישע, און זיי פאַלן אָן אויף דאָרפישע. דאָ גיי, אַרום, וועסט בלייבן שטעקן אין בלאָטע. דער אייבערשטער גיט קיין פראָסט ניט.

אָבער די דיאַקאָניכע, וועלכע איז געבליבן אַ דערשראָקענע פון די הינט, האָט קלאָגעדיק געטענהט, האָט זיך צוגעזעצט לעבן

טויער אויף אַ בענקעלע און געבעטן דעם הויף־שומר באַגלייטן. טיכאָנאָווגע האָט זיך, ווי זי איז געווײנט געווען, פאַרנייגט פאַרן שומר און, אָנגעשפּאַרט אויף איר שטעקן, פונאַנדערשטעלנדיק די שטייף מיט די שמאַטעס אײנגעצויגענע פיס, האָט זי זיך געשטעלט לעבן איר, ווי אַלעמאָל רויק קוקנדיק פאַר זיך און וואַרטנדיק אויף דעם שומר, וואָס איז געגאַנגען צו זיי.

— וועמען דאַרפט איר? — האָט דער שומר געפרעגט.

— צי דו האָסט ניט דערקענט, פאָטערל! דאַכט זיך יעגאָר דופט מען דיך? — האָט געזאָגט די דיאַקאָניכע, — פון די הייליקע ביינער מיר, זײנען מיר אָט געקומען צו דער הערבלוויכטקער.

— איזלעגאָשטשינער, — האָט דער שומר געזאָגט, — דעם אַלטן דיאַקאָנס זײט איר; ווי דען. נישקשה, נישקשה. גייט אין שטוב. ביי אונז לאָזט מען אַריין, מען זאָגט קײנעם ניט אָפּ. און די וועמעס איז זי?

ער האָט אָנגעוויזן אויף טיכאָנאָוונען.

— אויך אַ איזלעגאָשטשינערין, געראַכימס, אַמאָל פּאַדייעווס; ווייסט דאָך, מסתּמא, — האָט געזאָגט טיכאָנאָווגע. — אויך אַ איזלעגאָשטשינערין.

— ווי דען! נאָר־וואָס זאָגט מען, מען האָט אײערן אַפּנים אין תּפיסה פאַרזעצט.

טיכאָנאָווגע האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר אַ זיפץ געטאָן און מיט אַ שטאַרקער באַוועגונג אונטערגעהויבן אויפן רוקן דאָס רענצל מיט דעם פעלץ.

די דיאַקאָניכע האָט זיך נאָכגעפרעגט, צי איז אינדערהיים די אַלטע פּריצטע, און, דערוואוסט זיך, אַז אינדערהיים, האָט זי געבעטן, מען זאָל איר מעלדן. נאָכדעם האָט זי געפרעגט וועגן דעם זון, וועלכער איז געוואָרן אַ באַאַמטער, און האָט אַדאַנק דעם חסד פון דעם פירשט געדינט אין פּעטערבורג. דער הויף־שומר האָט איר גאָרניט געקאָנט זאָגן און געלאָזן זיי ביידן גיין אין שטוב פאַר דער דינערשאַפט איבער דעם בריקל, וואָס איז געלעגן אין דער לענג פונם הויף. די זקנות זײנען אַריין אין כאַטע, וועלכע איז פול געווען מיט עולם: פרויען, קינדער אַלטע און יונגע הויף־די־

נער, און האָבן איבערגעלייענט אַ תּפילה פאַר דעם אויבנאָן־ווינקל. די וועשין און די קאַמערמיידל פון דער אַלטער פריצטע האָבן גלייך דערקענט די דיאַקאָניכע, און תּיכף האָט מען זי באַלאַגערט מיט פראַגעס, מען האָט פון איר אַראָפּגענומען דאָס פּעקל און אַוועק־געזעצט ביים טיש, פאַרלייגנדיק צוביסן. איבערגעצלמט זיך פאַר די הייליקע בילדער און באַגריסט זיך מיט אַלעמען, איז ט כאַגאַוונע דער־ווייל געשטאַנען לעבן טיר, וואַרטנדיק אויף אַ גוט וואָרט. כאַמע־ביי דער טיר, לעבן דעם ערשטן פענצטער איז געזעסן אַן אַלטער און האָט געניית אַ שטיוול.

— זעץ דיך, באָבעשי; וואָס שטייסטו, זעץ דיך אָט דאָ. דאָס רענצל נעם אַראָפּ, — האָט ער געזאָגט.

— ס'איז אַזוי אויך ניטאָ, וואו אַ קער צו טאָן, וואו צוצו־זעצן זיך, פיר זי אַוועק אין דער פראָסטער כאַטע, — האָט זיך אָפּגערופן עפּעס אַ פרוי.

— אָט האָסטו זיך אַ מאַדאַם פון שאַלמע, — האָט געזאָגט אַ יונגער לאָקיי, אָנווייזנדיק אויף די הענדעלעך, וואָס אויפן רוקן פון טיכאָנאָוונעס קאַפּטן. — און ס'איז אַ זעקעלעך, אין ס'איז אַ שיכעלעך.

ער האָט באַוויזן אויף אירע אָנעטשעס מיט די לאַפּטשעס — נייע לכּבוד מאָסקווע.

— דו, פאַראַשע, וואָלסט געדאַרפט אַזוינע האָבן.

— אין דער פראָסטער — זאָל זיין אין דער פראָסטער. קום, איך וועל דיך אונטערפירן. — אין אַריינגעשטעקט דעם אָל, איז דער אַלטער אויפגעשטאַנען. נאָר דערוען עפּעס אַ קליין מיידל, האָט ער צו איר אַ געשריי געטאָן, זי זאָל אַוועקפירן די אַלטע אין דער פראָסטער שטוב.

טיכאָנאָוונע האָט ניט נאָר קיין אַכט ניט געלייגט דערויף, וואָס מען האָט גערעדט אַרום איר און וועגן איר, נאָר זי האָט בכלל ניט געזען און ניט געהערט. זינט זי איז אַרויס פון דער־היים, איז זי געווען דורכגעדרונגען מיט דעם געפיל פון דער נויט־ווענדיקייט צו מיען זיך לכּבוד גאָט, און מ : דעם צווייטן גע־פיל — זי האָט אַליין ניט געוואוסט, ווען איז ער איר אַריין אין

דער נשמה — פון דער נויטווענדיקייט צו דערלאַנגען אַ בקשה. אַרויסגעגאַנגען פון דער ריינער שטוב פאַר דער דינערשאַפט, איז זי צו צו דער דיאַקאָניכע און האָט געזאָגט נייגנדיק זיך:

— און וועגן דעם עסק, וועגן מיינעם, מוטערל פּראַמאָנאָוונע, פאַרגעס ניט למען־השם, פרעג זיך נאָך, צי איז ניטאָ אַזאַ מענטשל.

— וואָס דאַרף זי אַזוינס, די אַלטע.

— אָט, אַן עוולה איז געשען, האָבן איר מענטשן געראַטן דערלאַנגען אַ בקשה צום קייסער.

— זאָל מען זי גלייך צום קייסער טאַקע אָפּפירן, — האָט געזאָגט דער לאָקיי דער וויצלינג.

— אַך, דו שוטה, אָט אַ שוטה ניט קיין געהובלטער, — האָט געזאָגט דער אַלטער שוסטער. — אָט וועל איך אָקאָרשט נעמען און לערנען דיך דרך־ארץ מיט אַ קאָפּול, איך וועל ניט קוקן אויף דיין פּראַק, וועסטו וויסן, ווי צו חוזקן פון אַלטע לייט.

דער לאָקיי האָט זיך אָנגעהויבן זידלען, נאָר דער אַלטער האָט זיך ניט איינגעהערט און אַוועקגעפירט טיכאָנאָוונען אין דער פּראָסטער שטוב.

טיכאָנאָוונע איז צופרידן געווען, וואָס מען האָט זי אַרויסגעטריבן פון דער שטוב פאַר די מקורבים און אַוועקגעפירט אין דער פּראָסטער פאַר די קוטשאַרעס. אין דער שטוב פאַר די מקורבים איז אַלץ געווען צו־ריין און דער עולם אין איר איז געווען אַ ריינער, און טיכאָנאָוונע האָט זיך געפילט ניט גוט. אין דער פּראָסטער פאַר די קוטשאַרעס איז ענלעך געווען צו אַ פויערשער כאַטע, און טיכאָנאָוונע האָט זיך געפילט פרייער. די פּראָסטע שטוב איז געווען אַ יענלענע אַכטאַרשיניקע פינסטערע כאַטע מיט אַ גרויסן אויוון, מיט שלאָפבענק און געלעגערס פון ברעטער און מיט אַ שמוציק אָנגעטראָטענער פאָדלאָגע פון נייע ברעטער.

אין דער צייט, ווען טיכאָנאָוונע איז אין איר אַריינגעגאַנגען, איז אין דער כאַטע געווען די קעכין, אַ ווייסע, רויטע, דיקע הויפישע פרוי, מיט פאַרקאַשערטע אַרבל פון דעם ציצענעם קלייד, וועלכע האָט מיט מאַטערנ: איבערגערוקט מיט דער ווילקע אַ טאָפּ אין אויוון. נאָכדעם אַ יונגער בחור — דער קוטשער, וועלכער האָט זיך

געלערנט שפּילן אויף אַ באַלאַלײַקע; אַ זקן מיט אַ ניט־געראַזירטער ווייכער באָרד, וועלכער איז געזעסן אויף דער שלאָפֿבאַנק מיט די באָרוועסע פֿיס און האָט, האַלטנדיק צווישן די ליפּן אַ קנײַלכל זייד, אויסגענייט עפּעס אַ גוטע פֿיינע זאַך; און אַ צעפּאַטלטער שוואַרצער יונגערמאַן אין אַ העמדל און אין גראַנאַטענע הויזן מיט אַ גראָבן פּנים, וועלכער איז געזעסן קײַענדיק ברויט אויף דער באַנק לעבן אויוון, אָנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אויף ביידע הענט, וועלכע ער האָט פּעסט אַוועקגעשטעלט אויף די קני.

די באָרוועסע נאַסטקע מיט גלאַנציקע אייגלעך איז אַרײַנגעלאָפֿן מיט אירע לײַכטע באָרוועסע פֿיס פֿריער פֿאַר דער אַלטער, אָפּגעריסן די צוליב דעם דאַמף צוגעקלעפּטע טיר און אַרויסגעפּישטשעט מיט איר דינעם קולכל:

— מומעשי מאַרינע! סימאָניטש האָט אָט צוגעשיקט די אַלטינקע, געהייסן געבן עסן. זיי זײַנען פֿון אונזער קאַנט, מיט פּאַראַמאָנאָוונען געגאַנגען צו די הייליקע. פּאַראַמאָנאָוונען גיט מען טיי, וולאַסיעוונע האָט נאָך איר געשיקט.

די באַריידעוודיקע מיידעלע וואָלט נאָך לאַנג ניט אויפֿגעהערט צו ריידן; די ווערטער האָבן זיך בײַ איר אַזוי געגאָסן פֿון מויל, און ס׳איז קענטיק געווען, אַז איר איז פֿריילעך געווען צו הערן איר קול. נאָר די פֿאַרשוויצטע בײַם אויוון מאַרינע, וועלכע האָט אַלץ ניט געקענט אָפּרוקן דעם טאָפּ מיטן באָרשטש, וואָס האָט זיך פֿאַרטשעפּעט פֿאַר דעם פֿאָד, האָט אויף איר בייז אָנגעשריען:

— לאָז געמאַך, גענוג צו פּלוידערן! וואָס נאָך פֿאַר אַן אַלטער עסן געבן. מען קאָן די אייגענע ניט אָנזעטיקן. דערשאָסן זאָלסטו ווערן! — האָט זי אַ געשריי געטאָן אויפֿן טאָפּ, וועלכער איז שיִער ניט אומגעפֿאַלן, רירנדיק זיך פֿון דעם אָרט, אָן וועלכן ער האָט זיך פֿאַרטשעפּעט.

נאָר, באַרויִקט זיך איצט בנוגע דעם טאָפּ, האָט זי זיך אומגעקוקט און, דערזען דעם אָנשטעענדיקן אויסזען פֿון דער טיכאָנאָוונע, מיטן רענצל אויפֿן רוקן און אין דעם ריכטיקן דאָרפֿישן אָנטאָן, וועלכע האָט זיך געצלמט און נידעריק געבוקט קעגן דעם אויבנאָן־ווינקל, האָט זי זיך תּיכּף פֿאַרשעמט פֿאַר איר רייד, און גלייך

ווי געקומען צו זיך פון דער פיינלעכער פראַצע, האָט זי זיך גע־כאַפּט פאַר דער ברוסט, וואו אַ ביסל נידעריקער פאַר די ריפּן האָבן קנעפּעלעך צוגעשפּילעט איר קלייד, און זי האָט קאָנטראָלירט, צי ס'איז פאַרשפּילעט, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ און פאַרצויגן פון הינטן דעם קניפּל פון דעם טיכל, וואָס האָט צוגע־דעקט איר אָנגעפּעצטן קאָפּ און איז געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אויף דער ווילקע, וואַרטנדיק אויף דער באַגריסונג פון דער אָנשטענדיקער אַלטער. פאַרנייגט זיך דאָס לעצטע מאָל פאַר גאָט, האָט זיך טיכאָ־נאָוונע אומגעקערט און האָט זיך פאַרנייגט אויף דריי זייטן.

— גאָט העלף, גוט־מאָרגן אײַך, — האָט זי געזאָגט.

— ברוכים־הבאים, מומעשי, — האָט געזאָגט דער שניידער.

— אַדאַנק, באָבעשי, נעם אַראָפּ דאָס רענצל, לייג דאָ אַוועק, אַהער — האָט געזאָגט די קעכין, אָנווייזנדיק אויף דער באַנק, וואו דער צעפּאַטלטער מענטש איז געזעסן. — רוק זיך אָפּ, צי וואָס. גלייך ווי אַ פאַרגליווערטער, אין דער אמתן.

דער צעפּאַטלטער האָט זיך, נאָך מער אָנכמורענדיק, אויפגע־הויבן און אָפּגערוקט זיך, און ווייטער קייענדיק, ניט אַראָפּגעלאָזן קיין אויג פון דער אַלטער. דער יונגער קוטשער האָט זיך פאַרנייגט און, אויפגעהערט צו שפּילן, גענומען אָנציען די סטרונעס פון זיין באַלאַ־לאַיקע, קוקנדיק אַמאָל אויף דער אַלטער, אַמאָל אויפן שניידער, ניט וויסנדיק, ווי זאָל ער זיך באַגיין מיט דער אַלטער: מיט דרך־ארץ, ווי ס'האָט אים אויסגעוויזן אַז מען דאַרף, מחמת די אַלטע איז געווען אין אַזוינע קליידער, אין וועלכע עס זיינען געגאַנגען זיין באָבעשי און זיין מאַמע אינדערהיים (ער איז געווען אַ פאָר־רייטער, וועלכן מען האָט גענומען פון די פויערישע שטובן), אָדער אַ ביסל אָפּלאַכן, ווי אים האָט זיך געוואָלט, און אויסגעוויזן פּאַסיק צו זיין איצטיקער לאַגע, צו דער גראַנאַטענער קאַזאַצינקע און די שטיוול. דער שניידער האָט שמעלער געמאַכט איין אויג און דאַכט זיך, גע־שמייכלט צוציענדיק די זייד אין מויל צו איין זייט, און אויך גע־קוקט. מאַרינע האָט גענומען צושטעלן נאָך אַ טאָפּ, נאָר אַפילו פאַר־נומען מיט דער אַרבעט, האָט זי באַקוקט די אַלטע, ווי לעבעדיק און געשיקט זי האָט אַראָפּגענומען דאָס רענצל און סטאַרענדיק זיך

קיינעם ניט אָנצורירן, אַוועקגעלייגט עס אונטער דער באַנק. נאַסטיע איז צוגעלאָפן צו איר און געהאָלפן: אַרויסגענומען פון אונטער דער באַנק די שטיוול, וועלכע האָבן געשטערט דעם רענצל.

— פעטערשי פאַנקראַט, — האָט זי זיך געווענדט צו דעם אומפריינדלעכן מענטשן, — איך וויל דאָ אַוועקשטעלן די שטיוול, ס'מאַכט ניט אויס?

— כאַפט זיי דער טייוול, כאָטש אין אויוון וואַרף זיי אַריין, — האָט דער אומפריינדלעכער מענטש געזאָגט, פאַרשליידערנדיק זיי אין אַ צווייטן ווינקל.

— אָט אַ חכמת נאַסטיע, — האָט געזאָגט דער שניידער, — אַ מענטשן פון וועג דאַרף מען טאַקע אָט אַזוי אייַנאָרדענען, ס'זאָל אים רויִק זיין.

— זאָל דיר קריסטוס העלפן, מיידעלע. אַזוי איז גוט, — האָט טיכאָנאָוונע געזאָגט, — נאָר דיך, ליבינקער, האָט מען באַאומרויִקט, — האָט זי זיך געווענדט צו פאַנקראַטן.

— ס'מאַכט ניט אויס, — האָט פאַנקראַט געזאָגט.

טיכאָנאָוונע האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק, אַראָפגענומען דעם קאַפטן און באַהיטזאַם צונויפגעלייגט אים און אָנגעהויבן אויסטאָן די לאַפטשעס. צו ערשט האָט זי פונאַנדערגעבונדן די שטריקלעך, וועלכע זי אַליין האָט ספּעציעל צוליב דעם גיין גאָט-בעטן גלאַט צונויפגעדרייט. נאָכדעם האָט זי פאָרויכטיק פונאַנדערגענומען די וואָלענע אָנעטשעס, פאָרזיכטיק פונאַנדערגעלעט און אַוועקגעלייגט אויף דעם רענצל. ווען זי האָט אויסגעטאָן פון דער צווייטער פוס שוין, האָט זיך ביי דער אומגעשיקטער מאַרינע דער טאָפּ ווידער פאַרטשעפּעט און אויסגעגאָסן, און ווידער האָט זי אָנגעהויבן עמעצן זידלען, פירענדיק מיט דער ווילקע.

— אַפנים, אַז דער פּאָד איז אַן איבערגעבראָכענער, טאָכטערקע, מ'וואָלט באַדאַרפט אונטערשמירן, — האָט טיכאָנאָוונע געזאָגט.

— ווען האָט מען דאָ צייט אונטערצושמירן! אַז ס'איז אַ תהום אָן אַ דעק: צוויי געבעק ברויט אַ טאָג זעצט מען אַריין, איינעם אַרויס, דעם אַנדערן אַריין.

צוליב מאַרינעס קלאָגן זיך אויפן ברויט און אויף דעם איבערגע־ ברענטן פֿאָד, האָט זיך דער שניידער אָנגענומען פֿאַר די אָרדענונגען אין טשערנישעווס הויז און דערציילט, אַז מען איז קיין מאָסקווע גע־ קומען פֿלוצלונג, אַז די גאַנצע שטוב האָט מען אויסגעבויט פֿאַר דריי וואָכן און דעם איווען אַוועקגעשטעלט, און אַז הויף־דינער זיינען דאָ ביז הונדערט מאַן, און אַלעמען דאַרף מען געבן עסן.

— אַ באַוואוסטע מעשה, קלאָפּאָטן, אַן אַנשטאַלט אַ גרוי־ סע, — האָט טיכאָנאָוונע באַשטעטיקט.

— פֿונוואַנען קומט איר, באָבעשי? — האָט דער שניידער זיך צו איר געווענדט.

און תּיכּף האָט טיכאָנאָוונע דערציילט, פֿאָרזעצנדיק אויסצוטאָן די לאַפּטשעס, פֿונוואַנען זי איז און וואוהין זי איז געגאַנגען און ווי זי גייט אַהיים. וועגן דער בקשה אָבער האָט זי גאָרניט געזאָגט. דער שמועס האָט זיך ניט איבערגעריסן. דער שניידער האָט זיך דערוואוסט אַלץ וועגן דער אַלטער, און די אַלטע— אַלץ וועגן דער אומגעשיקטער שיינער מאַרינען, אַז איר מאַן איז אַ סאָלדאַט, און זי האָט מען גענומען פֿאַר אַ קעכין; אַז דער שניידער נייט קאַפּטנס פֿאַר די קוטשאַרעס, אַז די מיידעלע איז אויף געניג ביי דער ווירט־ שאַפּטערין, אַ יתומה, און אַז דער צעפּאַטלטער אומפֿריינדלעכער פֿאַנקראַט איז אַ משרת ביי דעם עקאָנאָם איוואַן וואַסיליעוויטשן. פֿאַנקראַט איז אַרויס פֿון שטוב, אַ קלאַפּ טוענדיק מיט דער טיר; דער שניידער האָט דערציילט, אַז ער איז אַזוי אויך אַ געבאָרענער פֿויער, נאָר היינט איז ער גאָר גראָב דערפֿאַר, וואָס נעכטן האָט ער ביי דעם עקאָנאָם צעבראָכן די צאַצקעס אויף די פֿענסטער, און היינט וויל מען אים שמייסן אין פֿערדשטאַל. אָט ווען איוואַן וואַסיל־ יעוויטש וועט קומען, וועט מען אים אַוועקפֿירן שמייסן. דער יונגער קוטשער איז געווען אַ דאָרפֿישער, מען האָט אים גענומען פֿאַר אַ פֿאָר־רייטער, נאָר ער איז אויסגעוואַקסן, און איצט האָט ער מער גאָרניט צו טאָן, ווי רייניקן די פֿערד און האַקן אויף דער באַלאַלאַיקע. נאָר ער איז ניט קיין גרויסער מייסטער...

---

# הוספות

## פראַגמענטן פונעם ראָמאַן „דעקאַבריסטן“

### I.

אין דאָרף ניקאָלסקאָיע אויף דעם טייך זווישע איז פאָרגעקומען אַן אַסיפה. דאָס איז געווען אינאָוונט, און דער טאָג פון דעם פרילינגדיקן יענאַרי. זעקס משפחות האָבן זיך געקליבן אַרויסגיין אויף פרייער ערד. און די זקנים האָבן דאָס דריטע מאָל באַטראַכט די פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי אַרויסצולאָזן זיי. די אַסיפה האָט זיך, ווי אַלעמאָל, פאַרזאַמלט אויפן ראָג געסל, וואו די ערד האָט זיך אויסגעטריקנט און איז אויסגעטראָטן געוואָרן דורך די קאַראַהאָדן. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך צונויפגעקליבן אויף דער אַסיפה, און אַלע האָבן זיך געשטופּט און צוגעהערט. אינמיטן דער אַסיפה האָט מען זיך איינגעטשעפּעט איינע אין די אַנדערע, מען האָט זיך געאַמפּערט. מיט יערמילין, אַ גראָבער פויער, אַ גרויסער, אַ שוואַרצער, ווי אַ ציגיינער, מיט אַ געדיכטער געקרייזלטער באָרד, און ניקיפאָר, אַ געוועזענער זאַמלער פון שטייערן, אַ מאָגערלעכער פויער, אַ וואוילקענעוודיקער און אַ צוגעלאָזטער. ניקיפאָר איז אַרויס אויף נייער ערד. ער האָט זיך געאַמפּערט מיט טיטן דעפּאַר, וואָס טיט האָט אויף די, וואָס קלייבן זיך אַרויס, אַרויפגעלייגט נאָך פאַר דריי יאָר שטייערן.

— איר לאָזט אונז איבער ערד ניט געראָטנדיקע, — האָט טיט גערעדט שטרענג כמורענדיק זיך. — פון גוטער ערד וואָלט איר ניט אַוועקגעגאַנגען. און די שטייערן וועלן אויף אונז פאַלן. ס'וואָלט גוט געווען, ווען איר לאָזט אונז איבער גוטע ערד, אָבער דאָ — ווער גייט אַוועק? דאַווידקע קאָזלאָוו? — זיין פעלד איז פון אייביק אָן ניט געמיסטיקט. שטייט ניט געאַקערט דעם צווייטן זומער. מאַקאַריטשעווס פעלדער זיינען נאָך ערגער. גאַווריטשע באַלקינס? — איז זיין ערד מיט וואַלד פאַרוואַקסן. די שטייערן וועט מען אונז ניט שענקען, מען וועט ניט פרעגן, צי גוטע, צי שלעכטע

ערד, און געלט, צו 7 רובל פון נפש — גיב גוטע. נישקשה, דו קענסט ציילן — האָסטו אויסגערעכנט, וויפיל דו וועסט האָבן הוצאות אויף דעם איבערקלייבן זיך, אָבער וואָס וועט עס קאָסטן דער געמיינדע, האָסט ניט אויסגערעכנט.

ניקיפאָר האָט זיך שוין לאַנג געקליבן ריידן, נאָר טיט האָט אים אַלץ איבערגעשלאָגן. איצט האָט מאַקאַריטשעוו דמיטרי, אַן אומפריינדלעכער, ברייטפּלייציקער פויער, מיט אַ שיטערער באָרד און אין אַ צעריסענעם קאַפּטן, פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריקל, איבערגעשלאָגן טיטן. דמיטרי איז אויך געגאַנגען אויף נייער ערד.

— ס'איז אַ זינד, טיט, — האָט ער אַרויסטרעטנדיק אויפן מיטן געזאָגט מיט ציטערדיקע ליפּן, — די געמיינדע די פּראַוואָסלאַוונע האָט אונז אָפּגעלאָזן, וואָס=זשע רודערסטו די געמיינדע אויף.

„ווי=זשע טוט מען? מען באַדאַרף באַטראַכטן". „טיט רעדט צו דער זאַך". „זיי וועלן אַוועק, און מיר זאָלן ענטפערן פאַר זיי", — האָבן קולות גענומען ריידן.

ניקיפאָר איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס, פאַרשפּילענדיק זיין נייעם קאַפּטאַן.

— דערלויבט, אַלטינקע, אַ וואָרט צו זאָגן, — האָט ער אַרויסגערעדט אויפן פאַרצייטיקן שטייגער גלייך, און נידעריק בוקנדיק זיך אויף אַלע פיר זייטן. — טיט יעווסעיטש האָט אונז פירגעהאַלטן, וואָס מיר, כלומרשט, גייען אַוועק, וואַרפן אָן אַ לאַסט אויף דער געמיינדע. מיר זיינען אין דער געמיינדע אויסגעוואַקסן, דורך דער געמיינדע אויסגעהאָדעוועט, מיר קאָנען די געמיינדע ניט פאַרגעסן. ניט פון אונזער קאָפּ האָבי מיר אויסגעטראַכט צו גיין אויף נייע ערטער. דערויף איז געווען אַ קייזערלעכער באַפעל, אַז דער קריסטלעכער עולם זאָל זיך באַזעצן אויף טאָטערשער ערד. גאָט האָט אונז אַריינגעגעבן דעם רעיון צו גיין — האָבן מיר זיך צוגעגרייט און ביי דער געמיינדע געפרעגט. מיר זיינען ניט בשתיקה געגאַנגען, מיר האָבן געפרעגט. וואָס די געמיינדע האָט באַפוילן, דאָס האָבן מיר געטאָן. מיר האָבן זיך אָפּגערייניקט, פאַר אַ יאָר באַצאָלט, די לעצטע בהמות אויספאַרקויפט. ווער=זשע האָט באַצאָלט? איך

און דער פעטער דעמענטי. מ'ר האָבן פאַר אַלעמען באַצאָלט. וואָס מיר האָבן מיט שוויים און מיט בלוט אָנגעקליבן, — דאָס לעצטע האָבן מיר פאַר די חברים אַוועקגעגעבן. טיט סעמיאָניטש זאָגט: „איר, הייסט עס, וועט אַוועקגיין, און מיר זאָלן פאַר אייך שטייערן צאָלן, און רעקרוטן געבן“. ס'איז ניט ריכטיק, טיט סעמיאָניטש. ווער גייט אַוועק? דער פעטער דעמענטי איז מיט אַ פאַרמעגן, און איך, אפשר אויך, כל־זמן דער אייבערשטער האָט געהאָלפן, בין געווען אַ צאָלער, אָבער חוץ דעם — ווער גייט? — קאָזלאָוו, מאַקאַריטשעוו, באָלכין, גאַווריוכע און כאַוואָסטיאַן. וואָס איז, זיי זיינען דען אינדערהיים געווען צאָלער? פריער האָט מען אויך פאַר זיי געצאָלט, און איצט האָבן מיר אויך פאַר זיי אַליין באַצאָלט. און וואָס נוגע רעקרוטשינע, איז עס ניט ריכטיק. מיר גייען דען ערגעץ אַוועק פון רוסלאַנד? מיר וועלן דאָרט, אויב דער אייבערשטער וועט לאָזן לעבן, דאָרט וועלן מיר דערפילן דעם חוב פון מיליטערדינסט, און פונדאַנען וועט מען אונזערע נפשות אַראָפּנעמען. פראַוואָסלאַוונע געמיינדע, לייגט אויף אונז ניט אַרויף קיין איבעריקע הכבדה, ס'וועט זיין אַ זינד. וואָס זאָלן מיר דען די לעצטע וועגן און די פערד פאַרקויפן? מיט וואָס־זשע וועלן מיר זיך אַוועקלאָזן, און דאָס איז אַליין, וואָס מיר האָבן.

— לאָזט זיי צו־רו. ס'איז אַ זינד, קינדער! וואָס אמת, איז אמת, — האָט מען אָנגעהויבן ריידן אין עולם.

— ווי אַזוי־זשע אַליין, האָט טיט גענומען ריידן, נאָך פינסטערער כמורענדיק זיך. — דעמענטי האָט פאַרקויפט אַוודאי 100 קלעצלעך בינען. איך מיין, ער פורט אַ קאַסטן מיט געלט. נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן, איך דאַרף זיין געלט ניט. זאָל אים גאָט העלפן. נאָר זאָל ער ניט גיין אויף קיין נייע ערטער, צו וואָס דאַרף ער גיין? דער ערשטער הויף געווען אין דאָרף. מיר ווייסן. צוליב־וואָס ער גייט. ווען ער וואָלט ניט געהאַט קיין דריי זין אויף דער ריי, וואָלט ער ניט געגאַנגען, אָבער ער וועט היינט אַוועק, און אין האַרבסט וועט מען זיך נעמען פאַר מיין זון, און אויב ניט פאַר מיינעם, איז פאַר אַן אַנדערן איבער דער ריי. ניטאָ וואָס צו ריידן.

— דאָס איז ריכטיק אַזוי! פּעטער דעמענטי, נישקשה, פאַר־שטייט אַן ענין. וואָס אמת, איז אמת. זאָל ער אָפּרייניקן זיך פון רעקרוטשינע, און נאָכדעם מעג ער זיך גיין, — האָט מען גענומען ריידן אין עולם.

— ס'וועט זיין אַ זינד, פּראַוואָסלאַווגע!

— דאָס איז אויך אַ זינד! וואו איז ער, פּעטער דעמענטי? פאַר־וואָס איז ער ניט געקומען, — האָט מיט געזאָגט.

— דער עולם פונם ראָג האָט אָנגעהויבן פונאַנדעררוקן זיך. פּעטער דעמענטי איז געזעסן אויפן ראָג אויף אַ באַנק, אָנגעשפּאַרט זיך אויפן שטעקן און האָט געהערט. ער האָט זיך אויפגעהויבן מיט דעם גאַנצן גרויסן וואוקס זיינעם, און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, הינקענדיק, איז ער אַרויס אויפן מיטן קרייז. ער האָט אַראָפּ־גענומען דאָס גרויסע אַלטמאָדישע היטל פון די גרויענדיקע געדיכטע האָר און האָט זיך פאַרנייגט.

— איך בין דאָ, אַלטינקע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטילן קול.

טיט איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָפּטרעטנדיק, און אַלע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן.

— איז וואָס, אַלטינקע, איר לאָזט אָפּ, אָדער ניט? — האָט ער געזאָגט.

— דו גיי ניט אַוועק, פּעטער, — האָט צו אים געזאָגט שפּאַסנדיק דער אַלטער איגנאַט.

— איך קאָן ניט גיין, — האָט דעמענטי געענטפערט. — איך האָב מיך שוין צוגעקליבן.

— מיר וועלן דיך ניט אַרויסלאָזן, פּעטער.

— וועט איר ניט אַרויסלאָזן, טאָ זאָל אייך גאָט העלפן.

— האָסט געהערט, פּעטער, וואָס טיט זאָגט, אַז דו פירסט אַוועק דעם זון פון זעלנערשאַפט.

— איז וואָס, ריידן מעג מען אַלץ!...

— אַ פולע שטייער ליגט אַרויף די געמיינדע די פּראַוואָ־סלאַווגע.

— רייניק אָפּ די שטייערן פֿאַר אַלעמען אויף דריי יאָר, און גיי אין גאָטס נאָמען.

דער אַלטער האָט צוגעשטעלט דעם שטעקן צו די פֿיס און האָט זיך גענומען פֿונאַנדערגאַרטלען. אָפּגעגאַרטלט זיך, האָט ער אַרויסגענומען פֿון בוזעם אַ בייטל.

— ציילט איבער, וויפֿיל וועט דאָ זיין!...

— צו־וואָס איז עס, לאָזט אים צו רו. אַן עבירה, קינדער, — האָבן אייניקע אָנגעהויבן ריידן.

— אַזוי וועט עס זיין בעסער. גייט אין כאַטע, צייל, עלטס־טער! — האָבן אַנדערע גענומען ריידן.

דעמענטי האָט אָפּגעגעבן 234 רובל.

— צייל איבער, וויפֿיל האָב איך פֿאַר וועמען געגעבן, — האָט ער געזאָגט צו דעם עלטסטן.

דער עלטסטער האָט איבערגעציילט: פֿאַר קאָלאָוון 35, פֿאַר מאַקאַרטשעוון — 62, פֿאַר באָלכינען — 17, פֿאַר כאַוואָסטיאַנען — 43, די איבעריקע פֿאַר זיך.

דער אַלטער האָט זיך פֿאַרנייגט אויף אַלע פֿיר זייטן און איז אַוועק אַהיים.

.II

די מחלוקת און דאָס געשלעג צווישן די פּויערים און בור־צאָווס מענטשן, פֿון וועלכע עס איז אַרויסגעקומען אַזויפֿיל גוטס און שלעכטס, סיי פֿאַר דעם גענעראַל אַליין, סיי פֿאַר זיין משפּחה, סיי נאָך מער פֿאַר די פּויערים, — די דאָזיקע מחלוקת איז פֿאָר־געקומען אין 1818 יאָר, אין די סאַמע שרעקלעכע טעג, סאַמע אין דעם ריינעם דאָנערשטאָג, און סאַמע אין דעם טאָג, ווען דער גענעראַל האָט געענדיקט פֿאַסטן און האָט אויפֿגענומען די הייליקע סעודה אין דער פּאַראַפּיאַלער צערקווע פֿון דעם זעלביקן מלוכישן דאָרף איזלעגאָשטשי, מיט די פּויערים פֿונאַוונען ער האָט געהאַט דעם פּראָצעס.

איוואַן באָריסאָוויטש בורצאָוו האָט געדינט פֿאַר קאַטערינען,

איז אַרויס אין דעמיסיע אַלס גענעראַל און האָט אָפּגעלעבט 30 יאָר, ניט אַרויספֿאָרנדיק פֿון זיין גרויסן שוואַרצערדיקן גוט אין אָר- לאָווער גובערניע. דער מאַיאָנטעק איז אַלעמאָל געווען אַ גוטער, און לייטן האָבן אים גערופֿן אַ גאָלדענע דעק. נאָר נאָך דרייסיק יאָר באַלעבאַטעווען מצד דעם רייכן, מיוחסדיקן און קלוגן ווירט, וועל- כער האָט צוגעקויפֿט פֿיל ערד און פֿויערים אין דער סביבה, פֿאַר- אייניקט פֿיל ערד פֿון די פֿויערים צו דעם גוט יערשאָוואָ און איינ- געפֿירט אי אַ בראַנפֿן-פֿאַבריק, אי אַ ציגל-פֿאַבריק, אי טאַבונעס פֿערד, אי אַרומגעבויט דאָס גוט, ווי אַ שטאָט — האָט יערשאָוואָ באַקומען נאָך אַ גרעסערן שם אויף דער גאַנצער סביבה. אַ נייע צערקווע, אַ געמויערטע און דריי עזרות, איז שוין אויך אינגאַנצן פֿאַרטיק געווען, און מ'האָט געהאַט אַ דערלויבעניש פֿונם סינאָד אויף אַ נייער יערשאָווער פּאַראַפֿיע. צו האַרבסט האָט מען זיך געקליבן הייליקן די צערקווע, אָבער כּל-זמן די צערקווע איז נאָך ניט געווען פֿאַרטיק, פֿלעגט דער גענעראַל אַליין און זיין משפּחה פֿאָרן אין דער אַלטער פּאַראַפֿיע קיין איזלעגאָשטשי.

און אַהין, פֿאַר פֿיר וויאָרסט פֿון זיין פּאַלאַץ, איז עס גאַנץ פֿרי, אין פֿרימאָרגן, פֿאַר זונאויפֿגאַנג געפֿאָרן דער גענעראַל הערן די אינדערפֿרייִקע תּפֿילה, מתוודה זיין זיך און אויפֿנעמען די הייִ- ליקע סעודה. דער גענעראַל איז געווען אַ בעל-יושר און אַ באַ- לעבאָס, און האָט אָן גאָט ניט פֿאַרגעסן. ער האָט ניט ליב נע- האַט קיין צביעות און אין עסקים מיט גאָט אויסצופֿירן זיך; ער האָט אַליין געלאַכט פֿון זיין שווענערין און פֿון דער אַלטער מומען דערפֿאַר, וואָס זיין זיינען נאָכגעלאָפֿן נאָך מאָנאַכן און האָבן זיך אויסגעקליבן באַזונדערע גייסטלעכע אין די קלויסטערס. דער גענעראַל פֿלעגט זאָגן, אַז גאָט איז אומעטום איינער, און דער פּאַראַפֿיאַלער פּאָפּ וואַסילי וועט אים פּונקט אַזוי מכפּר זיין די זינד מיט דער מאַכט פֿון גאָט, ווי פֿאָטער לעאָניד פֿון דער אָפּטינער וויסטע, און אַז קירילושקע דער תּם נאַרט בלויז לייטן. אויך האָט דער גענעראַל ניט ליב געהאַט אָפּצוריכטן גאָטסדינסט אינדערהיים. „כּל-זמן איך האָב כּוח, — פֿלעגט ער זאָגן, — און עס איז פֿאַראַן, אויף וואָס צו פֿאָרן, וועל איך בעסער מתפּלל זיין אין גאָטס היכל, איידער

אין גאַסטצימער אָדער אין זאַל". און דעריבער איז ער געפאָרן צו דער אינדערפרייִקער מעסע אין צערקווע.

דעם פאַעטאָן, געשפּאַנט אין זעקס פערד מיט אַ פאָר־רייטער, איז באַפוילן געוואָרן צו שטעלן זיך גרייט לעבן גאַניק האַלב פינף אינדערפרי. און האַלב פינף איז דער גענעראַל, אויסהוסטנדיק זיך, אַרויס פון קאַבינעט, דורכגעגאַנגען דורך דעם לאָקייען־צימער, זיך אָנגעטאָן אין ביבערנע פוטער און היטל און, גענומען ביי וואַסקע דעם אַרויספאָר־לאָקיי דעם ים־שטאָק און ביי מיכאַילן דאָס טיכל, איז ער אַרויס אויפן גאַניק.

— דערלאַנג! — האָט אַ געשריי געטאָן מיכאַילע.

— מיטקע, ריר זיך! — האָט אַ געשריי געטאָן פיליפּ.

מיטקע דער פאָר־רייטער האָט זיך גערירט; עס האָבן זיך אָנגעצויגן די פעלענע פאָסטראָמקעס, אַ ציטער געטאָן די געקאַרבטע וואַלצן, עס האָבן אַ צי געטאָן צוזאַמען די מיטלסטע פערד, גענומען שפּילן דער לינקער זייטיקער, און דער שווערער פאַעטאָן האָט זיך, ווי אַ לייכט וועגנדל, אַ קייקל געטאָן און אָפּגעשטעלט זיך סאַמע ביים גאַניק, און די טרעפּלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן.

דער גענעראַל האָט אַרומגעקוקט די פערד, די היטלען פון די קוטשאַרעס און די ציכלעך און, גלייך ווי מיט עפּעס אומצופרידן, האָט ער זיך אָנגעכמורעט, נאָר, דערמאָנט זיך אָן די שרעקלעכע טעג און אָן פאַסטן, האָט ער זיך בלויז אָנגעכמורעט, און, אונטערגעהאַלטן פון צוויי לאָקייען, איז ער אַריין אין דעם פאַעטאָן, וואָס האָט זיך געוויגט אונטער דער משא פון זיין וואָגיקן קערפּער, און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער לינקער זייט, אָפּבלאָזנדיק פון זיך. די לאָקייען זיינען אַרויסגעשפּרונגען אויפן הינטערשטן טרעפּל; דער פאָר־רייטער האָט פון דער קרים אַ בליק געטאָן.

— אַוועק!

דער גענעראַל האָט מיט דער לינקער האַנט אַראָפּגענומען דאָס היטל פון דעם שיינעם קאַלן קאָפּ און אַוועקגעלייגט אַ צלם אויף דער ברייטער, בולטער ברוסט.

דאָס וועטער איז אויף דער זעקסטער וואָך געווען וואַרעם און לויטער, נאָר פון דער הייליקער אָן האָבן זיך אָנגעהויבן פרעכט־

לעך, און היינט, דאָנערשטאָג, איז אַרויסגעפאַלן אַ שנייעלע. ער האָט שוין גענומען צעגיין, און די זייטיקע פערד מיט די פעכט און קורץ אָנגעבונדענע עקן האָבן געשלייאָנדערט איבער דער בלאָטע, לויפנדיק פאַזע די ביימער פון דער אַלעע. אינם לייכטן וואָגן זיך האָט דער גענעראַל געקוקט אויף דעם ניכנדיקן, זייטיקן פערד און אויף דער גראָער פאַסמע פון דעם עק, וועלכער איז געווען פארשטשעמעט אין אַ קניפּ און, ווי אַ מבין און אַ ליבהאָבער פון פערד, אויף די אייבערשטע טיילן פון די הינטערשטע פיס, וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן צווישן די פיס אין טרעפּלעך און האָבן זיך אונטער אַ ווינקל אָפּגעהאַקט. אָבער ער האָט ניט געטראַכט וועגן דעם זייטיקן פערד, נאָר וועגן דעם, פאַרוואָס קען ער ניט בעטן קיין מחילה ביי אַלע זיינע מענטשן, ווי ער פלעגט עס טאָן קינדווייז.

„ווער איז קעגן גאָט ניט זינדיק, קעגן קייסער גיט שולדיק“, — האָט ער אַרויסגערעדט, אַריינפאָרנדיק אין דער גאַס פון דעם דאָרף איזלעגאָשטשי. אויף דער גאַס איז נאָך קיינער ניט געווען, בלויז דער רויך, וועלכער האָט זיך געהויבן פון די קוימענס, האָט באַוויזן, אַז דער עולם איז אויף... „דער עולם אויך, — האָט ער געטראַכט, דערמאָנענדיק זיך זיין מחלוקת וועגן דער ערד מיט די איזלעגאָשטשינער פויערים. — איך האָב זיי דאָך געבעטן אויסבייטן, פאַרקויפן, אַרויסגערופן זיי איבערצוגרעניצן זיך. און זיי אַליין זיינען זיך גראָב באַגאַנגען. מילא, וואָס־זשע קאָן מען טאָן. איך וואָלט זייער וועלן לעבן אין שלום מיט אַלעמען“. נאָר ניט געקוקט אויף די דאָזיקע אַרגומענטן, האָט דער פירשט ווידער אַ זיפץ געטאָן און אַרויסגערעדט: „און אויב זינדיק, טאָ זיי צו מיר גנעדיק, גאָט. איך גיב מיך אונטער פאַר דיר. און צו־וואָס דאַרפן זיי די ערד? — האָט ער ווייטער געטראַכט, — זיי וואָלטן אַזוי אויך געקענט זיין רייך. זיי האָבן ערד מער איידער מיינע; קיין שטייער פאַרן פרייז האָבן זיי ניט, און פונדעסטוועגן זיינען זיי נאַקעטע. אָט זאָגט אַליץ דער זון, פירשט אַלעקסאַנדער: „פרייהייט“, — האָט דער פירשט דערמאָנט זיך אָן דעם זון. — איז אָט זיינען זיי פריי. וואָס־זשע האָבן זיי דערפון? אַלע אָרעמע לייט. סיידן אפשר איין איוואַן פעדאָטאָוו, — האָט ער אַ

טראַכט געטאָן, פאָרנדיק פאַרביי דעם פרישגעדעקטן גרויבן, אין
צווייטן הויף מיט דעם פון הינטערן בנין זיך זעענדיקן גאָרטן
פון עפל-ביימער נאָך מיט נאַקעטע צווייגן.
„דאָס איז אַ פינקטלעכער, פאַרמעגלעכער פויער". און אין
דער זעלביקער צייט, ווען דער פירשט האָט דאָס געטראַכט, צו-
פאָרנדיק צו איוואַן פעדאָטאָווס הויז, האָט איוואַן פעדאָטאָוו אַליין,
וועלכער איז איינגעשטאַנען פריער פאַר אַלע מאַנסביל פון זיין
20נפשותדיקער משפחה, אַרויסגעפירט אין דער אָפענער טויער, שלעפנ-
דיק אויף זיך אַליין אַ סאָכע מיט אַ קולבאַטשקע, וואָס איז גע-
ווען צוגעבונדן און האָט זיך געבאָמבלט אויף די האָלאָבליעס. זיין
אַלטע האָט געעפנט דעם טויער. דערזען דעם פירשט, האָט זיך
די אַלטע געשטעלט אינמיטן טויער און, איבערגעבויגן זיך אויף
הינטער, האָט זי זיך די ערשטע טיף פאַרבויגן פונקט דעמאָלט,
ווען דער פאַטער האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן הויף. דער אַלטער
האָט אויך אַוועקגעוואָרפן דעם אַקער, אַראָפגענומען דאָס היטל און
נידעריק זיך אַ בוק געטאָן.
— זייט מיר מוחל, איך פאָר נעמען די הייליקע סעודה, —
האָט געזאָגט דער פירשט און אַ שמייכל געטאָן.
איינגעהויבן דעם קאָפּ פון דעם בוקן זיך, האָט דער אַלטער
אַ טרייסל געטאָן מיט די געדיכטע, גלייכע האַלבגראָע האָר און אַ
רגע אַ טראַכט געטאָן. פאַרשטאַנען, האָט ער זיך נאָך אַ מאָל אַ
בוק געטאָן און שטיל און שטרענג אַרויסגעזאָגט: „גאָט וועט מוחל
זיין". איינגעהויבן דעם אַקער און פאַרקערעווענדיק אים צום גאַניק,
האָט ער אים דאָרט אַוועקגעשטעלט.
— וואָס זאָגט ער? — האָט די אַלטע געפרעגט.
— זייט מוחל, זאָגט ער, צום פאָפּ פאָרט ער. היי, מאָמע,
פיר אַרויס די קליאַטשע, גיכער, — האָט דער אַלטער אַריינגע-
שריען אין הויף.

.III

פאַר דער צייט, וואָס גריגאָרי איוואַנאָוויטש טשערנישעוו האָט
זיך געמאַכט פאָרוואורף פאַר דער דאָזיקער ניט-איבערקלאַמקייט צו

דער גאָטסדינסט, און האָט געפרווט שאַפן ביי זיך אַ שטימונג תפילה צו טאָן, האָט דער גבאי פון דער צערקווע, איוואַן פעדראָטאָוו, כאָטש ער האָט אויך, פונקט ווי דער רייכער פריץ, די מערסטע צייט פון דער גאָטסדינסט ניט געמאָליעט זיך, נאָר אויך געטראַכט, זיך דערמאָנט און מיישב געווען, אָבער ער האָט אַפילו ניט אָנגעהויבן פאָרצוואַרפן זיך עפעס. דער אונטערשייד צווישן אים און דעם פריץ בנוגע דער תפילה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס בעת דער פריץ האָט זיך געמאָליעט, ווי ער האָט זיך געמאָליעט בשעת עס איז אויף אים אַראָפ אַזאַ גייסט, איז ער דערוויילט געוואָרן און עס האָט אים געצופט אין נאָז, און זיך געוואָלט וויינען; בעת אָבער איוואַן פעדראָטאָוו האָט זיך געמאָליעט, ווי ער פלעגט אַלעמאָל ביי יעדער גאָטסדינסט דריי מאָל זאָגן די תפילה: ווען ער האָט געשטעלט אַ ליכטל פאַר אַ הייליקן, צו „ווערדיקער“ און צו „כרובים-שער“, — פלעגט אויף אים אָנפאַלן אַ מורא; בשעת דער דאָזיקער תפילה פלעגט ער זיך פלוצלונג דערמאָנען, אַז ער איז איינער, איינער אָן שום הילף, אונטערגעוואָרפן אַלע צרות באַוואוכטע און אומבאַוואוסטע, און אַז ער פאַרדינט זיי אַלע, און ער פלעגט אָנהויבן רופן צו הילף אַלע, וועלכע וואָלטן אים געקענט העלפן, און בעטן אַלעמען, וואָס ער האָט זייערע נעמען געוואוסט, און וואָס די פאָרם, ווי צו זיי זיך צו ווענדן, איז אים באַקאַנט געווען: „מוטערל, הייליקסטע, גאָטגעבוירערין“, „גאָטס הייליקע“, „האַר, יעזוס קריסטוס“, „מאַמעשי, טאַטעשי יעזוס קריסטוס“. און ווי אַ מענטש, וואָס איז געווינט צו פיזישער מי, פלעגט ער אין די דאָזיקע רגעס גאָט בעטן מיטן געדאַנק און מיטן קערפּער און, שנעל אויפציטערנדיק, ווי ער האָט אַלץ געטאָן, פלעגט ער אויפהויבן, ווי אויסשפרייטנדיקע פליגל, די קאָנוואולסיוו-צונויפגעדריקטע פינגער אויף דעם קאַלן קאָפ אַזוי הויך, וויפיל די האַנט האָט דערלאַנגט, און נידעריקער פאַרן גאַרטל אויפן פיפיק, און אויף ביידע אַקסלען פון דעם פאַרשפּילעטן פוכיקן נייעם גראָען מיט פוטער אַרומגעזוימטן מאַנטל; ער פלעגט אויך קאָנוואולסיוו צונויפבויגן אין צווייען זיין מאָגערן אָן אַ בויך, דינם טאַקע פעסטן קערפער, און פאַלן אויף די קני, און שנעל, לייכט אויפהייבן זיך, און ווידער פאַלן. און אים איז ניט אַזוי ווי

דעם פריץ שווער געווען צונויפצובויגן און בוקן זיך, נאָר פאַרקערט, ער האָט געדאַרפט אָנטאָן איבער זיך אַ כּוח, כּדי אויפצוהערן. וואָרעם, ווי נאָר ער האָט זיך אַיינגעאָרדנט, האָבן זיך שוין אַליין פון זיך צונויפגעצויגן די ביינזאַמע גלידער פון די פיס, ער פלעגט פאַלן אויף די קני, די לאַטקעס אָנשטאָט די פאָדעשוועס פלעגן זיך אַיינשפאַרן מיט די נעזלעך, דער קאָפּ — זיך אַיינבויגן, די פּיאות — פון ביידע זייטן פּנים אַראָפּפאַלן ביז דער שטיינערנער פאָדלאָגע, דער צעקנייטשטער שטערן — אָנרירן זיך אָן דער קעלט פון דעם שטיין, די הענט — אונטערשטופּן, ער פלעגט זיך אויפהויבן, קוקן אויף דעם הייליקן ניקאָלאַיס בילד, וואָס איז געווען צרומגעהאַנגען מיט האַנטעכער און באַפּוצט מיט גלעזלעך, שיינענדיק פון הינטער די ליכט, און ער פלעגט זיך ווידער אויפהייבן, און ווידער בוקן זיך, בעטנדיק מחילה און דערלייזונג. אַזוי האָט ער זיך געמאָליעט צו „כּרובימשער" און „ווערדיקער"; די איבעריקע צייט אָבער פלעגט ער אָדער פאַרקויפן און שטעלן ליכט, אָדער צוקוקן זיך, טראַכטן, דערמאָנען זיך, שטעלן זיך פראַגן, ניט באַמערקנדיק, אַז ער טוט עס. דאָס פאַרקויפן ליכט, דאָס צוקלייבן די צערקווע, די הייליקע בילדער האָט ער געהאַלטן פאַר דער אָנגענעמסטער אַרבעט, אויב נאָר עס איז געווען אַרבעט, און די אַרבעט איז פאַר אים געווען אַ געטלעכע, אין וועלכער עס איז ניט געווען קיין מורא, ווי אין תּפילה, נאָר וועלכע איז לויט זיין באַגריף געווען אַ באַוויליקטע פאַר גאָט פונקט ווי תּפילה.

דאָס אָנקומען פון דעם פריץ מיט די טעכטער און מיט דעם יונגן פריצל, אין זיין גלענצנדן מונדיר, מיט צוויי לאָקייען אין אויסגענייטע ליווריעס, וועלכע האָבן גענומען צענקאָפּיקענע ליכט און אָפּגעביטן געלט, האָבן אים פאַרוויילט, כאָטש ער האָט זיי אָפט געזען. עס האָט אים צעשטרייט און געוויילט אויך די אַמפּערייע מיט דער אַלטינקער, וועלכע האָט ביי אים געוואָלט אויסבייטן אַ שלעכטע אָפּגעריבענע פופצנקאָפּיקענע מטבע. און מער פאַר אַליין האָבן אים פאַרוויילט די פריצים, בעת זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אויפנעמען די הייליקע סעודה אָן די פוטערס. דער פריץ אין אַ וויסן טיכל מיט צלמס, דער יונגער פריצל — אין גאָלד, דורכאויס אין אויסנייעכץ,

און די פּריצישע טעכטער — אין ווייסע קליידער מיט אַנטבלויזטע הענט און העלזער, אין סטענגעס און מיט הוילע האָר. ער האָט עס קיינמאָל נאָענט ניט געזען, און דאָס האָט אים פאַרווילט, נאָר ניט אויסגעוויזן משונה. הגם די דאָרפישע מיידלעך וואָלטן מיט אָפענע האָר ניט נאָר אין דער צערקווע, נאָר אַפילו אינדערהיים אים אויסגעוויזן עקלהאַפט, האָט ער געוואוסט, אַז פּריצים לעבן אַנדעריש, און, ניט ווייסנדיק ווי אַזוי לעבן זיי עס, האָט ער זיי ניט פאַראורטיילט, נאָר ער האָט באַוואונדערט דאָס, וואָס עס איז פאַר אים געווען אַ זעלטנהייט. אָבער מיט דעם געפיל פון אָנשטענדיקייט, וואָס איז אַ גוטן מענטשן איינגעשאַפטלעך, האָט ער אויסגעמיטן לאַנג צו קוקן אויף זיי און האָט אין האַרצן אַפילו פאַראורטיילט אַנדערע, דערהויפּט די ווייבער, וועלכע האָבן ניט אַראָפּגענעמענדיק קיין אויג געקוקט אויף די פּריצים, בעת זיי זיינען צוגעגאַנגען צו דער בילדער־ראַם און האָבן געקושט די אָרטיקע איקאָנעס. דער דאָזיקער זעלטענער צופאַל צוקוקן זיך צו די פּריצים האָט אים צעשטרייט; חוץ דעם האָט ער געטראַכט, בעת ער איז ניט געווען פאַרנומען מיט צערקווע־ענינים און האָט זיך ניט געמאָליעט, וועגן שטובּיקע ענינים, וועגן דעם, וואָס ער האָט פאַרגעסן אָנצוזאָגן דעם עלטערן זון, וועלכער איז געפאָרן אין שטאָט אַריין, ער זאָל קויפן אַ נייעם אייזן צו דער סאָכע, און וועגן דעם, ווי וועט היינטיקס אַקערן אויספאַלן, און צי וועט דאָס יונגע גראָע פערדל גוט גיין אין אַקער.

בעת דער פריץ האָט זיך פאַרבייגייענדיק אָפּגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט: „וואָס מאַכסטו, איוואַן פעדאָטאָוו?", איז דאָס אים געווען אָנגענעם, און ס'האָט אים דערשראָקן, און אַז דער פריץ איז נאָך דעם שמועס אַוועק און אָנגעהויבן עפעס ריידן מיט דער טאָכטער ניט אויף רוסיש, האָט איוואַן פעדאָטאָוו אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך לאַנג געמיט צו פאַרשטיין דעם זינען פון די ווערטער, וואָס דער פריץ האָט געזאָגט. די גוטמוטיקע פריינדשאַפט פונם אויסדרוק, בעת ער האָט מיט אים גערעדט, האָט אויף איוואַן פעדאָטאָוון געווירקט. ער האָט אים ניט ווילנדיק, מיט דער זעלבער גוטמוטיקער פריינדשאַפט געענטפערט, נאָר דער שכל איז ניט מסכים געווען מיט זיין גע־

פיל, און האָט לאַנג נאָכדעם אַליין געלאָזן אים זוכן די געהיימע פיינטלעכע באַדייטונג פון די געזאָגטע ווערטער. די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך געוואָלט באַציִען צו דעם וו...ער שטיק לאַנד, און אַפילו צו דעם, וואָס היינט זיינען די פויערים אַרויסגעפאָרן אַקערן עס, אָבער ווי אַזוי האָבן זיך די ווערטער באַצויגן צו דערצו, האָט איוואַן פעדאָטאָוו זיך ניט געקענט קלאָר מאַכן.

בעת ער האָט פאַרשפּאַרט די צערקווע און אַוועקגעטראָגן דעם שליסל צו דעם גלח, איז ער ביי אים לענגער פאַרבליבן אין צימער, אַזוי אַז די גלחטע מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, וועלכע האָט געוואַשן אַ גרויסן ליימענעם טאָפּ, האָט געמיינט, אַז איוואַן פעדאָטאָוו וויל עסן, און האָט אים, הגם אָן חשק, דאָך פאָרגעלייגט צובייסן. די גלחטע און דער גלח האָבן דרך-ארץ געהאַט פאַר איוואַן פעדאָטאָוון ווי פאַר אַ פאַרמעגלעכן און דער צערקווע געטרייען און גוטצאָלנדיקן מיטגליד פון דער פאַראַפיע, וועלכער פלעגט ברענגען אי אַ ביסל האָניק, אי ניט אָפּגעזאָגט צו געבן אַ פערד, אי אָנשיטן אַ פולן זעקל קאָרן, בעת מען פלעגט אים אָפּריכטן אַ גאָטסדינסט.

אָבער איוואַן פעדאָטאָוו האָט באַדאַנקט, זיך אָפּגעזאָגט און געווענדט צו דעם גלח, וועלכער האָט הינטערן ווענטל איבערגעביטן דעם נייעם גלחישן ראָק אויף אַן אַלטן, און איז נאָר וואָס אַרויס, פאַרבינדנדיק דעם אַלטן אויסגעצייטן גאַרטל הויך אויפן דיקן בויך.

— ווי-זשע, פאָטערל, זיי אַלע זיינען עס געווען די פאַנאַרינער פריצים? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, עס זיינען געווען געסט אויך: דער יונגינקער פירשט.

— דער בחורל מיט די פיאותן? — האָט איוואַן פעדאָטאָוו געזאָגט.

איוואַן פעדאָטאָוו האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זייט און פאַרטראַכטערהייט געשמייכלט. „ויאָ-דען, זאָגט ער, צייט צו אַקערן“,— האָט ער איבערגעחזרט דעם פריצס ווערטער, קוקנדיק מיט אַ פראַגע אויפן פּאָפּ.

— אַ פריינדלעכער פריץ, באמת אַ פריץ, אַ צו-פיל גוטער. מילא, ביים-צו, איוואַן פעדאָטאָוו...

— אַדאַנק, פּאָטערל, ניטאָ קיין צייט — קיינער אינדערהיים ניטאָ. כ'גיי שוין!

און נידעריק פאַרנייגט זיך, גענומען אין ביידע הענט דאָס גרויסע היטל און אַ זיפּץ געטאָן פון אַנטוישונג, וואָס אפילו פון דעם פּאָטערל האָט ער ניט אַרויסגעקראָגן קיין דערקלערונג צו דעם פּריצס ווערטער, און פילנדיק, אַז פרעגן וועגן דעם וואָלט געווען ניט אָנשטענדיק, איז איוואַן פעדאָטאָוו אַרויס פון צימער, פאַרזיכטיק אָנלייגנדיק זיך אויף דער צוגעקלעפּטער טיר און אָפּגעעפנט זי. אין פירהויז האָט ער אָנגעטאָן דאָס היטל, גענומען דעם ליפּאָוון שטעקן פון ווינקל און אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אים גלייכמעסיק, אויסגעקלייבנדיק אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, איז ער אַריבער דורך דער גאַס און אַוועק צו דער הויז, וואָס איז געשטאַנען אַרויסגערוקט אין גאַס אַריין, און וואָס זיין גאַניק האָט זיך געזען פון ווייטן, הינטער 8 הייזער. ער האָט געזען ניט נאָר דאָס גאַניקל, וואָס ער אַליין האָט אויסגעהאַקט און אויף אַ נייעם שטייגער אויסגעבויט, אויף וועלכן ער האָט ליב געהאַט צו זיצן יום-טוב-צייט, נאָר אַפילו די בענק און די טישן, וועלכע זיינען געווען אַרויסגעשטעלט אויפן גאַס, און אַרום זיי האָט געהאַוועט די מיטעלע שנור זיינע, די לעבעדיקע, שוואַרצאויגיקע אָלגאַ. ער האָט זי דערקענט לויט דער גראַנאַטענער קלייד מיט גאָלדענער אויסנייעכץ. אַרויסגעגאַנגען פון דעם גלח, האָט איוואַן פעדאָטאָוו פאַרגעסן וועגן דעם פּריץ און האָט שוין געטראַכט מער ניט, ווי וועגן די עסקים, וואָס שטייען אים פאָר אויף היינטיקן טאָג. דאָס וועטער האָט זיך אויסגעקלערט, די סטעזשקע איבער דער גאַס — איינגעטריקנט. גענז זיינען דורכגעפלויגן. ס'וואָלט געדאַרפט זיין איצט גוט צו אַקערן, און אים האָט זיך פאַרוואָלט גיכער אַרויספאָרן נאָך מיטקען נאָך מיט אַ סאָכע, כּדי וואָס מער צו פאַראַקערן.

איוואַן פעדאָטאָוו פלעגט אַלעמאָל אויפן ניכטערן האַרצן, נאָך דער צערקווע, זיין בייז, אויך איצט איז אים געוואָרן פאַרדראָסיק. דאָס ערשטע איז אים געווען פאַרדראָסיק, וואָס דער ברודער ראַדיוואָן האָט אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט, ניט פונאַנדערגענומען די-

פּריזבּע לעבּן שטוב און איז אַוועק, און אַליאָשקע, דער נאַר, דער לעמעשקע, זיצט, טוט גאָרניט. דאָס צווייטע איז אים געווען פּאַרדראָסיק, וואָס די ווייבּער האָט נאָך בּיז איצט ניט איינגעפּאָרעט זיך. „אַלע זייערע נאַרישע ווייבּערשע שגעונות האָבּן זיי אין דעם הייליקן דאָנערשטאָג אָפּגעטאָן“, — האָט ער געטראַכט.

— וואָס האָסטו זיך פּאַרקוקט? — האָט ער אַ געשריי געטאָן אויפן אייניקל, וועלכער האָט דערזעענדיק אים גענומען זיך פּאַרן מיסטגאָפּל און אָנגעהויבּן פּורען מיט אים אינם מיסט.

— עך, בּעסער וואָלטן עס מיינע אויגן גאָרניט געזען.

ער האָט בּיי אים אַרויסגעריסן דעם מיסט־גאָפּל, און די דאָזיקע שטאַרקע בּאַוועגונג האָט גלייך ווי נאָך מער פּאַרשטאַרקט זיין צאָרן. ער האָט זיך אָנגעכמורעט און פּאַרמאָכטן מיטן גאָפּל, האָט אָבּער קיין קלאַפּ ניט געגעבּן.

— ווען ניט אַזעלכע טעג, וואָלט איך דיר אַ ריפּ אָפּגעשלאָגן, וואָלסטו וויסן, ווי דעם בּויך צו קראַצן. אָ, גולם! ווייסט אַפילו ניט, ווי מ'נעמט זיך פּאַר אַן אַרבּעט. אויסגעוואַקסן ווי אַ חזיר, און קיין האָר שכל ניט.

און, אָנגעשפּיגן אויף די הענט, האָט איוואַן פּעדאָטאָוו מיט שטאַרקע בּאַוועגונגען אַ שטעק געטאָן דעם מיסט־גאָפּל, אַ רוק געטאָן, און, אויפגעהויבּן אויף די ציינער בּיי אַ האַלבּן פּוד צוזאַמענגעקלעפּטן מיסט, האָט ער אים אָפּגעוואָרפן.

— אַזוי, — אָ, אַרבּעט, און ניט דעם בּויך קראַצן. וואָלבּט שוין לאַנג אָפּגעוואָרפן און פּאַר עפּעס אַנדערש זיך גענומען. און וואוהין איז עס ראָדיוואָן אַוועק?

אָלגע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געוואָרפן מיט אירע לעבּעדיקע שוואַרצע אויגן בּליקן אויף אַליאָשקען און זיך קוים איינגעהאַלטן פון געלעכטער, האָט זיך אויפגעהויבּן, און, אויסדרייענדיק אַ שמאַטע, געווענדט זיך צו דעם שווער:

— דער פּעטער ראָדיוואָן איז אַוועק צום טייכל, טאַטעשי. יעוולאַניע (דאָס איז געווען ראָדיוואָנס שנור) איז געקומען צו לויפן, זי זאָגט, קאַטערינע האָט איינגעלאָזן אַ העמד. אויפן אייז קאָן מען

ניט גיין, און קיין פּליטע איז ניטאָ.. דער פּעטער איז אַוועק מאַכן אַ פּליטע.

איוואַן פּעדאָטאָוו האָט גאָרניט געענטפערט און, אַ טרייסל געטאָן מיטן היטל, וואָס האָט זיך ביי אים בשעת דער אַרבעט אַראָפּגערוקט אויף פּאָרנט, איז ער אַרויף אויפן גאַניקל און אויפגעהויבן דעם פּאַרוקער, אָפּגעעפנט די טיר. פּאַרהאַלטן דעם חזיר, וועלכן מען האָט געוואָלט שטעכן און געהאַלטן אין פּירהויז, און וועלכער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים אונטער די פּיס, איז ער אַריין אין פּירהויז. אין פּירהויז האָט ער דערזען די ברעטער פון די געלעגערס, וועלכע מען האָט פונאַנדערגענומען און געוואַשן, און זיי זיינען נאָך ניט געווען צוריק אַוועקגעשטעלט אויף די ערטער. אויך דאָס האָט ראָדיוואָן געוואָלט מאַכן, און אויך דאָס איז אים געווען פאַרדראָסיק. די טיר אויף רעכטס אין דער וואַרעמער שטוב איז געווען אָפן, און אויף לינקס, אין דער קאַלטער, איז די טיר געווען צוגעמאַכט, און פון איר האָבן זיך געהערט קרעכצן. ניט אַכטונג געבנדיק דערויף, איז איוואַן פּעדאָטאָוו, אָנבויגנדיק זיך, אַריין אין דער וואַרעמער. אין שטוב איז געזעסן די אַלטע מוטער אויף דער באַנק לעבן וואַנט, צונויפגעדרייט אין דרייען און האָט מיט מי אויפגעהויבן די אויגן, כדי אַ בליק צו טאָן אויפן זון. זי איז געווען אין איין קליידל און מיט אַ שמוציקער העמד, אויפן קאָפּ האָט זי געהאַט אַ טיכל, פון אונטער וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגערוקט גראָע האָר. זי האָט אָנגעהויבן ריידן און באַוויזן לאַנגע, געלע ציין.

— גוט-מאָרגן, מאַמעשי, גאָט האָט זיין חסד באַוויזן, מען האָט דיך באַאומרויִקט.

— גאָרניט, זונעלע, גאָרניט. מען וועט צוריק אַוועקלייגן.

אין שטוב איז נאָך געזעסן אויפן באַנק לעבן פענסטער ראָדיוואָנס ווייב אין טשעפּיק און האָט גענייט אַ העמד פאַרן מאַן. לעבן איר איז געזעסן אַ מיידעלע, איר טאָכטער, און האָט געוויגט אַ וויגעלע. לעבן אויוון איז געשטאַנען נאַסטאַסיע, איוואַן פּעדאָטאָווס געליבטע שנור, האָט געשניטן מיט אַ מעסער רעטעך און, דערזען דעם שווער, האָט זי גלייך פאַרריכט דאָס טיכל אויפן

קאָפּ און פריינדלעך אַ בליק געטאָן אויף אים. איר געזיכט, אַלעמאָל אַ שמייכלדיקס, איז געווען דין און פריינדלעך. זי האָט זיך צו אים געווענדט מיט דער פראַגע, וואו זאָל זי אים דערלאַנגען מיטאָג, היות ווי די טישן האָט מען אַרויסגעטראָגן. אירע קינדער, צוויי יינגלעך, האָבן זיך געשפּילט אויפן אייוון, און זיי האָבן אַרויסגערוקט די קעפּלעך, קוקנדיק אויפן זיידן.

מאַרינע אָבער, ראָדיוואָנס ווייב, האָט, ווי אַלעמאָל, געקוקט ווי אַ וואָלף, און איצט האָט זי באַזונדערס בייז אַ בליק געטאָן פון איר מאָגערן פּנים מיט די שוואַרצע ווי קויל ציגיינערישע אויגן אויפן שוואָגער. מאַרינע, ראָדיוואָנס ווייב, האָט אַלעמאָל געקוקט בייז. זי איז אַלעמאָל געווען די הויפּט־שווערקייט פאַר איוואַן פעדאָטאָוון אין דער היינזיכט פון אָנפירן דאָס הויז. ראָדיוואָן איז געווען אַ רויִקער, אַרבעטזאַמער פּויער, נאָר ער פלעגט טרינקען, אָבער מיט אים אַליין וואָלט ניט שווער געווען אויסצוקומען. ער האָט אַליין געוואוסט וועגן זיך, אַז ער איז ניט קיין באַלעבאָס, און ער האָט ניט געוואָלט זיין קיין באַלעבאָס און ניט געוואָלט אָפּטיילן זיך. נאָר מאַרינע איז געווען אַ כּם. זי האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן דאָס, וואָס סטעפּאַנידע, איוואַן פעדאָטאָווס ווייב, איז געווען די באַלעבאָסטע, און פלעגט זיך אַלעמאָל קריגן מיט איר פאַר די טעפּלעך, פאַר דאָס בלאָ צו וועש, פאַר די קינדער, פאַר די אייניקלעך. וואָס זי איז געזעסן, האָט געניידט, ניט געוואַשן, איז איוואַן פעדאָטאָוון געווען אַלץ איינס, נאָר עפּעס איז געווען אין איר בליק פריידיקס, בייזס. און עפּעס אַ צעמישטקייט איז געווען אין נאַסטאַסיען.

— דערלאַנג אַהער, אויפן באַנק, כ'וועל אָפּעסן און אין פעלד אַריין. און וואו איז מיכאַילאָוונע?

קיינער האָט ניט געענטפערט. דאָס האָט נאָך מער פאַרוואונדערט איוואַן פעדאָטאָוון, בלויז מאַטריאָשקע, מאַרינעס טאָכטער, די שוואַרצע שפּרינגערקע, איז צוגעלאָפן צו דער מוטער און האָט עפּעס, גלייך ווי אַן ענטפער אויף די ווערטער פון איוואַן פעדאָטאָוון, גענומען שעפּטשען איר אויפן אויער.

— די מאַמעשי איז געווען אין שפּיזאַרניע, — האָט נאַס־

טאַטיע געזאָגט, פאַרדעקנדיק זיך מיט דער האַנט, גלייך ווי פאַר־שעמטערהייט.

— טו זי אָקאָרשט אַ רוף, — האָט איוואַן פעדאָטאָוו גע־זאָגט, און אַראָפּגענומען דעם קאַפּטן, האָט ער אים פאָרזיכטיק צו־נויפגעלייגט; אויסגעדעצויגן די העמד, האָט ער זיך געזעצט אויפן באַנק.

— וואָס־זשע טוט זי דאָרט אין שפּיזאַרניע?

נאַסטאַסיע האָט ווידער ניט געענטפערט, נאָר מאַרינע האָט זיך אויסגעדרייט.

— וואָס? זי נעמט צו ביי אַרינקען.

איוואַן פעדאָטאָוו האָט שוין פאַרשטאַנען אי די געשרייען, וועלכע ער האָט געהערט, אי נאַסטאַסיעס צעטרייסטקייט, און האָט אַ פאַרכמורעטער אָנגעהויבן שאָקלען מיטן קאָפּ. דאָס איז געגאַנגען צו קינד אַרינע די סאָלדאַטקע, די שנור, וואָס איר מאַן איז שוין דאָס זעקסטע יאָר געווען אַ סאָלדאַט און איז קיין איין מאָל ניט געקומען צו גאַסט. איוואַן פעדאָטאָוו האָט עס ניט געוואוסט.

— טו אַ רוף די מאַמען! כאַפּט זי דער טייוול... זאָל זי פגרן. קיין טויט קומט אויף איר ניט. דערלאַנג עסן, צי וואָס.

נאַסטאַסיע האָט אים דערלאַנגט אַ טעלער קוואַס, ברויט און אַ זאַלצמעסטל. ער האָט געמאַכט אַ ברכה און געזעצט זיך עסן.

בעת ער האָט געגעסן, איז געקומען מיכאַלאָוונע אַ צעדודערטע, אַ פאַרשוויצטע, אַ צעקנייטשטע, אַ ווייסע, מיט שנעלע לייכטע הייכע באַוועגונגען און האָט זיך תּיכּף פאַרבויגן ביז דער ערד, בעטנדיק מחילה פאַר דער שנור.

— אָט־אָ, דערהוליעט זיך.

— זינדיק ניט, פעדאָטיטש. אַ מענטש איז שוואַך. זאָל איר נאָר גאָט מוחל זיין.

— נעם זיך דו אָן, מאַמעשי, — האָט זי זיך געווענדט צו דער אַלטער.

די אַלטע האָט ניט פאַרשטאַנען, געפרעגט, וועגן וואָס האַנדלט זיך, און, פאַרשטאַנען, געזאָגט: — מיר זיינען אַלע זינדיק, זיי ניט אין כּעס. מען טאָר ניט. גאָט וועט איר מוחל זיין. מען טאָר ניט.

איוואַן מעדאָטאָוו איז אַנטשוויגן געוואָרן, איז אויסגעשטאַנען און אָפּגעבענטשט.

און דאָס שאַרע פערד האָבן די קינדער געלאָזן, צי ניין?

— איך האָב מיך ניט געכאַפּט! ניין.

אין דער צייט איז אַ פאַרסאָפּעטער אַריינגעלאָפן נאַסטאַסיעס טאַראַסקע, איוואַן מעדאָטאָווס געליבטער אייניקל, פונקט מיט אַזעלכע אויגן און גריבעלעך, ווי ביי דער מוטער. ער האָט דערהערט דעם זיידנס ווערטער. דערזען פון דער פאַשע, וואו ער האָט געשפּילט מיט די קינדער, וועלכע האָבן געהיט די שאָף, אַז די מעמע האָט זיך געענדיקט, איז ער אַוועקגעלאָפן אַהיים באַגעגענען דעם זיידן.

— געלאָזן, זיידע, אויפן הינטערהויף!

— איז רעכט. גיב מיכאַלאָוונע דעם אַלטן קאַפּטנדל, מיין פאָרן, טאַראַסקע, אַקערן. איך וועל לערנען דאָס פערד און דיך אויך.

און איוואַן מעדאָטאָוו איז אַוועק אויפן הינטערהויף; האָט אַראָפּגענומען די סאָכע מיט דעם נייעם העלצל, וואָס ער האָט אויסגעהאַקט זומער און האָט פאַר פרילינג באַאַרבעט; אַרויסגעפירט דאָס פערד, איינגעשפּאַנט, אונטערגעבונדן די שטריק און, אַוועקגעזעצט דעם אייניקל אויפן פערד, האָט ער עס אַרויסגעפירט פאַרן צוים פון טויער אין געסל אויפן מיטקון-פּליין. די ווייבער האָבן אַרויסגעטראָגן אָנבייסן פאַר די מענער. ער האָט אַריבערגעוואָרפן דאָס זעקל איבער דער קולבאַטשקע.

---

דערווייל האָט אין שפּייכלער, אויף דער פּאָדלאָגע, אויף אַן אונטערגעבעטער ראָגאָזשע, די סאָלדאַטקע אַרינע מיט צעוואָרפענע האָר, מיט אַרויסגעקראָכענע אויגן, געכאַפּט זיך מיט די ציין פאַר די שטריק, און האָט זיך געמאַטערט איינצוהאַלטן די קרעכצן. זי האָט זיך געפּייניקט ניט אַזוי פונם ווייטאָג, ווי פון חרטה און פון מורא פאַר דעם שווער, פאַר דעם מאַן און פאַר גאָט. איר פאַרברעכן, וואָס האָט איר פריער אויסגעזען אַזוי נישטיק דעמאָלסט, האָט איצט אויסגעוויזן שרעקלעך. די אָנווועזנהייט פון דער שוויגער האָט זי געמוטיקט. אָבער ווי נאָר זי איז אַרויס, האָט איר אויסגעוויזן, אַז אַ שד איז אין איר אַריין. זי האָט זיך געוואָלט איבער-

צלמען און ניט געקענט. אַן אימה ערגער פאַרן טויט האָט די אָנגעכאַפּט. זי האָט אָנגעהויבן שרייען, מען זאָל רופן מיכאַלאָווען, און האָט שרייען גענומען מיט אַ משונהדיקן קול פון אַ דיבוק און זיך צעגאָסן אין געשריי.

— וואָס איז, גאָט איז מיט דיר, — האָט, שטיל טרעטנדיק מיט די לאַפּטשעס, מיכאַלאָווגע גענומען ריידן, אָפּוואַרפנדיק די גוט־צוגיפּגעשלאָגענע טיר פון דער שפּיזאַרניע.

— מאַמעשי, איך האָב זיך געפּטרט. דער טאַטעשי־שווער וועט ניט מוחל זיין, וועט ניט באַגנעדיקן, און אַז ער וועט אַפילו באַגנעדיקן, וועט דער מאַן מיינער ניט באַגנעדיקן, ער וועט צערייסן מיין ווייס לייב אויף טיילן. און אויב ער וועט אַפילו מוחל זיין, וועט מיר גאָט ניט מוחל זיין. איך האָב זיך איבערגעפּרט. זאָל אַ פייער פאַרברענען... אָ־אָ־אָ! מאַמעשי טייערע.

— נו, גענוג, טאָכטערל, גענוג, האָט געזאָגט מיכאַלאָוונע, אָנרירנדיק זי, און זי האָט זיך אָנגעהויבן באַרויקן.

— מאַמעשי, לייבלעכע, פאַרטיידיק דו מיך. האָסט אים געזאָגט, — האָט זי פּלוצלונג געפרעגט.

— נישקשה. די מאַמעשי האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דיר. ער האָט געזאָגט: „גאָט זאָל מוחל זיין".

— אָך, איך, אומגליקלעכע. ער וועט מוחל זיין, וועט דער מאַן הרגענען. וואָלט מיך כאָטש דער טויט גענומען.

אַזוי האָט זי זיך געפּייניקט, און דאָס אומשולדיקע עופעלע האָט זיך געבעטן אויף גאָטס וועלט, און אין אַ שעה אַרום איז אויף דער וועלט געווען נאָך אַ מענטשלעכע נשמה, אַ ריינע און אַ זינדלאָזע. ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אַ זון פון דער דאָזיקער סאָלדאַטקע, איז ער געווען ריין, ווי דער ערשטער מענטש, גלייך פון גאָטס הענט אַרויס.

פון די שניר האָט מער פאַר אַלעמען אָנטייל גענומען אָלגע. זי האָט אויסגעהייצט די באָד און אָוועקגעפירט די געווינערין אין באָד אַריין.

---

דערווייל איז איוואַן פעדאָטאָוו מיט דער סאָכע דערגאַנגען ביז טאַלאָווקע און, אַריבערגעגאַנגען איבער איר אין וואַסער, שפּרינגענדיק איבער די שטיינער, איז ער אַרויס אויפן באַרג און האָט דערזען דאָס גאַנצע פעלד, וועלכע איז געווען פאַרנומען מיט פויערים; פונדערווייטן נאָך האָט ער דערקענט זיינע זין, מיכאַילען — אויפן ברוינעם פערד מיטן זשערעבטשיק, און דעם זון דמיטרי אויפן גראָען. זיי האָבן געאַקערט צוזאַמען אויף איין אַכטל, טיכאָן האָט אויף דער רויטער קליאַטשע געאַקערט באַזונדער.

לויט דעם שטח, וואָס עס איז געווען צווישן דעם סאָכע-געשטעל און די אויסגעטאָענע קאַפּטנס און צווישן דעם אָרט, אויף וועלכן זיי האָבן געאַקערט, האָט איוואַן פעדאָטאָוו געזען, אַז די אַרבעט איז געגאַנגען גוט, און אַז ביז אָוונט, אויב ער וועט צושטיין צו זיי, וועלן זיי אויסאַקערן 2 דיעסאַטינעס.

אונטערגעפירט דאָס פערד מיט דעם אַקער צום פעלד און אונטערוועגנס גריסנדיק זיך מיט די פויערים, פאַרביי וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען, האָט דער אַלטער זיך אָפּגעשטעלט, און, אַראָפּגעוואָרפן די כאָמוט-רימענס פון די האַלאָבלעס, האָט ער איבערגעדרייט די סאָכע און גענומען פונאַנדערבינדן די לייצעס, מיט וועלכע דער געשטעל פון דער סאָכע איז צוזאַמענגעבונדן געווען. מיטרי איז דעמאָלט געווען אויף דעם אַנדער עק פון דעם אַכטל פעלד. מיטרי האָט נאָך ניט באַוויזן צוצוגיין, איז שוין דער געשטעל געווען אָפּגעבונדן; די האַלאָבלעס ווידער אָנגעטאָן אויף דעם פערד, די לייצעס גוט צוגעבונדן צום ציימל. די גוטע רימענע כאָמוט-פּאַסן דורכגעלאָזענע דורך די לעכער, פאַרשמיסן אויף די עקן און די קולבאַטשקע, ניט קיין אָפּגעבונדענע, איבערגעקערט און אַרויפגעוואָרפן אויף דעם גלאַטן רוקן און אונטערגעצויגן מיט אַ געפלאָכטענעם פּאַס. בשעת מיטרי איז צוגעפאָרן, איז שוין דער אַלטער געזעסן אויף דער בייט, נאָכדעם ווי ער האָט געהייסן דעם אייניקל צוהאַלטן דאָס גלאַטע פערדל; ער האָט אויסגעטאָן די לאַפּטשעס און פונאַנדערגעוויקלט די ווייסע אָנעטשעס.

— ווי עס אַקערט זיך, גוט, מיטיוכע, — האָט ער געזאָגט

צום זון, אַראָפּרייסנדיק פון אַן אַלטן צווייגל אויף דער מעזשע אַ שוין גרין געוואָרן שפּראָצל פון ביטערגראָז.

— יאָ, ס'אַרבעט זיך גוט, — האָט געענטפערט דער הויכער ברייטפּלייציקער מיטרי, איבערבויגנדיק זיך אַריבערן סאָכע און אַראָפּ־סקראָבענדיק מיט דעם גלאַנציקן און קלינגענדיקן אייזן און מיט דעם בייטש־שטעקל די פייכטע ערד, וועלכע איז צוגעשטאַנען צו די פאַרבויגטע ברעגן פון די אַקעראייזנס. — נאָר ביים טאָלכל איז פייכטלעך.

— זיידעשי! וואו אַהינטאָן דאָס זעקעלע?

— אַהינצו, צו די קאַפּטנס טראָג אַוועק. די ווייבער האָבן געשיקט, — האָט דער אַלטער געזאָגט צו מיטרין.

פאַראַסקע איז מיטן זעקעלע אַוועקגעלאָפן מיט די שנעלע באָרוועסע פיסלעך צו די קאַפּטנס. און צונויפגעקליבן אין אַ קופּע אויף דעם קרייצאַרטיקן סאָכע־געשטעל דעם קאַפּטן, די אָנעטשעס, די נייע לאַפּטשעס מיט די שטריקעלעך, האָט זיך איוואַן פעדראָטאָוו גענומען פונאַנדערגלעטן מיטן האַנט די הענטלעך פון די האַלאָבלעס, און האָט זיך צוגעצילעוועט, אונטערהייבנדיק די סאָכע.

— צו גלייך, טאַטעשע, איז דער עק פון דער סאָכע, -- האָט מיטרי געזאָגט.

— מסתמא פונקט ווי מען דאַרף, — האָט געענטפערט דער פאָטער. — אָט וועלן מיר אויספּרוון. און ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל און איבערגעצלמט זיך.

— גיב, גאָט, מזל־ברכה. נו, מיטרי, פיר אָקאָרשט דו דאָס פערד, וואָרעם דער יינגל וועט ניט קענען.

— און איך, זיידע, וועל גיין נאָך דעם פעטער מיטרים סאָכע, — האָט געזאָגט דער יינגל, קומענדיק צו לויפן.

— נו, רעכט. גאָט, בענטש אונז.

אַ באָרוועסער, טרעטנדיק מיט די גרויסע פיס איבער דער בייט, אַרומקוקנדיק זיך, האָט מיטרי גענומען פירן דאָס פערד איבערן ברעג פון דער בייט. דער אַלטער האָט מיט אַ שנעלער באַוועגונג פאַרטשעפעט די ערד מיט דער סאָכע און האָט זי תיכף לייכט אַוועקגעלאָזן, זעענדיק, אַז זי זאָל פאַרכאַפּן ניט טיפער, ניט

פלאַכער, ווערליק מען האָט זי אָנגעשטעלט. דאָס פערד האָט זיך אָנגעשטרענגט, אַ ריס געטאָן, אַ צי געטאָן זיך אויף צוריק, אָבער דער אַלטער האָט אַ ריר געטאָן מיט דער לייצע און גענומען שרייען: „גענטער! גלייכער פיר, אַזוי, גוט!“ און פון דער העלפט פון דעם פאַס איז שוין די בייט אַוועק גלייכער. פון הינטן איז דער יונגאַטש ניט אָפּגעשטאַנען, און יעדע רגע האָט זיך געהערט זיין שאַרפער, די גרויסע פויערים נאָכמאַכנדיקער קול: „גענטער, קריך אַרויס! וואוהין, שר איינער! טפרו! צי דו זעסט ניט!“ און אַלץ וואָס ער האָט געהערט, ווי עס שרייען אַנדערע פויערים.

דער שאַרער איז געווען אַ ווייך פערדל, און כאָטש ער האָט קיינמאָל ניט געאַקערט, האָט מען געזען, אַז ער ווייסט זיין גוט. פאַרקירעווען אויף צוריק, און איבערגעלייגט דעם מעסער, האָט זיך דמיטרי אויסגעדרייט און אָנגעוויזן אויף טאַראַסקעס פאַס.

— אָט האָט ער אָנגעקאַלופּעט.

— הייב אויף העכער, אויף זיך, — האָט שמייכלענדיק דער אַלטער אַ געשריי געטאָן.

— איך הייב שוין אַזוי אויך אויף זיך, אָבער ער דרייט זיך אַלץ.

— נאָך קליין.

אויפן דריטן פאַס איז דאָס פערד געוואָרן פאַרשוויצט און האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף ניט רייסן, און איז אַוועק שטיל. דער יינגל האָט אָנגעהויבן פירן, און מיטרי האָט גענומען זיין סאָכע. אין עטלעכע רייען אַרום האָט דער אַלטער געהייסן דעם יינגל אָפּלאָזן, און האָט אַליין גענומען קירעווען דאָס פערד מיט די לייצעס. ניט נאָר דאָס פערד, נאָר אַפילו איוואַן פעדאָטאָוו איז פאַרשוויצט געוואָרן, אַזוי וואַרעם איז געווען. אין דער ערד דער צעאַקערטער איז די פיס וואַרעם געווען. ס'האָט געשמעקט מיט ווערעם, און זיי האָבן זיך געזען צעשניטענע. שוואַרצע ראָבן זיינען מיט אַ זייט געפלויגן איבערן גאַנצן פעלד, מיט די פיס, ניט־פליענדיק אַריבערגעגאַנגען פון אַן אַלטער אויף אַ נייער בייט. לאַר־כעס האָבן געפלאַטערט אין דער לופטן פון אַלע זייטן. די זון האָט געגלאַנצט אויף די סאָכעס. פון פאַרשיידענע ערטער האָט זיך געהערט

דאָס הירזשען פון זשרעבטשיקעס און דאָס אָפּרופן זיך פון די אַקערנדיקע מאַמעס-קליאַטשעס. „קריך", „נענטער", „נו, פאַרגעסן" און לידער האָבן זיך געהערט פון פאַרשיידענע זייטן פון דעם גרויסן פעלד ביז סאַמע וואַלד, וועלכער איז פון אַ געלברוינעם גע-וואָרן אַ פאַסעוואַטער.

— פעטער איוואַן, אויסשפּאַנען, צי וואָס? — האָט אַ גע-שריי געטאָן קאַרפּ, וועלכער האָט געאַקערט דערבײַ.

איוואַן פעדאָטאָוו האָט אַ בליק געטאָן אויף דעם געשטעל פון דער סאָכע מיט זיין קאַפּטן און די לאַפּטשעס, וואו דער יינגל איז געזעסן, פלעכטנדיק אַ בייטש, און משער זייענדיק, אַז ער האָט נאָך ניט צעאַקערט קיין אַכטל, האָט ער געענטפערט, אַז ס'איז נאָך פרי. אים איז געווען אַ שאָדן אָפּצורייסן זיך פון דער דאָזיקער אַרבעט.

— די זון איז נאָך הויך. מען דאַרף נאָך אַמאָל דורכגיין, — האָט ער געענטפערט, און ווייטער געאַרבעט.

נאָר אינמיטן דער אַרבעט האָט אים איבערגעריסן דער געשריי פון מענטשן, וועלכע זיינען געפאָרן רייטנדיק אין אַ בריקע גלייך צו זיי. ער האָט דערקענט דעם עקאָנאָם פון די טשערנישעווס, און זייערע הויפישע מענטשן. נאָר דעם מענטשן אין דער ברישקע האָט ער ניט געקענט.

---

# באַמערקונגען צו „דעקאַבריסטן“

(1879 — 1863)

צו דער אַרבעט אַרום צוגרייטן און שרייבן דעם ראָמאַן „דעקאַבריסטן“ איז טאָלסטאָי צוגעטראָטן צוויי מאָל, וועלכע שטייען אָפּ איינס פונעם צווייטן כמעט אויף פערצן יאָר. אין דער אויך שוואַרץ אָנגעשריבענער לעצטנס אָפּגעוואָרפענער פּקיין פון אַ הקדמה צום ראָמאַן „טויזנט אַכטהונדערט פינפטער יאָר“, ווי עס זיינען געווען באַטיטלט די ערשטע צוויי טיילן פון „מלחמה און שלום“, לייענען מיר אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע שורות, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער געשיכטע פונעם שרייבן דעם ראָמאַן „דעקאַבריסטן“. „אין 1856טן יאָר שרייבט ל. נ. טאָלסטאָי, — האָב איך אָנגעהויבן שרייבן אַ דערציילונג (לכתחילה איז געשטאַנען „ראָמאַן“) מיט אַ געוויסער ריכטונג, וואָס איר העלד האָט געזאָלט זיין אַ דעקאַבריסט, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט מיט דער משפחה קיין רוסלאַנד... ניט ווילנדיק בין איך פון דער צייט איבער צום 1825טן יאָר, צו דער עפּאָכע פון די טעותן און די אומגליקן פון מיין העלד, און האָב אַוועקגעוואָרפן דאָס אָנגעהויבענע. אָבער אויך אין דעם 1825טן יאָר איז מיין העלד געווען שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ בעל-משפחה. כדי צו פאַרשטיין אים, האָב איך מיך געמוזט אומקערן צו זיין יוגנט, און זיין יוגנט איז צונויפגעפאַלן מיט דער רומפולער פאַר רוסלאַנד עפּאָכע פון דעם 1812טן יאָר. איך האָב אַ צווייט מאָל אַוועקגעוואָרפן דאָס אָנגעהויבענע, און גענומען שרייבן פון דער צייט פון דעם 1812טן יאָר, וואָס מיר הערן נאָך און אונז איז נאָך איצט ליב זיין ריח און זיין קלאַנג, נאָר וואָס איז שוין איצט אַזוי דערווייטערט פון אונז, אַז מיר קאָנען וועגן אים טראַכטן רויק. אָבער אויך דאָס דריטע מאָל האָב איך אַוועקגעוואָרפן דאָס אָנגעהויבענע, נאָר שוין ניט דערפאַר, וואָס איך האָב געדאַרפט באַשרייבן די ערשטע יוגנט פון מיין העלד, אדרבא, צווישן יענע האַלב-היסטאָרישע, האַלב-געזעלשאַפטלעכע, האַלב-אויסגעטראַכטע גרויסע כאַראַקטעריסטישע פּערזאָנען פון דער גרויסער עפּאָכע איז די פּערזענלעכקייט פון מיין העלד אָפּגעטראָטן

אין הינטערגרונט, און אין פאָדערגרונט זיינען אַרויסגעטראָטן מיט פאַרשיידענעם אינטערעס פאַר מיר סיי יונגע, סיי אַלטע מענטשן, סיי די מאַנספּילן, סיי די פרויען פון יענער צייט... ובכן, אומקערנדיק זיך פון 1856טן יאָר צום 1805טן יאָר, האָב איך בדעה פון דער דאָזיקער צייט אָן דורכצופירן שוין ניט איינעם, נאָר אַפילע מיינע העלדן און העלדינס דורך די דאָזיקע היסטאָרישע געשעענישן פון די יאָרן 1805, 1807, 1812, 1825, 1856. קיין לייזונג בנוגע די דאָזיקע פערזאָנען זע איך ניט פאָרויס אין קיין איינער פון די עפּאָכעס".

אַזוי זאָגט טאָלסטאָי וועגן זיין אַמאָליקער כוונה אָנצושרייבן אַ ראָמאַן אָדער אַ דערציילונג פון דער עפּאָכע פון די דעקאַבריסטן. דער פּלאַן, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די ערשטע שורות פון דער הקדמה, פאַלט, אַפנים, צונויף אינגאַנצן מיט דער פאַרווירקלעכונג, וועלכע איז פאַרבליבן אין איינעם פון די מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען באַוואוסט. וואָס איז נוגע דער דאַטע 1856, איז ווי משונה דאָס זאָל ניט זיין, באַגעגנט זי זיך ניט אין ערגעץ, אויסער דער דאָזיקער אויפגעוואַרץ אָנגעשריבענער הקדמה: ניט אין ל. נ. טאָלסטאָיס טאָגביכער פאַרן 1856טן יאָר, ניט געקוקט דערויף, וואָס אין די טאָגביכער זיינע האָט ער געהאַט די געוווינהייט צו פאַרצייכענען די סאַמע קליינלעכע באַמערקונגען וועגן דעם שרייבן פון די ווערק, ניט אין די נאָטיץ-ביכלעך איז ניטאָ מיט קיין שום וואָרט דערמאָנט וועגן אַ ראָמאַן, צי וועגן אַ דערציילונג מיט אַ העלד אַ דעקאַבריסט; ניטאָ קיין פראַגמענט פון דער דאָזיקער דערציילונג אין די מאַנוסקריפּטן, וועלכן מען זאָל קענען צורעכענען צום 1856טן און צו די ווייטערדיקע יאָרן. מיר מיינען ניט, אַז ל. נ. טאָלסטאָי האָט צוליב עפּעס אַ סיבה ניט געוואָלט איבערלאָזן קיין שפּור אין טאָגבוך וועגן דעם שרייבן די דאָזיקע דערציילונג, אָדער אַז דעם כתב-יד האָט ער מבער געווען. מיט גרעסערער וואַרשיינלעכקייט קאָן מען משער זיין, אַז די ווערטער אין דער אָפּגעוואָרפענער הקדמה „איך האָב אָנגעהויבן שרייבן" דאַרף מען פאַרשטיין ניט אין דעם זינען פון אָנהייבן שרייבן, נאָר אין דעם זינען פון אָנהייבן דעם פּראָצעס פון שאַפן. דער אָנהייב פון די אַרבעטן איבער „דעקאַבריסטן" באַציט זיך לויט די זכרונות פון ט. א. קוזמינסקאַיאַ צו האַרבסט פון 1863טן יאָר.

און פונקט אַזוי דאַטירט אויך ס. אַ. טאָלסטאַיאַ דאָס פאַרשרייבן דעם ערשטן פון די דריי אָפּגעדרוקטע אין 1884טן יאָר פראַגמענטן פון „דעקאַבריסטן״ (אָפּגעדרוקט אינעם בוך „XXV יאָר: 1859 — 1884 זאַמלונג צו הילף פאַר נייטבאַדערפטיקע ליטעראַטן און געלערנטע״, פ. 1884). טאָלסטאָי דערציילט אין דעם דאָזיקן פראַגמענט וועגן דער משפחה פון דעם דעקאַבריסט פיאָטר איוואַנאָוויטש לאַבאַזאָוו, וועלכער איז געקומען פון סיביר קיין מאָסקווע; אין דער דאָזיקער משפחה האָט טאָלסטאָי געשילדערט סער. גריג. וואָלקאָנסקין, זיין ווייב מאַריע ניקאָלאַיעווגע און זייערע קינדער. דער פראַגמענט פון דעם אָנהייב אַנטהאַלט דריי קאַפּיטלען. טאָלסטאָי האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס אָנגעהויבענע און איז „ניט ווילנדיק״ פון דער איצטיקער צייט אַריבער צום 1825טן יאָר, און פונעם 1825טן יאָר צום 1812טן און האָט באַשאַפן „מלחמה און שלום״.

ווידער אַמאָל דערמאָנט טאָלסטאָי „דעקאַבריסטן״ אין 18777טן יאָר. אין די מעמואַרן פון ס. אַ. טאָלסטאַיאַ „וועגן די ווערטער, וואָס ל. נ. טאָלסטאָי האָט געזאָגט בשעתן שרייבן״ אונטער דער דאַטע פונעם דריטן מערץ 1877טן יאָר (על-פּי טעות איז אָנגעשריבן 1876 יאָר אוממיטלבאַר נאָך דער פאַרצייכענונג פונעם 21טן נאָוועמבער 1876), איז פאַרשריבן: „געכטן איז ל. נ. צוגעגאַנגען צום טיש, אָנגעוויזן אויף דער העפט וואָס ער שרייבט און האָט געזאָגט: אָך, כ׳וואָלט שוין וועלן גיכער, גיכער ענדיקן דעמדאָזיקן ראָמאַן (ד. ה. אַננאַ קאַרעני נאַ) און אָנהייבן עפּעס נייס. מיין געדאַנק איז פאַר מיר איצט אַזוי קלאָר. כּדי אַ ווערק זאָל זיין גוט, דאַרף מען אין אים ליב האָבן דעם עיקרשטן, דעם הויפּטגעדאַנק. אַזוי האָב איך אין „אַננאַ קאַרענינאַ״ ליב דעם משפּחה-געדאַנק, און „מלחמה און שלום״—דעם פאָלקס-געדאַנק מחמת דער מלחמה פונעם 12טן יאָר, און איצט איז מיר קלאָר, אַז אין דעם נייעם ווערק וועל איך ליב האָבן דעם געדאַנק פונעם רוסישן פאָלק אין דעם זינען פון אַ קראַפט אַ דערגאָבערישע״ און די דאָזיקע קראַפט ווערט ביי ל. נ. פאָרגעשטעלט אין דער פאָרם פון כסדרדיקן איבערוואַנדערן פון די רוסן אויף נייע ערטער, אין דרום-סיביר, אויף נייער ערד צו דרום-מזרח פון רוסלאַנד, אויף דעם טייך בעלאַיאַ, אין טאַשקענט, און אַז. וו.

דעם צווייטן טייל פון דעם דאָזיקן 1877טן יאָר און דערנאָך דאָס גאַנצע 1878טע יאָר שטודירט טאָלסטאָי פלייסיק היסטאָרישע מאַטעריאַלן, און בשעת ער קומט צו פאָרן קיין מאָסקווע, באַזוכט ער די אַרכיוון אין רומיאַנצעווס מוזעאום. „מיט מיר קומט פאָר עפּעס ענלעכס צו דעם, וואָס בשעת איך האָב געשריבן „מלחמה און שלום“,— פאַרשרייבט ל. נ. טאָלסטאָיס ווערטער ס. אַ. טאָלסטאַיאַ אונטער דער דאַטע פון 8טן יאַנואַר 1878 אין איר בריער דערמאָנטער העפט, — ...און דעמאָלט, קלייבנדיק זיך שרייבן וועגן אַ דעקאַבריסט, וואָס איז צוריקגעקומען פון סיביר, האָב איך מיך אומגעקערט לכתחילה צו דער עפּאָכע פון דער מרידה פון דעם 14טן דעצעמבער, נאָכדעם צו דער קינדהייט און צו דער יוגנט פון די מענטשן, וועלכע האָבן אין דער זאַך אָנטייל גענומען, איך האָב מיך אַריינגעטאָן אין דער מלחמה פון 12טן יאָר, און היות ווי די מלחמה פונעם 12טן יאָר איז געווען פאַרבונדן מיט דעם 1805טן יאָר, האָב איך שוין במילא דאָס גאַנצע ווערק אָנגעהויבן שרייבן פון דער צייט“. „איצט, זאָגט ס.א. טאָלסטאַיאַ, — האָט ליעוו ניקאָלאַיעוויטשן פאַראינטערעסירט די צייט פון ניקאָלאַי I, און דערהויפּט די טערקישע מלחמה פון 1829טן יאָר. ער האָט אָנגעהויבן שטודירן די דאָזיקע עפּאָכע; שטודירנדיק זי, האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט ניקאָלאַי פּאַלאָוויטשעס אַרויפגיין אויפן טראָן און מיט דער מרידה פון דעם 14טן דעצעמבער. נאָכדעם האָט ער מיר געזאָגט: און דאָס וועט ביי מיר פאָרקומען אויפן אָלימפּ. ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש מיט דער גאַנצער העכערער געזעלשאַפט, ווי יופּיטער מיט די געטער, און דאָרט ערגעץ אין אירקוטסק, אָדער אין סאַמאַרע וואַנדערן אַרום פויערים, און איינער פון די אָנטיילנעמער אין דער געשיכטע פונעם 14טן דעצעמבער פאַלט אַריין צו די דאָזיקע איבערוואַנדערער און — דאָס איינפאַכע לעבן אין צוזאַמענשטויס מיט דעם העכערן“. פון די דאָזיקע לעצטע ווערטער זעט זיך אַרויס דער געדאַנק, וועגן וועלכן ער האָט גערעדט, אַלס פּלאַן פאַר דעם קינפטיקן ווערק, בעת ער האָט געטרוימט, אַז אין דעם נייעם ווערק וועט ער לעבן „דעם געדאַנק פאַרן רוסישן פאָלק אין דעם זינען פון אַ ק ר אַ פ ט אַ ד ע ר אָ ב ע ר י ש ע ר“. „נאָכדעם האָט ער גערעדט, — פאַרשרייבט ס. א., — אַז פּונקט ווי אַ מאָן איז נייטיק פאַר דעם

אוזאָר, אַזוי איז אים אויך נייטיק אַ פּאָן, פֿאַר װעלכן עס װעט אים דינען זיין איצטיקע רעליגיעזע שטימונג. איך האָב אים געפֿרעגט: װי אַזוי זשע? ער האָט מיר געענטפֿערט: װען איך װאָלט װיסן װי אַזוי, װאָלט איך ניט געהאַט װעגן װאָס צו טראַכטן. אָבער נאָכדעם האָט ער צוגעגעבן: אָט למשל קוקן אויף דער גאַנצער געשיכטע פֿון דעם 14טן דעצעמבער, קיינעם ניט פֿאַרמשפּטנדיק, ניט ניקאָלאַי פּאַװלאָװיטשן, ניט די מורדים, נאָר אַלעמען פֿאַרשטיין און נאָר באַשרייבן". אין די בריװ צו ט. א. קוזמינסקאַיאַ פֿון דער דאָזיקער צייט (יאַנואַר 1878) שרייבט ס. א. טאָלסטאַיאַ, אַז „ער איז זייער פֿאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען װעגן דעם נייעם ראָמאַן; אַז זי זעט, „אַז דאָס װעט זיין עפּעס זייער אַ גוטע היסטאָרישע זאַך פֿון דער צייט פֿון די דעקאַבריסטן, אַ מין, קאָן מען זאָגן, „מלחמה און שלום". אין פֿעברואַר פֿאָרט טאָלסטאָי קיין מאָסקװע, כּדי צו אַרבעטן אין די אַרכיװן און אין די ביבליאָטעקן, און כּדי צו זען זיך און צו באַקענען זיך מיט אייניקע דעקאַבריסטן און זייערע קרובים. ס. א. טאָלסטאַיאַ שרייבט אין אירע מעמואַרן, אַז „ל. נ. האָט פֿון מאָסקװע געבראַכט אַ גאַנצן באַרג ביכער און אַפּמאָל איז ער ביז טרערן גערירט, לייענענדיק די דאָזיקע שריפֿטן".

„די גאַנצע צייט, — לייענען מיר דאָרט גופֿא, — פֿאַרנעמט זיך ל. נ. מיט לייענען װעגן דער צייט פֿון ניקאָלאַי פּאַװלאָװיטשן, און דער עיקר, ער איז פֿאַראינטערעסירט, און אַפֿילו אינגאַנצן פֿאַרזונקען אין דער געשיכטע פֿון די דעקאַבריסטן" (נאָטיץ פֿונעם 1 מערץ 1878). אין מערץ פֿאָרט ער קיין פּעטערבורג װידער מיט דעם זעלביקן ציל, זעט זיך מיט פֿיל מענטשן, באַקענט זיך מיט אייניקע דעקאַבריסטן, באַקוקט געגנט די פֿעסטונג. און סוף 1878, אָדער אין אָנהייב 1879 פֿרוּװט ל. נ. טאָלסטאָי באַקומען אַ צוטריט אין דער III אָפּטיילונג, װייל ער האָט באַקומען ידיעות, אַז דאָרט איז פֿאַראַן דער אָריגינאַל פֿון דעם „פּראָצעס פֿון די דעקאַבריסטן" און „דערביי די ביאָגראַפֿיעס מיט די פּאָרטרעטן פֿון אַלע דעקאַבריסטן"; נאָר דעם דריטן פֿעברואַר האָט אים אַ. אַ. טאָלסטאַיאַ געענטפֿערט, אַז זי האָט באַקומען אַן אָפּזאָג פֿון דעם דעמאָלטיקן שעף פֿון די זשאַנדאַרמען א. ר. דרענטעלן, אַז „צולאָזן דעם גראַף ל. נ. טאָלסטאָי צום אַרכיװ פֿון דער דריטער אָפּטיילונג איז לחלוטין אוממעגלעך". דערװייל, אַ ביסל

פריער, אין האַרבסט 1878, האָט זיך צווישן עולם און אין דער פּרעסע באַוויזן אַ קלאַנג, אַז אין דעם זשורנאַל „רוסקאַיאַ רעטש" וועט זיך אינגיכן אָנהייבן דרוקן טאָלסטאָיס אַ ראָמאַן „דעקאַבריסטן". און מען האָט באמת געקאָנט דערוואַרטן דעם דאָזיקן ראָמאַן: דעם סוף 1877, דעם גאַנצן 1878 און דעם אָנהייב פון 1879 איז טאָלסטאָי פאַרנומען מיט שרייבן דעם ראָמאַן, אָבער די גאַנצע צייט בלייבט ער אומצופרידן, און אומבאַפרידיקט פון זיין אַרבעט. זיינע פּרוּוון באַגרענעצן זיך מיט פיל וואַריאַנטן פונעם אָנהייב; אַזוינע סקיצן פונעם אָנהייב ציילן די פאָרשער אָן אין די צענדליקער.

טאָלסטאָיס בקשה, מכוח דערלויבן אים צו אַרבעטן אין אַרכיוו פון דער III אָפּטיילונג איז געווען דאָס לעצטע מאָל, ווען עס האָט זיך צעפלאַקערט זיין אינטערעס צו די דעקאַבריסטן. אין מערץ 1879 האָט אים שוין געצויגן, ווי ער שרייבט צו אַ. אַ. טאָלסטאַיאַ, „ניט צו דעקאַבריסטן, נאָר צום 18טן יאָרהונדערט, צו זיין אָנהייב". מיט דער הילף פון דער זעלביקער אַ. אַ. טאָלסטאַיאַ זוכט ער אַ צוטריט צו די אַרכיוון פון די געהיימע ענינים, פון דער צייט פון פּיאָטר I, אַננע יאָאַנעוונע און יעליזאַוועטע". ער דאַרף „פּסעוודאָ-דמיטרים, רויבער, סעקטאַנטן-ראַסקאָלניקעס". אין אַפּריל 1879 האָט ער צו אַ. אַ. פּעטן אויך געשריבן: „מיינע דעקאַבריסטן זיינען איצט, גאָט ווייס וואו. איך טראַכט אַפילו ניט וועגן זיי. און אַפילו אַז איך וואָלט געטראַכט און געשריבן, טרייסט איך מיך מיט דער האָפענונג, אַז שוין מיין ריח נאָר, מיט וועלכן עס וואָלט געשמעקט, וואָלט אומדערטרעגלעך געווען פאַר די מענטשן, וועלכע שיסן לטובת דעם פאָטערלאַנד". אַזוי איז איבערגעריסן געוואָרן, און דאָס מאָל שוין ענדגילטיק, זיין אַרבעט, וועלכע האָט זיך געבויט אין זיינע געדאַנקען לויט אַ ברייטן קאָלאָסאַלן פּלאַן, וועלכע האָט אים צוגעצויגן אין אַ משך כמעט פון צוויי יאָר, צייטנווייז לגמרי אים באַהערשט. ביסלעכווייז איז זי אַליין שוועריק און שווערער געוואָרן פאַר אים אונטער דעם ווירקונג פון דעם גייסטיקן איבערברוך, וועלכער איז אין אים פאָרגעקומען אין די דאָזיקע יאָרן.

(וו. סרעזניעווסקי).

---

# ערשטער טייל

.I

מיר האָבן געטראָגן טרויער נאָך דער מוטער, וועלכע איז געשטאָרבן אין האַרבסט, און האָבן דעם גאַנצן ווינטער געלעבט אין דאָרף אַליין מיט קאַטיען און מיט סאָניען.

קאַטיע איז געווען אַ הויזפריינד, אַ גוווערנאַנטין, וועלכע האָט אונז אַלעמען אויסגעכאָוועט, און וועלכע איך האָב געדענקט און ליב געהאַט, זינט איך האָב זיך געדענקט. סאָניע איז געווען מיין יינגערע שוועסטער. מיר האָבן פאַרבראַכט אַ פינסטערן און טרויעריקן ווינטער אין אונזער פּאָקראָווסקער אַלטן הויז. דאָס וועטער איז געווען קאַלט, ווינטיק, אַזוי אַז עס האָט אָנגעוואָרפן שניי־קופּעס העכער פאַר די פענסטער. די פענסטער זיינען כמעט אַלעמאָל געווען פאַרפראָרן און טונקל, און כמעט דעם גאַנצן ווינטער זיינען מיר ערגעץ ניט געגאַנגען אין ניט געפאָרן. זעלטן ווער עס איז צו אונז געקומען צו פאָרן, און אַפילו אַז עמעצער איז געקומען צו פאָרן, האָט ער ניט צוגעגעבן קיין פריידיקייט און קיין פריילעכקייט אין אונזער הויז. ביי אַלעמען זיינען געווען טרויעריקע פּנימער, אַלע האָבן גערעדט שטיל, גלייך ווי מען האָט מורא געהאַט עמעצן אויפצוּוועקן, מען האָט ניט געלאַכט, מ'האָט געזיפצט און אָפט געוויינט, קוקנדיק אויף מיר און דער עיקר אויף דער קליינטשקער סאָניען אין שוואַרצן קליידל. אין הויז האָט זיך נאָך גלייך ווי געפילט דער טויט; אַבלות און אימה פאַרן טויט זיינען געהאָנגען אין דער לופטן. דער מאַמעשיס צימער איז געווען צוגעשפּאַרט, און מיר פלעגט ווערן שרעקלעך און עפּעס האָט מיך געצויגן אַריינצוקוקן אין דעם קאַלטן און ליידיקן צימער, ווען איך פלעג פאַרביי אים גיין שלאָפן.

מיר איז דעמאָלסט געווען זיבעצן יאָר און אין דעם יאָר פון איר טויט האָט די מאַמעשי געוואָלט אַריבערפאָרן אין שטאָט, כדי מיך אַרויספירן אין דער וועלט. דער פאַרלוסט פון דער מוטער איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע אומגליק, אָבער איך מוז מיך מודה זיין, אַז פון הינטער דעם דאָזיקן אומגליק, האָט זיך געפילט אויך דאָס, וואָס איך בין יונג, שיין, ווי אַלע האָבן מיר געזאָגט, און אָט היניע איך דעם צווייטן ווינטער אומזיסט אין דאָרף. פאַרן סוף פון דעם ווינטער האָט זיך דער דאָזיקער געפיל פון אומעט מחמת דער איינזאַמקייט און פשוט פון לאַנגווייל פאַרגרעסערט אין אַזאַ מאָס, אַז איך בין ניט אַרויסגעגאַנגען פונעם צימער, ניט אָפגעעפנט די פאָרטעפּיאַנע און ניט גענומען קיין בוך אין האַנט אַריין. ווען קאַטיע פלעגט מיך נעמען איינריידן, איך זאָל מיך באַשעפטיקן מיט דאָס און יענץ, פלעג איך ענטפערן: עס ווילט זיך ניט, איך קאָן ניט. און אין דער נשמה ביי מיר האָט זיך גערעדט: צו־וואָס? צו־וואָס עפּעס טאָן, ווען אַזוי אומזיסט גייט פאַרלאָרן די בעסטע צייט מיינע. צו־וואָס? און אויף דעם פאַרוואָס איז ניט געווען קיין אַנדער ענטפער, ווי טרערן.

מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין מאָגער און מיאוס געוואָרן פאַר דער צייט, אָבער דאָס האָט מיך אַפילו ניט אינטערעסירט. צו וואָס? פאַר וועמען? מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע לעבן מיינס מוז שוין אַזוי פאַרבייגיין אין דעם איינזאַמען עק און אין דעם הילפלאָזן אומעט, פון וועלכן איך אַליין האָב ניט געהאַט קיין קראַפט און אַפילו קיין פאַרלאַנג אַרויסצוגיין. קאַטיע האָט סוף ווינטער אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר מיר און באַשלאָסן אום יעדן פריין אַוועקפירן מיך קיין איטאַליע. אָבער דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן געלט, און מיר האָבן כמעט ניט געוואוסט, וואָס איז ביי אונז געבליבן נאָך דער מוטער, און פון טאָג אויף טאָג האָבן מיר געוואַרט אויף דעם אַפּוטרופּוס, וועלכער האָט געזאָלט קומען צו פאָרן און רעווידירן אונזערע געשעפטן.

אין מערץ איז דער אַפּוטרופּוס געקומען צו פאָרן.

— נו, דאַנקען גאָט, — האָט מיר איינמאָל קאַטיע געזאָגט, בעת איך בין ווי אַ שאָטן, אָן אַרבעט, אָן געדאַנק, אָן פאַרלאַנג אַרומגעגאַנגען פון איין ווינקל אין דעם צווייטן. — סערגיי מי־

באַליטש איז געקומען צו פאָרן, האָט געשיקט נאָכפרעגן זיך אויף
אונז, און וויל קומען צו מיטאָג. דו מוטיקן זיך, מיין מאַשעלע, —
האָט זי צוגעגעבן, — וואָרעם אין קעגנפאַל וואָס וועט ער וועגן
דיר טראַכטן? ער האָט אַייך אַלעמען אַזוי ליב.

סערגיי מיכאַיליטש איז געווען אַ נאָענטער שכן אונזערער און
אַ פריינד פון דעם זעליקן פאָטער, הגם פיל יינגער פאַר אים. חוץ
דעם, וואָס זיין קומען האָט געענדערט אונזערע פּלענער און האָט
געגעבן די מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן פון דאָרף, בין איך נאָך פון
קינדווייז אָן געוויינט געווען ליב צו האָבן און אַכטן אים, און ראַטנ-
דיק מיר מוטיקן זיך, האָט קאַטיע געטראָפן, אַז פאַר סערגיי מיכאַי-
ליטשן וואָלט מיר מער איידער פאַר אַלע אַנדערע באַקאַנטע אַ
ווייטאָג געווען צו באַווייזן זיך אין ניט קיין שיינעם שיין. חוץ דעם,
וואָס איך, ווי אַלע אין הויז, אָנגעהויבן פון קאַטיען און פון סאָניען,
זיין טויפטאָכטער, ביזן לעצטן קוטשער, האָבן אים געליבט על-
פי רגילות, האָט ער נאָך פאַר מיר געהאַט אַ באַזונדער באַדיי-
טונג צוליב איינעם אַ וואָרט, וואָס די מאַמעשי האָט אין מיין אָנ-
וועזנהייט געזאָגט. זי האָט געזאָגט, אַז אַזאַ מאַן וואָלט זי ווינטשן
פאַר מיר. דעמאָלסט האָט עס מיר אויסגעוויזן וואונדערלעך, און
אַפילו אומאָנגענעם; מיין העלד איז געווען גאָר פון אַן אַנדער מין;
מיין העלד איז געווען אַ דינער, אַ מאָגערלעכער, אַ בלאַסער און אַ
טרויעריקער.. אָבער סערגיי מיכאַיליטש איז געווען אַ מענטש שוין
ניט קיין יונגער, אַ הויכער, אַ פולער, און, ווי מיר האָט אויסגעוויזן,
אַלעמאָל אַ פריילעכער. נאָר ניט געקוקט דערויף, זיינען דער מאַ-
מעשיס ווערטער מיר אַריינגעפאַלן אין דמיון און נאָך מיט זעקס
יאָר צוריק, ווען מיר איז געווען עלף יאָר, און ער האָט מיר געזאָגט
דו, געשפּילט מיט מיר און אָנגערופן מ י י ד ע ל ע - פ י אַ ל ק ע, פלעג
איך זיך ניט אָן מורא אָפטמאָל פרעגן, וואָס זאָל איך טאָן, אויב
ער וועט פּלוצלונג וועלן חתונה האָבן מיט מיר?

פאַר מיטאָג, צו וועלכן קאַטיע האָט צוגעגעבן אַ פאַרבייסן
קרעם און אַ סאָוס פון שפּינאַט, איז סערגיי מיכאַיליטש געקו-
מען צו פאָרן. איך האָב געזען דורכן פענצטער, ווי ער איז צוגע-
פאָרן צום הויז אין אַ קליינעם שליטל, אָבער ווי נאָר ער איז פאַר-

פאַרן הינטערן ווינקל, בין איך גיך אַוועק אין גאַסט־זאַל און האָב מיך געוואָלט מאַכן, פלומרשט איך האָב אים גאָרניט דערוואַרט. נאָר דערהערט אין פאָדערצימער דאָס קלאַפּן פון פיס, זיין הויכע שטים און קאַטיעס טריט, האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און בין אַליין אַוועק באַגעגענען אים. ער האָט, האַלטנדיק קאַטיעס האַנט, הויך גערעדט און געשמייכלט. דערזען מיך, האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט און אַ רגע געקוקט אויף מיר ניט גריסנדיק. מיר איז געוואָרן ניט־היימלעך, און כ'האָב דערפילט, אַז כ'בין רויט געוואָרן.

— אַך, צי דען זייט איר עס? — האָט ער געזאָגט מיט זיין אַנטשיידענער און פשוטער מאַניר, אויסשפרייטנדיק די הענט און צוגייענדיק צו מיר. — ווי קאָן מען עס אַזוי ענדערן זיך! ווי אויס־געוואַקסן איר זייט! אָט האָסטו דיר אַ פיאַלקע, איר זייט געוואָרן אַ גאַנצע ראָזע!

ער האָט מיך מיט דער גרויסער האַנט גענומען פאַר דער האַנט, אַ דריק געטאָן אַזוי שטאַרק, ערלעך, נאָר עס האָט ניט וויי געטאָן. איך האָב געמיינט, אַז ער וועט אַ קוש טאָן מיין האַנט, און האָב מיך געוועזט אָנגעבויגן צו אים, נאָר ער האָט מיר נאָך אַמאָל געטאָן אַ דריק די האַנט און גלייך אין די אויגן אַריינ־געקוקט מיט זיין פעסטן און פריילעכן בליק.

איך האָב אים זעקס יאָר ניט געזען. ער האָט זיך פיל גע־ענדערט; איז אַלט געוואָרן שוואַרץ און פאַרוואַקסן מיט באַקן־בערד, וואָס עס האָט אים זייער געקליידט; נאָר ביי אים זיינען געווען די זעלביקע פשוטע מאַנירן, אַן אָפן, ערלעך, מיט גרויסע שטריכן גע־זיכט, קלוגע גלאַנציקע אויגן און אַ פריינדלעכער, גלייך ווי אַ קינ־דערשער שמייכל.

אין פינף מינוט אַרום האָט ער שוין אויפגעהערט צו זיין אַ גאַסט און איז געוואָרן אַן אייגענער מענטש פאַר אונז אַלעמען, אַפילו פאַר די מענטשן, וועלכע — מ'האָט עס געזען לויט זייער דינסטגרייטקייט — האָבן זיך באַזונדער געפרייט מיט זיין קומען.

ער האָט זיך אויפגעפירט אינגאַנצן ניט אַזוי, ווי די שכנים, וואָס פלעגן קומען צו פאָרן נאָך דער מאַמעשיס טויט, און האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק צו שווייגן און וויינען, זיצנדיק ביי אונז. ער

איז, פּאַרקערט, געווען באַריידעוודיק, פריילעך און האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן דער מאַמעשי, אַזוי אַז פון אָנהייב האָט די דאָזיקע גלייכגילטיקייט מיר אויסגעוויזן מאָדנע און אַפילו ניט אָנשטענדיק מצד אַזאַ נאָענטן מענטשן. אָבער נאָכדעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען ניט קיין גלייכגילטיקייט, נאָר אויפריכטיקייט, און איך בין אים געווען דאַנקבאַר פאַר איר. אינאָוונט האָט זיך קאַטיע געזעצט פונאַנדערגיכן טיי אויפן אַלטן אָרט אין גאַכט־זאַל, ווי דאָס איז געווען בעת די מאַמעשי האָט געלעבט. איך און כאָניע האָבן מיר זיך געזעצט לעבן איר. דער אַלטער גריגאָרי האָט אים געבראַכט דעם טאַטעשיס אַמאָליקע ליולקע, וועלכע האָט זיך געפונען, און ער האָט, ווי אַמאָל, גענומען אַרומגיין הין־און־צוריק איבערן צימער.

— וויפיל שרעקלעכע ענדערונגען עס זיינען אין דעם הויז, אַז מען טוט נאָר אַ טראַכט! — האָט ער געזאָגט, אָפּשטעלנדיק זיך.

— יאָ, האָט קאַטיע געזאָגט מיט אַ זיפץ, צודעקנדיק דעם סאַמאָוואַר מיט אַ דעקל, און אַ קוק געטאָן אויף אים, שוין אַ גרייטע אָנהייבן צו וויינען.

— איר געדענקט, מיין איך, אייער פאָטער? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר.

— ווייניק, — האָב איך געענטפערט.

— און ווי גוט עס וואָלט אייך איצט געווען מיט אים! — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל און פאַרטראַכטערהייט, קוקנדיק אויף מיין קאָפּ העכער פאַר די אויגן. — איך האָב זייער ליב געהאַט אייער פאָטער! — האָט ער צוגעגעבן נאָך שטילער, און מיר האָט אויסגעוויזן, אַז זיינע אויגן זיינען געוואָרן גלאַנציקער.

— און דאָ האָט גאָט זי צוגענומען! — האָט קאַטיע אַרויסגערעדט און תיכף אַוועקגעלייגט דאָס טישטעכל אויפן טשייניק, אַרויסגענומען דאָס טיכל און זיך פונאַנדערגעוויינט.

יאָ, שרעקלעכע ענדערונגען אין דעם הויז, — האָט ער איבערגעחזרט, אָפּקערנדיק זיך, — כאָניע, באַוויזן די צאַצקעס -- האָט ער צוגעגעבן אין אַ רגע אַרום און איז אַרויסגעגאַנגען אין זאַל.

מיט אויגן פולע מיט טרערן האָב איך אַ קוק געטאָן אויף קאַטיען, בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען.

— דאָס איז אַזאַ וואוילער פריינד! — האָט זי געזאָגט.

און ווירקליך, עפּעס וואַרעמס און גוט איז מיר געוואָרן פון דעם מיטגעפיל מצד דעם דאָזיקן פרעמדן און גוטן מענטשן.

פון זאַל האָט זיך געהערט מאָניעס פּישטשען און זיין פּאָרען זיך מיט איר, איך האָב אים אַרויסגעשיקט טיי; און ס'האָט זיך געהערט, ווי ער האָט זיך געזעצט לעבן דער פאָרטעפּיאַנע און גענומען מיט מאָניעס פינגערלעך קלאַפּן איבער די קלאַווישן.

— מאַריע אַלעקסאַנדראָוונע! — האָט זיך דערהערט זיין שטים, — קומט אַהער, שפּילט עפּעס.

מיר איז געווען אָנגענעם, וואָס ער ווענדט זיך צו מיר אַזוי פּשוט און פריינדלעך־באַפעלעריש; איך בין אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו אים.

— אָט דאָס שפּילט, — האָט ער געזאָגט, אָפּעפענענדיק בעטכאָווענס אַ העפט אויף אַדאַזשיאָ פון אַ סאָנאַטע quosi una fantasia, — מירן זען, ווי שפּילט איר אָקאָרשט, — האָט ער ציגעגעבן און איז אָפּגעטראָטן מיט דער גלאָז אין ווינקל זאַל.

איך האָב עפּעס פאַרוואָס געפילט, אַז אים איז מיר אוממעגלעך אָפּצוזאָגן און מאַכן הקדמות, אַז איך שפּיל שלעכט; איך האָב מיך אונטערגעגעבן, געזעצט צו דער פאָרטעפּיאַנע און אָנגעהויבן צו שפּילן, ווי איך האָב געקענט, הגם איך האָב מורא געהאַט פאַרן משפט, ווייסנדיק, אַז ער פאַרשטייט און ליבט מוזיק. דאָס אַדאַזשיאָ איז געווען אין דעם טאָן פון יענעם געפיל פון די ערינערונגען, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם שמועס ביים טיי, און איך האָב עס געשפּילט, דאַכט מיר, אָנשטענדיק. נאָר די סקערצאָ האָט ער מיר ניט געלאָזן שפּילן. „ניין, דאָס שפּילט איר ניט גוט, — האָט ער געזאָגט צוגייענדיק צו מיר, — דאָס לאָזט, און דאָס ערשטע איז ניט שלעכט. איר פאַרשטייט, דאַכט זיך, מוזיק“. די דאָזיקע מעסיקע לויב האָט מיך אַזוי דערפרייט, אַז איך בין אַפילו רויט געוואָרן. מיר איז עס אַזוי ניי און אָנגענעם געווען, וואָס ער, דער פריינד און גלייכן פון מיין פאָ־

טער האָט מיט מיר גערעדט אונטער פיר אויגן ערנסט, און שוין ניט ווי מיט אַ קינד, ווי אַמאָל. קאַטיע איז אַוועק אויבן לייגן מאַניען שלאָפן, און מיר זיינען זאַלבאַנאַנד געבליבן אין זאַל.

ער האָט מיר דערציילט וועגן מיין פאָטער, וועגן דעם, ווי ער האָט זיך מיט אים באַפריינדעט, ווי זיי האָבן פריילעך געלעבט אַמאָל, ווען איך בין נאָך געזעסן פאַרן ביכל און מיט די צאַצקעס; און מיין פאָטער האָט זיך אין זיינע דערציילונגען דאָס ערשטע מאָל פאָרגעשטעלט פאַר מיר אַלס פשוטער, ליבער מענטש, וואָס אַלס אַזוינעם האָב איך אים קיינמאָל ניט געקענט ביז איצט. ער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן דעם, וואָס איך האָב ליב, וואָס איך לייען, וואָס איך האָב בדעה צו טאָן, און האָט מיר געגעבן עצות. ער איז פאַר מיר איצט געווען ניט דער וויצלער און פריילעכער מענטש, וועלכער פלעגט זיך מיט מיר רייצן און מאַכן מיר צאַצקעס, נאָר אַ מענטש אַן ערנסטער, אַ פשוטער און אַ ליבנדיקער, צו וועלכן איך האָב געשפירט ניט ווילנדיק אַכטונג און סימפּאַטיע. מיר איז גע-ווען לייכט, אָנגענעם, און צוזאַמען דערמיט האָב איך געשפירט ניט ווילנדיק אָנגעשטרענגטקייט, ריידנדיק מיט אים. איך האָב מורא געהאַט פאַר יעדן וואָרט מיינעם; מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט אַליין געווינען זיין ליבשאַפט, וועלכע איך האָב שוין דערוואָרבן בלויז דערפאַר, וואָס איך בין געווען די טאָכטער פון מיין פאָטער.

איינגעלייגט מאַניען, איז קאַטיע געקומען צו אונז און האָט פאַר אים אָנגעמסרט אויף מיין אַפּאַטיע, וועגן וועלכער איך האָב גאָרניט געזאָגט.

— דאָס סאַמע וויכטיקסטע האָט זי מיר גאָרניט דערציילט, — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק און מיט פאָרוואורף שאָקלענדיק אויף מיר מיטן קאָפּ.

— וואָס איז דאָ צו דערציילן! — האָב איך געזאָגט — דאָס איז זייער לאַנגווייליק, און ס'וועט אַריבערגיין (מיר האָט ווירקלעך איצט אויסגעוויזן, אַז מיין אומעט וועט ניט נאָר אַריבערגיין, נאָר אַז ער איז שוין אַריבערגעגאַנגען, און אַז ער איז קיינמאָל ניט געווען).

דאָס איז ניט גוט — ניט קענען איבערטראָגן קיין איינזאַמקייט, — האָט ער געזאָגט. — איר זייט אַפּנים אַ באַרישניע?

— פאַרשטייט זיך אַ באַרישניע, — האָב איך געענטפערט לאַכנדיק.

— ניין, אַ שלעכטע באַרישניע, וועלכע איז לעבעדיק נאָר כּל־זמן מען שפּיגלט זיך אין איר, און ווי נאָר זי איז געבליבן אַליין, האָט זי זיך שוין אַראָפּגעלאָזן און קיין זאַך איז איר ניט ליב; אַלץ נאָר פאַר לייטן, און פאַר זיך גאָרניט.

— אַ גוטע מיינונג האָט איר וועגן מיר, — האָב איך געזאָגט, כּדי עפּעס צו זאָגן.

— ניין, — האָט ער אַרויסגערעדט נאָכדעם, ווי ער האָט אַ ביסל געשוויגן, — ניט אומזיסט זייט איר געראָטן אין אייער פאָטער. אין אייך איז פאַראַן, — און זיין גוטער אויפמערקזאַמער בליק האָט מיר ווייטער געחנפעט און פריידיק צעטומלט.

ערשט איצט האָב איך פון הינטער זיין פריילעכן לויט דעם ערשטן איינדרוק פּנים באַמערקט דעם דאָזיקן אים אַליין אָנגעהעריקן בליק, לכתחילה אַ העלן, און נאָכדעם אַלץ מער און מער אויפמערקזאַמען און אַ ביסל טרויעריקן.

— איר דאַרף ניט און איר טאָרט ניט לאַנגווײַלן זיך, — האָט ער געזאָגט, — איר האָט מוזיק, וועלכע איר פאַרשטייט, ביכער, איר לערנט, איר האָט דאָס גאַנצע לעבן פאָרויס, און נאָר איצט קאָנט איר זיך צו דעם גרייטן, כּדי שפּעטער ניט צו באַדויערן. אין אַ יאָר אַרום וועט שוין זיין שפּעט.

ער האָט מיט מיר גערעדט, ווי אַ פאָטער אָדער אַ פעטער, און איך האָב געפילט, אַז ער האַלט זיך די גאַנצע צייט איין, כּדי צו זיין גלייך מיט מיר. מיר איז געווען אי באַליידיקנדיק, וואָס ער האַלט מיך נידעריקער פאַר זיך, אי אָנגענעם, וואָס צוליב מיר אַליין האַלט ער פאַר נייטיק צו כּטאַרען זיך זיין אַנדערש, ווי ער איז.

דעם איבעריקן אָוונט האָט ער גערעדט מיט קאַטיען וועגן געשעפט.

— נו, זייט געזונט, ליבע פריינד, — האָט ער געזאָגט, אויפ־שטייענדיק און צוגייענדיק צו מיר, און גענומען מיך פאַר דער האַנט.

— ווען־זשע וועלן מיר זיך ווידער זען? — האָט קאַטיע גע־פרעגט.

— אין פרילינג, — האָט ער געענטפערט, אַלץ האַלטנדיק מיין האַנט. — איצט וועל איך פאָרן קיין דאַנילאָווקע (אַ צווייטער דאָרף אונזערער); איך וועל מיך דאָרט דערוויסן, איינאָרדענען, וואָס מ'קאָן, כ'וועל צופאָרן קיין מאָסקווע, שוין צוליב מיינע אייגענע געשעפטן, און זומער וועלן מיר זיך זען.

— וואָס־זשע ליגט איר אַף אַזוי אויף לאַנג? — האָב איך געזאָגט שרעקלעך אומעטיק; און באמת, איך האָב שוין געהאָפט זען אים יעדן טאָג, און מיר איז פלוצלינג געוואָרן אַזוי אַ שאָדן און שרעקלעך, וואָס מיין אומעט וועט זיך צוריק אומקערן. מסתמא האָט זיך דאָס אויסגעדריקט ביי מיר אין בליק און טאָן.

— יאָ; אַרבעט וואָס מער, זייט ניט מרה־שחורהדיק, האָט ער געזאָגט, ווי מיר האָט אויסגעוויזן, מיט אַ ציפּיל קאַלט־פשוטן טאָן. — און אין פרילינג וועל איך אייך עקזאַמענירן, — האָט ער צוגעגעבן, אַרויסלאָזנדיק מיין האַנט און ניט קוקנדיק אויף מיר.

אין פאָדערהויז, וואו מיר זיינען געשטאַנען באַגלייטנדיק אים, האָט ער זיך אָנגעהויבן איילן, אָנטוענדיק דעם פעלץ, און האָט ווי־דער מיך אויסגעמיטן מיט זיין בליק. „אומזיסט באַמיט ער זיך!“ האָב איך אַ טראַכט געטאָן. — „צי דען מיינט ער, אַז מיר איז שוין אַזוי אָנגענעם, ער זאָל אויף מיר קוקן? ער איז אַ וואוילער מענטש, זייער אַ וואוילער... אָבער דאָס גאָר.

פונדעסטוועגן האָבן מיר, איך און קאַטיע, דעם דאָזיקן אָוונט לאַנג ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, און האָבן אַלץ גערעדט וועגן אים, ניט וועגן אים, נאָר וועגן דעם, ווי מיר וועלן פאַרברענגען דעם הייַנטיקן זומער, וואו און ווי וועלן מיר לעבן ווינטער. די שרעק־לעכע פראַגע: צו־וואָס? — איז שוין מער ניט געקומען אויפן זינען. מיר האָט אויסגעוויזן זייער פשוט און קלאָר, אַז לעבן דאַרף מען,

כדי צו זיין גליקלעך, און אין דער צוקונפט האָט זיך פאָרגעשטעלט אפילו גליק, גלייך ווי פלוצלונג וואָלט אונזער אַלט פינסטער פאָקראָווסקער הויז זיך אָנגעפילט מיט לעבן און מיט שיין.

## .II

דערווייל איז אָנגעקומען פרילינג. דער פריערדיקער אומעט מיינער איז אַריבערגעגאַנגען און אָנשטאָט אים איז געקומען אַ פרילינגדיקע טרוימערישע בענקשאַפט פון אומפאַרשטענדלעכע האָפענונגען און פאַרלאַנגען. הגם איך האָב געלעבט ניט אַזוי, ווי אין אָנהייב ווינטער, נאָר איך האָב מיך פאַרנומען אי מיט ליִען, אי מיט לייענען, פלעג איך אָפט אַוועקגיין אין סאָד און לאַנג-לאַנג וואַנדלען איינע אַליין איבער די אַלעעס, אָדער זיצן אויף אַ באַנק, גאָט ווייס וועגן וואָס טראַכטנדיק, וואָס פאַרלאַנגענדיק און אויף וואָס האָפנדיק. אַמאָל פלעג איך אַפילו גאַנצענע נעכט, דערהויפט לבנהדיקע, אָפזיצן ביז אינדערפרי ביים פענסטער פון מיין צימער; אַמאָל אין איין קאָפטנדל, בגנבה פון קאָטיען, אַרויסגיין אין סאָד און לויפן איבערן טוי ביז דעם סטאַוו, און איינמאָל בין איך אַרויס אַפילו אין פעלד און ביידערנאַכט איינע אַליין אַרומגעגאַנגען אַרום דעם גאַנצן סאָד.

איצט איז מיר שווער צו דערמאָנען זיך און פאַרשטיין יענע טרוימערייען, וועלכע האָבן דעמאָלסט אָנגעפילט מיין דמיון. אַפילו ווען איך דערמאָן זיך, גלויבט זיך מיר ניט, אַז דאָס זיינען באמת געווען מיינע טרוימערייען. אַזוי משונה זיינען זיי געווען און ווייט פונעם לעבן.

סוף מאַי האָט זיך סערגיי מיכאַילאָוויטש, ווי ער האָט צוגעזאָגט, אומגעקערט פון זיין נסיעה.

דאָס ערשטע מאָל איז ער געקומען צו פאָרן אינאָוונט, ווען מיר האָבן אויף אים גאָרניט געוואַרט. מיר זיינען געזעסן אויף דער טעראַסע און האָבן זיך געקליבן טרינקען טיי. דער סאָד איז שוין געווען אינגאַנצן אין גרינס. אין די פאַרוואַקסענע קלומבעס האָבן זיך שוין די סאָלאָווייעס באַזעצט אויף דער גאַנצער צייט

פונעם פעטער־תּענית. די געקרייזלטע, קוסטעס בעז זיינען שוין ערטערווייז גלייך ווי פון אויבן געווען באַשאָטן מיט עפּעס ווייסן און לילן. דאָס האָבן זיך די בלומען געגרייט פונאַנדערצולאָזן. דאָס גרינס פון דער בערעזענער אַלעע איז אינגאַנצן געווען דורכזיכטיק אויף דער פאַרגייענדיקער זון. אויף דער טעראַסע איז געווען אַ פרישער שאָטן. אַ שטאַרקער אָוונט־טוי האָט זיך געזאָלט לייגן אויף דעם גראָז. אויפן הויף הינטערן כאָד האָבן זיך געהערט די לעצטע קלאַנגען פון טאָג, דעם טומל פון דער טשערעדע, וואָס מען האָט געבראַכט צו טרייבן; דער נאַרעלע ניקאָן איז דורכגעפאָרן מיט אַ פעסל פאַרביי דער טעראַסע איבער וועג, און אַ קאַלטער שטראָם וואַסער פון דעם גיסער האָט קרייזנווייז געשוואַרצט די צעגראָבענע ערד אַרום די שטאַמען פון די געאָרגינעס און די אונטערלענערס. ביי אונז אויף דער טעראַסע, אויפן ווייסן טישטעך, האָט געגלאַנצט און געזאָדן אַ העל־אויסגעשייערטער סאַמאָוואַר, ס'איז געשטאַנען שמאַנט, בייגעלעך, געבעקס. קאַטיע האָט מיט די פּוכקע הענט ווירטשאַפטלעך איבערגעוואַשן די קריגעלעך. ניט דערוואַרטנדיק זיך אויפן טיי, אַן אויסגעהונגערטע נאָכן באָדן זיך, האָב איך געגעסן ברויט מיט געדיכטן פרישן שמאַנט. איך האָב געטראָגן אַ לייוונטענע בלוזע מיט אָפענע אַרבל, און דער קאָפּ איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טיכל אויף די נאַסע האָר. קאַטיע האָט די ערשטע נאָך דורכן פענסטער, אים דערזען.

— אַ, סערגיי מיכאַילִיטש! — האָט זי געזאָגט, — און מיר האָבן נאָר־וואָס גערעדט וועגן אייך.

איך בין אויפגעשטאַנען און געוואָלט אַוועקגיין איבערטאָן זיך, נאָר ער האָט מיך דערוויסט, בשעת איך בין שוין געווען אין טיר.

— אָ, וואָס איז דאָ צו צערעמאָניען זיך אין דאָרף, — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אויף מיין קאָפּ אין טיכל און שמייכלענדיק. — איר שעמט זיך דאָך ניט פאַר גריגאָרין, און איך בין פאַר אייך, באמת, די זעלביקע זאַך, וואָס גריגאָרי. — אָבער דווקא איצט האָט מיר אויסגעוויזן, אַז ער קוקט אויף מיר לגמרי ניט אַזוי, ווי גריגאָרי וואָלט געקענט קוקן, און עס איז מיר געוואָרן ניט באַקוועם.

— איך וועל באַלד קומען, — האָב איך געזאָגט, אַוועקגייענ-
דיק פון אים.

— מיט וואָס-זשע איז דאָס שלעכט? — האָט ער מיר נאָכגע-
שריען, — פּינקט ווי אַ יונג ווייבל, אַ פּויערשע.

,,ווי מאָדנע ער האָט אויף מיר אַ בליק געטאָן, — האָב איך
געטראַכט אין אײַלעניש איבערטוענדיק זיך אויבן..—נו, דאַנקען גאָט,
וואָס ער איז געקומען צו פאָרן, ס'וועט זיין פריילעכער!" און אַ
קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל, בין איך פריילעך אַראָפּגעלאָפן
פון די טרעפּ אַראָפּ, און ניט באַהאַלטנדיק, אַז איך האָב מיך גע-
אײַלט, סאָפּענדיק, בין איך אַרויס אויף דער טעראַסע. ער איז גע-
זעסן ביים טיש און האָט קאַטיען דערציילט וועגן אונזערע געשעפטן.
אַ קוק געטאָן אויף מיר, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און ווייטער
גערעדט. אונזערע געשעפטן זיינען לויט זיינע רייד געווען אין דעם
בעסטן צושטאַנד. איצט האָלטן מיר געדאַרפט דעם זומער פאַר-
ברענגען אין דאָרף און נאָכדעם פאָרן קיין פעטערבורג צוליב כאַ-
ניעס דערציִונג, אָדער קיין אויסלאַנד.

— אָט, ווען איר וואָלט מיט אונז צוזאַמען געפאָרן קיין
אויסלאַנד, — האָט קאַטיע געזאָגט, — אַניט וועלן מיר דאָרט
זיין איינער אַליין, ווי אין אַ וואַלד.

— אַך, איך וואָלט מיט אייך גערן געפאָרן אַרום דער גאַנ-
צער וועלט.

ער האָט געטאָן אַ שמייכל אין אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

— און די מאַמעשי? און די געשעפטן? — האָט ער גע-
זאָגט. — מילא, ניט אים דעם גייט עס. דערציילט מיר אָקאָרשט,
ווי האָט איר פאַרבראַכט די צייט? ווידער אַפּנים איבערגעגעבן זיך
דער מרה-שחורה?

ווען איך האָב אים דערציילט, אַז אָן אים האָב איך געאַר-
בעט און ניט געלאַנגווייליקט זיך, און קאַטיע האָט באַשטעטיקט
מיינע רייד, האָט ער מיך אי מיט ווערטער געלויבט, אי מיטן בליק
צוגעלאַשטשעט, ווי אַ קליין קינד, גלייך ווי ער האָט דערויף געהאַט
רעכט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז נייטיק געניי און דערהויפּט
אויפריכטיק מיטטיילן אים אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן גוטס און

מודה זיין זיך, ווי אויף ווידוי אין אַלץ, מיט וואָס ער האָט געקענט זיין אומצופרידן. דער אָוונט איז געווען אַזאַ גוטער, אַז דעם טיי האָט מען שוין אַפילו אַוועקגעטראָגן, און מיר זיינען נאָך פאַרבליבן אויף דער טעראַסע, און דער שמועס איז געווען אַזאַ אינטערעסאַנטער פאַר מיר, אַז איך האָב ניט באַמערקט, ווי ביסלעכווייז זיינען אַרום אונז שטיל געוואָרן די מענטשלעכע קלאַנגען. פון אַלע זייטן האָט שטאַרקער אָנגעהויבן צו שמעקן מיט בלומען, אַ שפּעדיקע ראָסע האָט באַגאָסן די גראָז. דער סאָלאָוויי האָט גענומען קנאַקן ניט ווייט אין אַ קוסט בעז און איז שטיל געוואָרן, דערהערנדיק אינזערע קולות; דער אויסגעשטערנטער הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער אינז.

אַז עס איז פינסטער געוואָרן, האָב איך באַמערקט בלויז דערפון, וואָס אַ פלעדערמויז איז פלוצלונג שטיל אַריינגעפלויגן אונטער דעם לייוונט פון דער טעראַסע און האָט גענומען פלאַטערן אַרום מיין ווייסן טיכל. איך האָב מיך צוגעדריקט צו דער וואַנט און געוואָלט שוין אָנהויבן שרייען, נאָר די מויז איז פונקט אַזוי שטיל אַרויסגעשוואומען פון אונטער דעם דאַך און פאַרשוואונדן אין דער האַלבפינסטערניש פונעם גאָרטן.

— איך האָב אַזוי ליב אייער פּאָקראָווסקאָיע, — האָט ער געזאָגט איבעררייסנדיק דעם שמועס, — איך וואָלט אַזוי דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעזעסן דאָ אויף דער וועראַנדע.

— מילא וואָס, טאָ זיצט, — האָט קאַטיע געזאָגט.

— יאָ, זיצט, — האָט ער איבערגערעדט, — דאָס לעבן זיצט ניט.

— פאַרוואָס האָט איר ניט חתונה? — האָט קאַטיע געזאָגט, — איר וואָלט געווען אַן אויסגעצייכנטער מאַן.

— דערפאַר, וואָס איך האָב ליב זיצן? — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט. — ניין, קאַטערינע קאַרלאָוונע, איך און איר וועלן שוין קיינמאָל ניט חתונה האָבן. אויף מיר האָבן שוין לאַנג אַלע אויפגעהערט צו קוקן, ווי אויף אַ מענטשן, וועלכן מען קאָן חתונה מאַכן. און איך אַליין אַוודאי. און זינט דעמאָלט איז מיר אַזוי גוט, באמת.

מיר האָט אויסגעוויזן, אַז ער רעדט עס עפּעס אומנאַטירלעך היציק.

—ווי געפעלט אײַך? זעקס־און־דרייסיק יאָר ערשט, און איז שוין אָפּגעלעבט, — האָט קאַטיע געזאָגט.

— און נאָך ווי אָפּגעלעבט, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — מער ווילט זיך ניט ווי זיצן. און כּדי חתונה צו האָבן דאַרף מען עפּעס אַנדערש. אָט פרעגט אָקאָרשט בײַ איר, — האָט ער צוגעגעבן, אָנווייזנדיק מיטן קאָפּ אויף מיר. — אָט אַזעלכע דאַרף מען חתונה מאַכן, און איך און איר וועלן פון זיי נחת קלייבן.

אין זײַן טאָן איז געווען באַהאַלטענער טרויער און אָנגעשטרענגטקייט, וועלכע איז פון מיר ניט געבליבן פאַרהוילן. ער האָט אַ רגע געשוויגן; ניט איך, ניט קאַטיע האָבן גאָרנישט געזאָגט.

— נו, שטעלט אײַך פאָר, — האָט ער ווייטער גערעדט, אויסדרייענדיק זיך אויפן שטול, — ווען איך וואָלט פּלוצלונג עפּעס אומגליקלעכערווייז חתונה געהאַט מיט אַ זיבעצניאָריקער מיידל, כּאָטש מיט מאַש... מיט מאַריע אַלעקסאַנדראָוונען. דאָס איז אַ פיינער בײַשפּיל, איך בין זייער צופרידן, וואָס עס קומט אַזוי אַרויס... און דאָס איז דער בעסטער בײַשפּיל.

איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט און בשום אופן ניט פאַרשטאַנען, פון וואָס אַזוינס איז ער צופרידן, און וואָס אַזוינס קומט אַרויס...

— נו, זאָגט דעם אמת, — די האַנט אויפן האַרצן, — האָט ער געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו מיר מיט שפּאַס, — צי דען וואָלט עס פאַר אײַך ניט געווען קיין אומגליק צו פאַראייניקן אײַער לעבן מיט אַ מענטשן אַן אַלטן, אַן אָפּגעלעבטן, וועלכער וויל בלויז זיצן, אין דער צייט, ווען גאָט ווייס, וואָס אין אײַך דאָרט יוירט, וואָס עס ווילט זיך.

מיר איז געוואָרן ניט באַקוועם, איך האָב געשוויגן, ניט וויסנדיק, וואָס צו ענטפערן.

— איך לייג אײַך דאָך ניט פאָר חתונה צו האָבן מיט מיר,— האָט ער געזאָגט לאַכנדיק. — נאָר דעם אמת זאָגט, איר טרוימט

דאָך ניט וועגן אַזאַ מאַן, בשעת איר שפּאַצירט אינאָוונט איינער אַליין איבער דער אַלעע; און דאָס וואָלט דאָך געווען אַן אומגליק?

— ניט קיין אומגליק... — האָב איך אָנגעהויבן.

— נו, אָבער ניט גוט, — האָט ער געענדיקט.

— יאָ, אָבער איך קאָן דאָך אַ טעות...

נאָר ער האָט מיר ווידער איבערגעשלאָגן.

— נו, אָט, זעט איר שוין, און די איז פולקום געדעכט, און איך בין איר דאַנקבאַר פאַר דער אויפריכטיקייט, און איך בין זייער צופרידן, וואָס מיר האָבן געהאַט דעם דאָזיקן שמועס. יאָ, נאָך מער, פאַר מיר וואָלט עס געווען דאָס גרעסטע אומגליק, — האָט ער צוגעגעבן.

— ס'איז אַ מאָדנער איר זייט, גאָרניט געענדערט זיך, — האָט קאַטיע געזאָגט, און איז אַרויס פון דער טעראַסע הייסן גרייטן צום אָוונטברויט.

מיר ביידע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן נאָך קאַטיעס אַוועקגיין, אויך אַרום אונז איז אַלץ געווען שטיל, נאָר דער סאָלאָוויי האָט שוין, ניט אויפן אָוונטיקן שטייגער, אָפּגעריסן און ניט אָנגעשלאָסן, נאָר אויפן נאַכטיקן שטייגער, ניט געאיילט, רויק, זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן סאָד, און אַ צווייטער האָט פון אונטן, פון טאָל, דאָס ערשטע מאָל הייַנטיקן אָוונט, זיך אָפּגערופן פונדערווייטן. דער נאָענטסטער איז אַנטשוויגן געוואָרן, גלייך ווי צוגעהערט זיך אויף אַ רגע, און האָט זיך נאָך שאַרפער און אָנגעשטרענגטער צעגאָסן מיט אַ צעשאָטענער קלינגענדיקער טרעל. און קיניגלעך רויק האָבן זיך געהערט די דאָזיקע שטימען אין זייערע פאַר אונז וואונדערלעכער וועלט. דער גערטנערער איז אַוועק שלאָפן אין דער אָראַנזשערייע. די טריט זיינע, אין די גראָבע שטיוול האָבן, אַלץ מער דערווייטערנדיק זיך, אָפּגעהילכט איבער דער סטעזשקע. עמעצר האָט אַמאָל צוויי שאַרף אַ פייף געטאָן אינטערן באַרג, און ווידער איז אַלץ שטיל געוואָרן. קיים צו הערן האָט זיך אַ ריר געטאָן אַ בלאַט, אַ שמייך געטאָן די לייוונט פון דער טעראַסע, און וואַקלענדיק זיך אין דער לופטן, האָט זיך צו דער טעראַסע דערטראָגן עפּעס שמעקעדיקס

אין צעגאָכן איבער איר. מיר איז געווען ניט באַקוועם צו שווייגן נאָך דעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן, אָבער וואָס זאָל איך זאָגן — האָב איך ניט געוואוסט. איך האָב אַ בליק געטאָן אויף אים, זיינע גלאַנציקע אייגן האָבן אין דער האַלבפינסטערניש זיך אומגעקוקט אויף מיר.

— אויסגעצייכנט צו לעבן אויף דער וועלט! — האָט ער אַרויסגערעדט.

איך האָב עפּעס אַ זיפץ געטאָן.

— וואָס?

— אויסגעצייכנט צו לעבן אויף דער וועלט, — האָב איך איבערגעחזרט.

און ווידער זיינען מיר אַנטשוויגן געוואָרן, און מיר איז ווידער געוואָרן ניט באַקוועם. איך האָב אַלץ געהאַט אין זינען, אַז איך האָב אים באַליידיקט, זייענדיק מסכים מיט אים, אַז ער איז אַלט, און איך האָב אים געוואָלט טרייסטן, און ניט געוואוסט, ווי טוט מען עס.

— נו, זייט געזונט, — האָט ער געזאָגט אויפשטייענדיק. — די מאַמעשי וואַרט אויף מיר מיט דעם אָוונברויט. איך האָב זי היינט כמעט ניט געזען.

— און איך האָב אַייך געוואָלט שפּילן אַ נייע סאָנאַטע, — האָב איך געזאָגט.

— אַן אַנדערש מאָל, — האָט ער געענטפערט, ווי מיר האָט אויסגעוויזן, קאַלט.

— זייט געזונט.

מיר האָט איצט נאָך מער אויסגעוויזן, אַז איך האָב אים פאַרשאַפט עגמת-נפש, און ס׳איז מיר געווען אַ רחמנות. איך און קאַטיע האָבן אים באַגלייט ביזן גאַניק און זיינען אַ ביסל געשטאַנען, קוקנדיק איפן וועג, אויף וועלכן ער איז פאַרשוואונדן. ווען עס איז שטיל געוואָרן דאָס טופּען פון זיין פערד, בין איך אַרום אַוועקגעגאַנגען אויף דער טעראַסע און ווידער גענומען קוקן אין גאָרטן, און אין דעם טויקן נעפּל, אין וועלכן עס זיינען גע-

שטאַנען נאַכטקלאַנגען, האָב איך נאָך לאַנג געזעסן און געהערט אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט זען און הערן.

ער איז געקומען צו פאָרן אַ צווייטן, אַ דריטן מאָל, און די אומבאַקוועמקייט, וועלכע האָט געשטאַמט פון דעם משונהדיקן שמועס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אונז, איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן און מער ניט באַוויזן זיך. אין משך פון דעם גאַנצן זומער פלעגט ער אַמאָל צוויי־דריי אַ וואָך קומען צו אונז; און איך בין צו אים אַזוי געוויינט געוואָרן, אַז ווען ער פלעגט אַ לענגערע צייט ניט קומען, האָט מיר אויסגעוויזן ניט גוט צו לעבן אַליין, און כ'בין אויף אים געווען ברוגז, און האָב געפונען, אַז ער באַגייט זיך שלעכט, פאַרלאָזנדיק מיך. ער איז זיך מיט מיר באַגאַנגען, ווי מיט אַ יונגן געליבטן חבר, האָט מיך אויסגעפרעגט, אַרויסגערופן אויף דער סאַמע אינטימער אָפנהאַרציקייט, געגעבן עצות, געמוטיקט, אַמאָל פאָרגעוואָרפן און אָפגעהאַלטן. נאָר ניט געקוקט אויף זיין גאַנצער מי צו זיין מיט מיר, ווי מיט אַ גלייכן, האָב איך געפילט, אַז הינטער דעם, וואָס איך האָב אין אים פאַרשטאַנען, איז נאָך געבליבן אַ גאַנצע פרעמדע וועלט, אין וועלכער ער האָט ניט געהאַלטן פאַר נייטיק מיך אַריינצולאָזן, און דאָס גופא האָט אין מיר שטאַרקער פאַר אַלץ אונטערגעהאַלטן די אַכטונג און געצויגן צו אים. איך האָב געוואוסט פון קאַטיען און פון די שכנים, אַז אַחוץ די דאגות פאַר דער אַלטער מוטער, מיט וועלכער ער האָט געלעבט צוזאַמען, חוץ זיין ווירטשאַפט און אונזער אַפוטרופסות, האָט ער נאָך געהאַט געשעפטן אין שייכות מיטן אַדלשטאַנד, פאַר וועלכע מען האָט אים פאַרשאַפט גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן; אָבער ווי האָט ער אויף דעם אַלעמען געקוקט, וואָס האָט ער געהאַט פאַר אַ איבערצייגונגען, פלענער, האָפענונגען — דאָס האָב איך ביי אים קיינמאָל זיך ניט געקענט דערוויסן. ווי נאָר איך האָב אַרויסגעפירט דעם שמועס אויף זיינע געשעפטן, האָט ער זיך פאַרקרימט אויף זיין באַזונדער שטייגער, גלייך ווי ער וואָלט זאָגן: „כ'בעט אייך, מ'דאַרף ניט, וואָס גייט עס אייך אָן?" און האָט איבערגעפירט דעם שמועס אויף עפעס אַנדערש. די ערשטע צייט האָט עס מיך באַליידיקט, אָבער נאָכדעם בין איך דערצו אַזוי געוויינט

געוואָרן, אַז מיר פלעגן אַלעמאָל ריידן נאָר וועגן זאַכן, וואָס זיינען נוגע מיר, און כ'האָב עס שוין געהאַלטן פאַר נאַטירלעך.

וואָס נאָך עס איז מיר לכתחילה ניט געפעלן געווען און נאָכדעם, פאַרקערט, געוואָרן אָנגענעם, דאָס איז געווען זיין פולקומע גלייכגילטיקייט און גלייך ווי פאַראַכטונג צו מיין איבערלעכקייט. ער האָט קיינמאָל, ניט מיט קיין בליק, ניט מיט קיין וואָרט ניט געגעבן קיין רמז דערויף, אַז איך בין אַ שיינע. נאָר, פאַרקערט, ער פלעגט זיך קרימען און לאַכן, ווען מען האָט מיך אין זיין אָנוועזנהייט אָנגערופן שיינינקע. ער האָט אַפילו ליב געהאַט צו געפינען אין מיר אויסערלעכע חסרונות, און רייצן מיך מיט זיי. די מאָדישע קליידער און פריזורן, אין וועלכע קאַטיע האָט ליב געהאַט מיך צו פוצן אין פייערלעכע טעג, האָבן ביי אים אַרויסגערופן מער ניט ווי שפּאָט, וועלכער האָט פאַרשאַפט עגמת־נפש דער גוטער קאַטיען, און מיך לכתחילה גריילעך געוואונדערט. קאַטיע, וועלבע האָט פאַר זיך אין געדאַנק באַשלאָסן, אַז איך געפעל אים, האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין, ווי האָט מען ניט ליב, אַז די פרוי, וועלכע געפעלט, זאָל זיך באַווייזן אין וואָס אַ בעסערער שיין. איך האָב אָבער באַלד פאַרשטאַנען, וואָס ער דאַרף. אים האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז אין מיר איז ניטאָ קיין קאָקעטריי. און ווען איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, איז אין מיר באמת ניט פאַרבליבן קיין שאָטן פון קאָקעטירן מיט קאָסטיומען, פריזורן, באַוועגונגען. אָבער דערפאַר איז געקומען אַ מיט ווייסע פאָדים פאַרסטריגעוועטע קאָקעטירן מיט פשטות, אין דער צייט, ווען איך האָב נאָך ניט געקענט זיין קיין פשוטע. איך האָב געוואוסט, אַז ער ליבט מיך — צי ווי אַ קינד, צי ווי אַ פרוי. איך האָב זיך נאָך וועגן דעם ניט געפרעגט; מיר איז טייער געווען די דאָזיקע ליבע, און פילנדיק, אַז ער האַלט מיך פאַר דער בעסטער מיידל אויף דער וועלט, האָב איך ניט געקענט ניט ווינטשן, אַז די דאָזיקע פאַרנאַרטקייט זאָל בלייבן אין אים. און איך האָב אים ניט ווילנדיק גענאַרט. אָבער נאַרנדיק אים, בין איך אַליין געוואָרן אַ בעסערע. איך האָב געפילט, ווי עס איז בעסער און ווערדיקער אַרויסצווייזן פאַר אים די בעסטע זייטן פון מיין נשמה, איידער פון מיין קערפּער. מיינע

האָר, הענט, געזיכט, רגילותן, וועלכע זיי זאָלן ניט זיין, גוטע צי שלעכטע, האָט מיר אויסגעוויזן, האָט ער תיכף אָפּגעשאַצט און געקענט, אַזוי אַז מער ווי דעם פאַרלאַנג צו נאַרן האָב איך גאָרניט געקענט צוגעבן צו מיין אויסערלעכקייט. מיין נשמה אָבער האָט ער ניט געקענט; ווייל ער האָט זי ליב געהאַט, ווייל זי איז אין דער זעלביקער צייט געוואַקסן און אַנטוויקלט זיך, און דאָ האָב איך אים געקענט נאַרן און האָב אים גענאַרט. און ווי לייכט מיר איז געוואָרן מיט אים, ווען איך האָב עס קלאָר פאַרשטאַנען! דאָס מטושטש ווערן סתם אַזוי, די גערדריקטקייט פון די באַוועגונגען זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן ביי מיר. איך האָב געפילט, אַז פון פאָרנט, צי פון דער זייט, זיצנדיק, צי שטייענדיק — ער זעט מיך, מיט די האָר אַרויף צי אַראָפּ — ער האָט מיך געקענט אינגאַנצן און איז, האָט מיר אויסגעוויזן, געווען מיט מיר צופרידן אַזאַ, ווי איך בין געווען. איך מיין, אַז ווען ער וואָלט מיר, קעגן זיין רגילות, ווי אַנדערע, פלוצלונג געזאָגט, אַז איך האָב אַ שיין פנים, וואָלט איך אַפילו קיין האָר ניט צופרידן געווען. דערפאַר אָבער ווי טרייסטיק און ליכטיק עס פלעגט מיר ווערן אויף דער נשמה, בעת ער פלעגט נאָך עפּעס מיינעם אַ וואָרט גוט אַיינקוקן זיך אין מיר און זאָגן מיט אַ גערירטער שטים, וועלכער ער האָט זיך געמיט צוצוגעבן אַ שפּאַסנדיקן טאָן:

— יאָ, יאָ, אין אַייך איז פּאַראַן. איר זייט אַ וואוילע מיידל, דאָס מוז איך אַייך זאָגן.

און פאַרוואָס נאָר האָב איך עס דעמאָלט באַקומען אַזוינע געשאַנקען, וועלכע האָבן מיין האַרץ אָנגעפילט מיט גאווה און מיט שמחה? דערפאַר, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז איך פיל מיט דער ליבע פון דעם אַלטן גריגאָרי צו זיין אייניקל, אָדער דערפאַר, וואָס איך בין ביז טרערן גערירט געווען פון אַ דורכגעלייענט ליד אָדער ראָמאַן, אָדער דערפאַר, וואָס מיר איז בעסער געפעלן געוואָרן מאָצאַרט, איידער שולהאָף. און וואונדערלעך איז מיר געווען צו טראַכטן, מיט וואָס פאַר אַן אומגעוויינטלעכן חוש האָב איך עס דעמאָלטס געטראָפן, וואָס איז גוט, און וואָס דאַרף מען ליבן; הגם איך האָב

נאָך דעמאָלסט בפירוש ניט געוואוסט, וואָס איז גוט און וואָס דאַרף מען ליבן. דער גרעסטער טייל פון מיינע פריערדיקע רגילותן און געשמאַקן זיינען אים ניט געפעלן געווען, און עס האָט געקלעקט, בלויז מיט אַ באַוועגונג פון דער ברעם, מיט אַ בליק באַווייזן, אַז אים געפעלט ניט דאָס, וואָס איך וויל זאָגן, מאַכן זיין באַזונדערע, נעבעכדיקע, קוים-קוים פאַראַכטלעכע מינע, ווי מיר האָט שוין אויסגעוויזן, אַז איך האָב ניט ליב דאָס, וואָס איך האָב פריער ליב געהאַט. כ׳פלעגט טרעפן, ער וויל מיר ערשט ראַטן עפּעס, און מיר דאַכט זיך שוין, אַז איך ווייס, וואָס ער וועט זאָגן. ער פרעגט ביי מיר, קוקנדיק מיר אין די אויגן, און זיין בליק ציט פון מיר אַרויס דעם געדאַנק, וואָס אים ווילט זיך. אַלע מיינע דעמאָלסטיקע געדאַנקען, אַלע דעמאָלסטיקע געפילן זיינען געווען ניט מיינע, און זיינע געדאַנקען און געפילן, וועלכע זיינען פלוצלונג געוואָרן מיינע, זיינען אַריבער אין מיין לעבן און האָבן עס באַלויכטן. גאַנץ אומבאַמערקט פאַר זיך, האָב איך אויף אַלץ גענומען קוקן מיט אַנדערע אויגן; אי אויף קאַטיען, אי אויף אונזערע מענטשן, אי אויף סאָניען, אי אויף זיך, אי אויף מיינע באַשעפטיקונגען. די ביכער, וועלכע איך פלעג מיר פריער לייענען, כדי צו פאַרקלענערן די לאַנגווייליקייט, זיינען פאַר מיר פלוצלונג געוואָרן איינער פון די גרעסטע פאַרגעניגנס אין לעבן. און אַלץ נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב מיט אים גערעדט וועגן די ביכער, געלייענט זיי מיט אים צוזאַמען, און ער האָט זיי מיר געבראַכט. די באַשעפטיקונגען מיט סאָניען, די לעקציעס מיט איר, זיינען פריער אויף מיר געווען אַ שווערער חוב, וועלכן איך האָב מיך געמיט צו דערפילן נאָר מחמת דעם באַוואוסטזיין פון דעם חוב; איז ער אַ ביסל געזעסן אויף דער לעקציע, איז אַכטונג געבן אויף סאָניעס פעולות פאַר מיר געוואָרן אַ פרייד. אויסלערנען אַ גאַנצע מוזיקאַלישע פיעסע האָט מיר פריער אויסגעוויזן אוממעגלעך, און איצט, ווייסנדיק, אַז ער וועט הערן און אפשר ליבן, פלעג איך צו פערציק מאָל איבערשפילן איין פראַזע, אַזוי אַז קאַטיע האָט נעבעך פאַרשטאָפּט די אויערן מיט וואַטע, און מיר איז אַלץ ניט געוואָרן לאַנגווייליק. די זעלביקע

אַלטע מאָנאַטעס האָבן זיך איצט עפּעס גאָר אַנדערש פּראַזירט, זיינען אַרייכגעקומען גאָר אַנדערש און פיל בעסער. אַפילו קאַטיע, וועלכע איך האָב געקענט און ליב געהאַט ווי זיך אַליין, — אַפילו זי האָט זיך געענדערט אין מיינע אויגן. ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זי איז לגמרי ניט מחויב געווען צו זיין אַ מוטער, אַ פריינד, אַ שקלאַפין, אַ וועלכע זי איז פאַר אונז געווען. איך האָב פאַרשטאַנען די גאַנצע זעלבסטאָפּפערונג, די איבערגעבנקייט פון דעם דאָזיקן ליבנדיקן נפש, פאַרשטאַנען אַלץ, פאַרוואָס איך האָב איר צו פאַרדאַנקען; און האָב זי אָנגעהויבן נאָך מער ליב צו האָבן. אויך ער האָט מיך אויסגעלערנט קוקן אויף אונזערע מענטשן, די פּויערים, די הויף=משרתים, די מיידלעך, אינגאַנצן אַנדערש, איידער פריער. ס'איז קאָמיש צו זאָגן, אָבער איך האָב ביז זיבעצן יאָר אָפּגעלעבט צווישן די דאָזיקע מענטשן פיל מער אַ פרעמדע פאַר זיי, איידער פאַר די מענטשן, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט געזען; איך האָב קיינמאָל ניט קיין טראַכט געטאָן, אַז די מענטשן האָבן אויך ליב, אַז זיי פאַרלאַנגען און באַדויערן, פּונקט ווי איך. אונזער סאָד, אונזערע וועלדלעך, אַ נזערע פעלדער, וועלכע איך האָב אַזוי לאַנג געקענט, זיינען פּלוצלונג פאַר מיר געוואָרן נייע און פּרעכטיקע. ניט אומזיסט האָט ער געזאָגט, אַז אין לעבן איז פאַראַן נאָר איין צווייפללאָז גליק — לעבן פאַר דעם צווייטן. מיר האָט דעמאָלסט אויסגעוויזן משונהדיק, איך האָב עס ניט פאַרשטאַנען, אָבער די דאָזיקע איבערצייגונג איז שוין, אויסמיידנדיק דעם געדאַנק, אַדורכגעגאַנגען אין מיין האַרצן. ער האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ גאַנץ לעבן פון פריידן אין דער קעגנוואַרט, ניט ענדערנדיק גאָרניט אין מיין לעבן, גאָרניט צוגעבנדיק, אויסער זיך, צו יעדן איינדרוק. די זעלביקע אַלע זאַכן זיינען פון קינדווייז אָן געווען שטומע אַרום מיר, און ווי נאָר ער איז געקומען, האָט עס אַלץ אָנגעהויבן ריידן און איינס איבער דעם אַנדערן בעטן זיך אין דער נשמה אַריין, אָנפילנדיק זי מיט גליק.

פאַר דעם זומער פלעג איך אָפט קומען אויבן אין מיין צימער, לייגן זיך אויפן בעט, און אָנשטאָט פריערדיקער פרילינגס=בענקשאַפט פון פאַרלאַנגען און האָפענונגען אויף דער צוקונפט,

פלעגט מיך אָנכאַפּן אַ גליק־אומרויִקייט אין דער קעגנוואַרט. איך האָב ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, פלעג מיך זעצן צו קאַטיען אויפן בעט און זאָגן איר, אַז איך בין פולקום גליקלעך, אַ זאַך, וואָס מען האָט איר, איך וויפיל איך דערמאָן מיך איצט, גאָרניט גע־דאַרפט זאָגן; זי האָט עס אַליין געקענט זען. נאָר זי פלעגט מיר זאָגן, אַז זי דאַרף אויך גאָרניט, און אַז זי איז אויך גליקלעך, און האָט מיך געקושט. איך האָב איר געגלויבט, מיר האָט אויסגע־וויזן אַזוי נויטווענדיק און גערעכטיק, אַז אַלע זאָלן זיין גליקלעך. אָבער קאַטיע האָט געקענט טראַכטן וועגן שלאָף אויך, און מאַכנ־דיק זיך כלומרשט אין כעס, פלעגט זי מיך אַפילו אַוועקטרייבן פון איר בעט און אַנטשלאָפן ווערן. און איך פלעג נאָך לאַנג אי־בערעכענען דאָס אַלץ, מיט וואָס איך בין אַזוי גליקלעך. אַמאָל פלעג איך אויפשטיין און גאָט בעטן אַ צווייטן מאָל, בעטן מיט מיינע אייגענע ווערטער, כדי צו דאַנקען גאָט פאַר גאָר דעם גליק, וואָס ער האָט מיר געגעבן.

און אין צימער פלעגט זיין שטיל, בלויז קאַטיע האָט געאָטעמט שלעפערדיק און שטיל, דער זייגער האָט געקלאַפּט טיק־טאַק לעבן איר און איך האָב מיך אומגעדרייט פון איין זייט אויפן צווייטן און געשעפטשעט ווערטער, אָדער געצלמט זיך און געקושט דעם צלם אויפן האַלז. די טיר איז געווען פאַרמאַכט; לעדלעך זיינען געווען אויף די פענסטער, עפּעס אַ פליג, אָדער אַ מוק האָט, וואַקלענדיק זיך, געזשווישעט אויף איין אָרט. און מיר האָט זיך געוואָלט קיינמאָל ניט אַרויסגיין פון דעם דאָזיקן צימער, עס האָט זיך ניט געוואָלט, אַז עס זאָל קומען דער פרימאָרגן, ניט געוואָלט, אַז עס זאָל זיך צעפליען די דאָזיקע גייסטיקע אַטמאָספער מיינע, וואָס רינגלט מיך אַרום. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיינע טרוימערייען, געדאַנקען און תפילות — זיינען לעבעדיקע נפשות, וועלכע לעבן דאָ טאַקע מיט מיר צוזאַמען אין דער פינסטערניש, פליען אַרום מיין געלעגער, שטייען איבער מיר. איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז ליבע, איך האָב געמיינט, אַז דאָס קען אַזוי אַלעמאָל זיין, אַז סתם אַזוי אומזיסט גיט זיך דער דאָזיקער געפיל.

## III.

איין טאָג, בשעת מען האָט אַראָפּגענומען די תּבואה פֿון די פֿעלדער, זיינען מיר — איך, קאַטיע און סאָניע, נאָך מיטאָג אַוועק אין סאַד אויף אונזער געליבטער באַנק אין שאָטן פֿון די ליפּעס אויפֿן ברעג פֿונם טאָל, הינטער וועלכן עס איז געווען אַן אָנזיכט אויף די וועלדער און די פֿעלדער. סערגעי מיכאַיליטש איז שוין דריי טעג ביי אונז ניט געווען און דעם טאָג האָבן מיר אויף אים געוואַרט, ובפֿרט, אַז אונזער עקאָנאָם האָט געזאָגט, אַז ער האָט צוגעזאָגט צו קומען אין פֿעלד. אַרום צוויי דעם זייגער האָבן מיר געזען, ווי ער איז רייטנדיק דורכגעפֿאָרן צום קאָרן־פֿעלד. קאַטיע האָט געהייסן ברענגען פֿערשקעס און ווײַנשל, וועלכע ער האָט זייער ליב געהאַט, האָט שמייכלענדיק אַ בליק געטאָן אויף מיר, צוגעלייגט זיך אויף דער באַנק און איז אַנטדרעמלט געוואָרן. איך האָב אָפּגעריסן אַ קרומע, פּלאַטשיקע צווייג פֿון אַ ליפּע מיט זאַפֿטיקע בלעטער און מיט זאַפֿטיקער קאָרע, וועלכע האָט מיר פֿאַרנעצט די הענט און, מאַכנדיק מיט איר איבער קאַטיען, האָב איך ווייטער געלייענט, כּסדר אָפּרייסנדיק זיך און קוקנדיק אויף דעם פֿעלד־וועג, איבער וועלכן ער האָט געדאַרפֿט קומען. סאָניע האָט לעבן דעם וואָרצל פֿון אַן אַלטער ליפּע געבויט אַן אַלטאַנקע פֿאַר די ליאַלקעס. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אָן אַ ווינט, ס'האָט געפּאַרעט, די וואָלקנס האָבן זיך צוזאַמענגעוואַקסן און זיינען שוואַרץ געוואָרן און נאָך פֿון דער פֿרי אָן האָט זיך געקליבן אַ געוויטער. איך בין געווען צערודערט, ווי אַלעמאָל פֿאַר אַ געוויטער. אָבער נאָך האַלבן טאָג האָבן זיך די וואָלקנס גענומען פֿונאַנדערגיין ביי די ברעגן, די זון איז אַרויסגעשוואומען אויפֿן ריינעם הימל, און נאָר אויף איין זייט האָט אַ ביסל געדונערט, און איבער דער געדיכטער כמאַרע, וועלכע איז געשטאַנען איבערן האָריזאָנט און האָט זיך צונויפֿגעגאָסן מיט דעם שטויב אויף די פֿעלדער, האָבן זיך פֿון צייט צו צייט דורכגעשניטן בלאַסע זיגזאַגן פֿון בליץ. ס'איז געווען קלאָר, אַז אויף היינטיקן טאָג וועט זיך אויסלייטערן, לפּחות ביי אונז. איבער דעם וועג, וועלכער האָט זיך ערטערווייז געזען הינטערן סאַד,

האָבן זיך דאָ לאַנגזאַם געצויגן הויכע סקריפּענדיקע וועגענער מיט גאַרבן, דאָ שנעל, זיי אַנטקעגן, געקלאַפּט פּוסטע וועגענער, געציטערט פּוס, אָנגעבלאָזן זיך העמדער. דער געדיכטער שטויב האָט זיך ניט אַוועקגעטראָגן און ניט אַראָפּגעלאָזן, נאָר געשטאַנען הינטערן פּאַרקאַן צווישן דעם דורכזיכטיקן בלעטער-גרינס פון די גאָרטן-ביימער. ווייטער אַ ביסל, אויפן שייער, האָבן זיך געהערט די זעלביקע קולות, דאָס זעלביקע סקריפּען פון רעדער, און די זעלביקע געלע גאַרבן, וועלכע האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט פאַרביי דעם פּאַרקאַן, זיינען דאָרט געפלויגן אינדערלופטן, און פאַר מיר אין די אויגן זיינען געוואַקסן לענגלעך-קיילעכיקע הייזער, זיך אויסגעטיילט מיט זייערע שפּיציקע דעכער, און געשטאַלטן פון פויערים האָבן זיך געפּאָרעט אויף זיי. פון פאָרנט אויפן שטויביקן וועג האָבן זיך אויך גערוקט וועגענער, און די זעלביקע געלע גאַרבן האָבן זיך געזען, און קלאַנגען פון וועגענער, פון שטימען און פון לידער האָבן זיך אויך דערטראָגן פון ווייטן. פון איין זייט איז אַלץ אָפענער און אָפענער געוואָרן דאָס אָפּגעשניטענע פעלד מיט פּאַסן ווילד-גראָז פון דער פאַרוואַקסענער מעזשע. אַ ביסל מער צו רעכטס צו, אונטן, איבער דעם ניט שיין צעפּלאָנטערטן אָפּגעקאָסעטן פעלד, האָבן זיך געזען די העלע קליידער פון די בינדנדיקע פויערטעס, וועלכע האָבן זיך געבויגן, געמאַכט מיט די הענט, און דאָס צעפּלאָנטערטע פעלד האָט זיך אָפּגערייניקט, און שיינע גאַרבן האָבן זיך אויסגעשטעלט איבער אים. גלייך ווי פּליצלונג, פאַר מיר אין די אויגן, איז פון זומער געוואָרן האַרבסט. דער שטויב און די היץ זיינען געווען אומעטום, חוץ אונזער געליבטן ערטל אין סאַד. פון אַלע זייטן האָט אין דעם שטויב און אין דער היץ אויף דער זודיקער זון גערעדט, געטומלט און באַוועגט זיך דאָס אַרבעטספאָלק.

און קאַטיע האָט אונטער אַ ווייסן באַטיסטענעם טיכעלע אַזוי זיס געשנאָרכט אויף אונזער לופטיקער באַנק, די ווינשל האָבן זיך אַזוי זאַפטיק-גלאַנציק געשוואַרצט אויפן טעלער, אונזערע קליידער זיינען געווען אַזוי פריש און ריין, דאָס וואַסער אין קריגעלע האָט אַזוי רעגנבויגנדיק-ליכטיק געשפּילט אויף דער זון, און מיר איז געווען אַזוי גוט. „וואָס-זשע זאָל איך טאָן? — האָב איך געטראַכט, —

וואָס־זשע בין איך שולדיק, אַז איך בין גליקלעך? נאָר ווי זאָל איך מיך טיילן מיטן גליק? ווי און וועמען זאָל איך אָפּגעבן זיך אינגאַנצן און דאָס גאַנצע גליק מיינס?...

די זון איז שוין פאַרגאַנגען הינטער די קעפּ פון דער בערעזענער אַלעע, דער שטויב האָט זיך אָפּגעזעצט אין פעלד, די ווייטקייט האָט זיך געזען קלערער אין ליכטיקער אין דער זייטיקער באַלייכטונג, די כמאַרעס זיינען זיך אינגאַנצן פונאַנדערגעגאַנגען. אויפן שייער הינטער די ביימער האָבן זיך געזען דריי נייע דעכער פון סטויגן און די פּויערים זיינען פון זיי אַראָפּ; די וועגענער מיט הויכע געשרייען זיינען דורכגעפלויגן אַפּנים דעם לעצטן מאָל. די באַבעס מיט האַפּליעס אויף די אַקסלען און מיט שטרויענע בינדערס אויף די גאַרטלען זיינען מיט הויכן געזאַנג פאַרבייגעגאַנגען אַהיים, און סערגיי מיכאַיליטש איז נאָך אַליין ניט געקומען צו פאָרן, הגם איך האָב שוין לאַנג געזען, ווי ער איז אַראָפּגעפאָרן אַראָפּ באַרג. פּלוצלונג האָט זיך אויף דער אַלעע, פון דער זייט, פון וועלכער איך האָב אים געוואַרט, באַוויזן זיין פיגור (ער איז געגאַנגען אַרום און אַרום דעם טאָל). מיט אַ פריילעכן שיינענדיקן פּנים, און אַראָפּגענומען דעם הוט, איז ער מיט גיכע טריט געגאַנגען צו מיר. דערזען, אַז קאַטיע שלאָפט, האָט ער פאַרביסן די ליפּ, פאַרמאַכט די אויגן און גענומען גיין אויף די שפּיץ פינגער; איך האָב גלייך באַמערקט, אַז ער געפינט זיך אין יענער באַזונדערער שטימונג פון פריילעכקייט אָן אַ סיבה, וועלכע איך האָב שרעקלעך ליב געהאַט אין אים, און וועלכע מיר האָבן גערופן ווילדע אַנטציקונג. ער איז געווען פּונקט ווי אַ שילער, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פונם לערנען; זיין גאַנצער וועזן, פון פּנים ביז די פיס, האָט געאָטעמט מיט באַפרידיקטקייט, גליק און קינדערישער שטיפערישקייט.

— נו, גוט מאָרגן, יונגע פּיאַלקע, וואָס מאַכט איר? גוט? — האָט ער געזאָגט שעפּטשענדיק, איז צוגעגאַנגען צו מיר און געדריקט מיר די האַנט. — און איך — אויסגעצייכנט, — האָט ער געענטפערט אויף מיין פראַגע, — מיר איז היינט דרייצן יאָר, ס'ווילט זיך שפּילן אין פערדלעך און קריכן אויף די ביימער.

— אין ווילדע אַנטציקונג? — האָב איך געזאָגט, קוקנדיק אויף

זיינע לאַכנדיקע אויגן און פילנדיק, אַז די דאָזיקע ווילדע אַנט־ציקונג גיט זיך מיר איבער.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט, — ווינקענדיק מיט איין אויג און אײַנהאַלטנדיק דעם שמייכל. — נאָר אָבער צו־וואָס דאַרף מען קאַטערינע קאַרלאָוונען שלאָגן איבער דער נאָז?

איך האָב, קוקנדיק אויף אים און ווייטער מאַכנדיק מיט דער צווייג, גאָרניט באַמערקט, ווי איך האָב אַראָפּגעריסן פון קאַטיען דאָס טיכל און געגלעט איר איבערן פּנים מיט די בלעטער. איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט.

— און זי וועט זאָגן, אַז זי האָט ניט געשלאָפן, — האָב איך אַרויסגערעדט שעפּטשענדיק, כלומרשט, כדי ניט אויפצווועקן קאַטיען; אָבער גאָרניט צוליב דעם, מיר איז פּשוט אָנגענעם געווען צו ריידן מיט אים שעפּטשענדיק.

ער האָט אָנגעהויבן באַוועגן מיט די ליפּן, איבערקרימענדיק מיר, כלומרשט איך האָב שוין גערעדט אַזוי שטיל, אַז מען האָט גאָר־ניִשט געקענט הערן. דערזען די טעלער מיט די ווײַנשל, האָט ער זי כלומרשט בגנבה צוגעכאַפּט, איז אַוועק צו מאָניען אונטער דער ליפּע און אַוועקגעזעצט זיך אויף אירע ליאַלקעס. מאָניע איז לכתּחילה אַריין אין כעס, אָבער ער איז באַלד מיט איר שלום געוואָרן, אָנ־הייבנדיק אַ שפּיל, אין וועלכער זיי האָבן געדאַרפט זען, ווער פון זיי וועט גיכער אייפעסן די ווײַנשל.

— איר ווילט, וועל איך הייסן ברענגען נאָך, — האָב איך גע־זאָגט, — אָדער לאָמיר אַליין גיין.

ער האָט גענומען די טעלער, אויף איר אַוועקגעזעצט די ליאַל־קעס, און מיר זיינען זאַלבעדריט אַוועק צום פּאַרקאַן אַרום דעם פרוכטגאָרטן. מאָניע איז לאַכנדיק נאָכגעלאָפן נאָך אונז, ציענדיק אים פאַרן מאַנטל, אַז ער זאָל איר אומקערן אירע ליאַלקעס. ער האָט אָפּגעגעבן און ערנסט זיך געווענדט צו מיר:

— נו, ווי־זשע זייט איר ניט קיין פיאַלקע, — האָט ער צו מיר געזאָגט אַליין נאָך שטילערהייט, הגם מען האָט שוין ניט גע־האַט וואָס מורא צו האָבן, טאָמער וועט מען עמעצן אויפוועקן: — ווי נאָר איך בין צוגעגאַנגען צו אים נאָך דעם דאָזיקן שטויב,

היץ, האָרעוואַניע — האָט תּיכּף אָנגעהויבן שמעקן מיט פּיאַלקע. און נים מיט שמעקעדיקער פּיאַלקע, נאָר, איר ווייסט, מיט יענער ערשטער, טונקעלער, וואָס שמעקט מיט צעגייענדיקן שניי און מיט פרילינגס־גראָז.

— נו, און ווי איז מיט דער ווירטשאַפט, ס׳גייט גוט? — האָב איך אים געפרעגט, כדי צו פאַרהוילן די פריידיקע צעמישטקייט, וועלכע עס האָבן אין מיר אַרויסגערופן זיינע ווערטער.

— אויסגעצייכנט! דאָס פאָלק איז אומעטום אַן אויסגעצייכנטס. וואָס מער מען דערקענט עס, אַלץ מער ליבט מען עס.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט, — היינט האָב איך פאַר אייער קומען פון כאָד געקוקט אויף די אַרבעטן, און ס׳איז מיר פּלוצלונג געוואָרן אַזוי פיינלעך, וואָס זיי האָרעווען, און מיר איז נוט, וואָס...

— קאָקעטירט ניט דערמיט, מיין פריינד, — האָט ער מיך פּלוצלונג איבערגעשלאָגן ערנסט, נאָר פריינדלעך אַ קוק געטאָן מיר אין די אויגן: דאָס איז אַ הייליקע זאַך, זאָל אייך גאָט היטן פון אויספּיינען זיך דערמיט.

— איך זאָג עס דאָך נאָר אַ י י ך.

— נו, יאָ, איך ווייס. איז ווי־זשע מיט די וויינשל?

דער פאַרקאַן איז געווען פאַרשלאָסן, און פון די גערטנערס איז קיינער ניט געווען (ער האָט זיי אַלעמען אַוועקגעשיקט אויף דער אַרבעט). כאַניע איז אַוועקגעלאָפן נאָכן שליסל, אָבער ער האָט אייך איר ניט געוואַרט, איז אַריינגעקראָכן אויפן ווינקל, אויפגעהויבן די נעץ און איז אַריבערגעשפּרונגען אויף דער אַנדער זייט.

— איר ווילט? — האָב איך פון דאָרט געהערט זיין שטים. — גיט די טעלער.

— ניין, איך וויל אַליין אייך רייכן, איך וועל גיין נאָכן שליסל,— האָב איך געזאָגט, — כאַניע וועט ניט געפינען.

אָבער אין דער זעלביקער צייט האָט זיך מיר פאַרוואָלט זען, וואָס טוט ער דאָרט, ווי קוקט ער, ווי באַוועגט ער זיך, מיינענדיק, אַז קיינער זעט אים ניט, און מיר האָט זיך פּשוט אין דער צייט אויף קיין רגע ניט געוואָלט פאַרלירן אים פון אויג. איך בין

אויף די שפּיץ פֿינגער אויף דער קראָפּעווע אַרומגעלאָפֿן אַרום דעם פּאַרקאַן פֿון דער צווייטער זייט, וואו עס איז געווען נידעריקער, און, געשטעלט זיך אויף אַ ליידיקער פֿאַס, אַזוי אַז די וואַנט איז מיר אויסגעקומען נידעריקער פֿאַר דער ברוסט, האָב איך מיך אַריבערגעבויגן איבערן פּאַרקאַן. איך האָב באַקוקט דעם שטח אינעווייניק הינטערן פּאַרקאַן מיט די אַלטע אויסגעבויגענע ביימער מיט די געציינדלטע ברייטע בלעטער, פֿון הינטער וועלכע עס זיינען שווער און גלייך געהאַנגען שוואַרצע זאַפֿטיקע יאַגעדעס, און, אַרונטערגערוקט דעם קאָפּ אונטער דער נעץ, האָב איך פֿון אונטער אַ קאָרעוואַטן פּוק פֿון אַן אַלטן ווײַנשל-בוים דערזען סערגעי מיכאַיליטשן. ער האָט מסתּמא געטראַכט, אַז איך בין אַוועק, אַז קיינער זעט אים ניט. אַראָפּגענומען דעם הוט, און פֿאַרמאַכט די אויגן, איז ער געזעסן אויף אַ צעצווייגונג פֿון אַן אַלטן ווײַנשל-בוים און האָט פֿלייסיק געקנאָטן אין אַ קייקעלע אַ שטיקל ווײַנשל-סמאָלע. פּלוצלינג האָט ער אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען, אָפּגעעפֿנט די אויגן, עפּעס אַרויסגערעדט און אַ שמייכעלע געטאָן. ס'איז אַזוי ניט ענלעך געווען צו אים ס'דאָזיקע וואָרט און דער דאָזיקער שמייכל, אַז מיר איז געוואָרן אַ חרפּה, וואָס איך קוק אים נאָך בגנבה. מיר האָט אויסגעוויזן, אַז ס'דאָזיקע וואָרט איז געווען: מאַשע! „דאָס קען ניט זיין!" — האָב איך געטראַכט. „ליבע מאַשע!" האָט ער איבערגעחזרט שוין שטילער און נאָך צאַרטער. אָבער איך האָב שוין דייטלעך געהערט די דאָזיקע צוויי ווערטער. דאָס האַרץ האָט ביי מיר אָנגעהויבן קלאַפּן אַזוי שטאַרק, און אַזאַ אויפֿרודערנדיקע, גלייך ווי אַ פֿאַרבאָטענע פֿרייד האָט מיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט, אַז איך האָב מיך אָנגענומען מיט די הענט אָן דער וואַנט, כּדי ניט אַראָפּצופֿאַלן און ניט אַרויסצוגעבן זיך. ער האָט דערהערט מיין באַוועגונג, האָט זיך דערשראָקן אַרומגעקוקט און איז, פּלוצלינג אַראָפּלאָזנדיק די אויגן, רויט געוואָרן, בלוט-רויט, ווי אַ קינד. ער האָט מיר נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר ער האָט ניט געקענט, און זיין פּנים האָט זיך אַלץ נאָך און נאָך אָנגעצונדן. פֿונדעסטוועגן האָט ער אַ שמייכל געטאָן, קוקנדיק אויף מיר. איך האָב אויך געשמייכלט. דאָס פּנים האָט ביי אים איינגאַנצן גענומען שיינען מיט

פרייד. דאָס איז שוין געווען ניט קיין אַלטער פעטער, וואָס לאַשטשעט און זאָגט מוסר, נאָר דאָס איז געווען אַ מענטש אַ גלייכער צו מיר, וועלכער האָט מיך געליבט און האָט מורא געהאַט פאַר מיר, און פאַר וועלכן איך האָב מורא געהאַט און אים געליבט. מיר האָבן גאָרניט גערעדט, און נאָר געקוקט איינע אויף די אַנדערע. נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך אָנגעברוגזט, דער שמייכל און דער גלאַנץ אין זיינע אויגן זיינען פאַרשוואונדן, און ער האָט קאַלט, ווידער פאָטערליך זיך געווענדט צו מיר, גלייך ווי מיר וואָלטן געטאָן עפּעס שלעכטס, און גלייך ווי ער וואָלט צו זיך געקומען און מיר געראָטן צו זיך צו קומען.

— פונדעסטוועגן, קריכט אַראָפּ, איר וועט זיך צעשלאָגן, — האָט ער געזאָגט, — און פאַרריכט די האָר, זעט, ווי איר זעט אויס.

„פאַרוואָס מאַכט ער זיך? פאַרוואָס וויל ער מיר פאַרשאַפן ווייטאָג?” האָב איך אַ טראַכט געטאָן מיט פאַרדראָס. און אין דער זעלביקער רגע איז מיר געקומען אַן אומבאַזיגבאַרער ווילן נאָכאַמאָל צעטומלען אים און אויספּרוּוון מיין כּוח איבער אים.

— ניין, איך וויל אַליין רייטן, — האָב איך געזאָגט, און אָנכאַפּנדיק זיך מיט די הענט פאַר אַ נאָענטער צווייג, בין איך אַרויפגעשפּרונגען אויף דער וואַנט. ער האָט ניט באַוויזן אונטערצוהאַלטן מיך, בין איך שוין אַראָפּגעשפּרונגען אין גאָרטן אַריין אויף דער ערד.

— ס'איז אַ נאַרישקייטן איר טוט! — האָט ער געזאָגט, ווידער רויטלענדיק זיך און אונטער געמאַכטן פאַרדראָס באַמיענדיק זיך צו באַהאַלטן זיין צעמישטקייט: — איר האָט זיך דאָך געקענט אָפּשלאָגן. און ווי וועט איר אַרויס פונדאַנען?

ער איז געווען נאָך מער מטושטש, איידער פריער. אָבער איצט האָט מיך שוין די דאָזיקע צעמישונג ניט געפרייט, נאָר געשראָקן. זי האָט זיך מיר איבערגעגעבן, איך בין רויט געוואָרן און, אויסמיידנדיק זיין בליק און ניט וויסנדיק, וואָס צו זאָגן, האָב איך גענומען רייסן יאַגדעס, וועלכע איך האָב ניט געהאַט וואו צו לייגן. איך האָב מיר פאַרגעוואָרפן, איך האָב מורא געהאַט, און מיר האָט אויסגעוויזן, אַז איך האָב זיך אויף אייביק געפּטרט אין זיינע אויגן

מיט דער דאָזיקער טאַט. מיר האָבן ביידע געשוויגן, און ביידן איז געווען שווער. סאָניע, וועלכע איז געקומען צו לויפֿן מיטן שליסל, האָט אונז אַרויסגעפֿירט פֿון דער דאָזיקער שווערער לאַגע. מיר האָבן לאַנג נאָך דעם גאָרניט גערעדט איינער צום אַנדערן און ביידע האָבן מיר זיך געווענדט צו סאָניען. ווען מיר האָבן זיך אומגעקוקט צו קאַטיען, וועלכע האָט אונז פֿאַרזיכערט, אַז זי האָט ניט געשלאָפֿן, נאָר אַלץ געהערט, האָב איך מיך באַרויִקט, און ער האָט זיך ווידער געסטאַרעט אַריינצופֿאַלן אין זיין פֿראָטעזשירנדיקן, פֿאָטערלעכן טאָן, אָבער דער דאָזיקער טאָן האָט זיך אים שוין ניט איינגעגעבן, און ער האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. איך האָב מיך איצט קלאָר דערמאָנט אָן דעם שמועס, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט עטלעכע טעג צוריק.

קאַטיע האָט גערעדט וועגן דעם, ווי דעם מאַנסביל איז לייכטער ליב צו האָבן און די ליבע אויסצודריקן, איידער דער פֿרוי.

— דער מאַנסביל קען זאָגן, אַז ער ליבט, און די פֿרוי — ניט,— האָט זי געזאָגט.

— און מיר דאַכט זיך, אַז דער מאַנסביל קאָן אויך ניט און דאַרף אויך ניט זאָגן, אַז ער ליבט, — האָט ער געזאָגט.

— פֿאַרוואָס?

— דערפֿאַר, וואָס דאָס וועט אַלעמאָל זיין אַ ליגן. וואָס איז עס פֿאַר אַן אַנטדעקונג, וואָס אַ מענטש ליבט? גלייך כּלומרשט, ווי נאָר ער זאָגט עס, וועט זיך עפּעס תּיכּף פֿאַרהאַקן, קלאַפּ — ער ליבט. גלייך כּלומרשט, ווי נאָר ער זאָגט אַרויס דאָס וואָרט, מוז עפּעס פֿאָרקומען עפּעס אומגעוויינלעכס, עפּעס מופֿתים אַזעלכע, פֿון אַלע האַרמאַטן פֿאַר אַמאָל וועט מען אויסשיסן. מיר דאַכט זיך, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — אַז די מענטשן, וועלכע ריידן אַרויס פֿייערלעך די ווערטער: „איך ליב אייך", איז אָדער זיי נאַרן זיך, אָדער, און דאָס איז נאָך ערגער, — זיי נאַרן אַנדערע.

— טאָ ווי־זשע וועט די פֿרויענצימער זיך דערוויסן, אַז מען ליבט זי, אויב מען וועט איר ניט זאָגן? — האָט קאַטיע געפֿרעגט.

— דאָס ווייס איך ניט, — האָט ער געענטפֿערט, — יעדער מענטש האָט זיינע ווערטער, און אויב עס איז פֿאַראַן אַ געפֿיל, וועט

ער זיך אויסדריקן. ווען איך לייען ראָמאַנען, שטעלט זיך מיר שטענדיק פֿאָר, ס'אַר אַ פֿאַרוואונדערטער פּנים עס דאַרף זיין בײַם פּאָרוטשניק סטרעלסקי, אָדער בײַ אַלפֿרעדן, בעת ער זאָגט: „איך ליב דיך, לעאָנאָרע!" און ער מיינט, אַז פּלוצלונג וועט פֿאָרקומען אומגעוויינלעכס; און עס קומט גאָרניט פֿאָר ניט בײַ אים, ניט בײַ איר, די זעלביקע אויגן און די נאָז, און אַלץ די זעלביקע.

איך האָב שוין דעמאָלסט אין דעם שפּאַס געפֿילט עפּעס ערנסטס, וואָס איז נוגע צו מיר, אָבער קאַטיע האָט ניט דערלויבט אַזוי לייכט באַגיין זיך מיט די העלדן פֿון ראָמאַנען.

— אייביקע פּאַראַדאָקסן, — האָט זי געזאָגט, — נו, זאָגט דעם אמת, צי דען האָט איר אַליין קיינמאָל ניט געזאָגט קיין פֿרויענצימער, אַז איר האָט זי ליב?

— קיינמאָל ניט געזאָגט און אויף איין קני קיינמאָל זיך ניט געשטעלט, — האָט ער געענטפֿערט לאַכנדיק, — און וועל קיינמאָל ניט.

— „יאָ, ער דאַרף מיר ניט זאָגן, אַז ער האָט מיך ליב", — האָב איך איצט געטראַכט, דערמאָנענדיק זיך לעבעדיק דעם דאָזיקן שמועס. — „ער ליבט מיך, איך ווייס דאָס. און דאָס גאַנצע מיען זיך זיינס צו באַווייזן זיך פֿאַר אַ גלייכגילטיקן, וועט מיך ניט איבערצייגן, אַז ס'איז אַנדערש".

דעם גאַנצן אָוונט האָט ער ווייניק גערעדט מיט מיר, נאָר אין יעדן וואָרט זיינעם צו קאַטיען, צו סאָניען, אין יעדער באַוועגונג און בליק זיינע האָב איך געזען די ליבע און אין איר ניט געצווייפֿלט. מיר איז נאָר געווען פֿאַרדראָסיק און אַ רחמנות אויף אים, וואָס ער האַלט נאָך פֿאַר נייטיק צו באַהאַלטן זיך און מאַכן זיך קאַלט, ווען דאָס איז שוין אַלץ אַזוי קלאָר, און ווען מען וואָלט אַזוי לייכט און פּשוט געקאָנט זיין אוממעגלעך גליקלעך. אָבער מיך האָט ווי אַ פֿאַרברעכן געפּייניקט דאָס, וואָס איך בין אַריבערגעשפּרונגען צו אים אַריבער דעם פֿאַרקאַן, מיר האָט אַלץ אויסגעוויזן, אַז ער וועט מיך אויפֿהערן צו אַכטן דערפֿאַר, און אַז ער איז ברוגז אויף מיר.

נאָך טיי בין איך צוגעגאַנגען צו דער פּאַרטעפּיאַנע, און ער איז אַוועק נאָך מיר.

— שפּילט עפּעס, איך האָב אײַך שוין לאַנג ניט געהערט, — האָט ער געזאָגט, אָניאָגנדיק מיך אין גאַסט־זאַל.

— איך האָב אַליין געוואָלט... סערגעי מיכאַילאיטש! — האָב איך געזאָגט, קוקנדיק אים פּלוצלונג אין די אויגן, — איר זייט אויף מיר ניט צאָרנדיק?

— פאַרוואָס? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס איך האָב אײַך נאָך מיטאָג ניט געפאָלגט, — האָב איך געזאָגט רויט־ווערנדיק.

ער האָט מיך פאַרשטאַנען, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געשמייכלט. זיין בליק האָט גערעדט, אַז מען וואָלט געדאַרפט אויסשטראָפן, נאָר ער פילט אין זיך ניט קיין כוח דערצו.

— ס'איז גאָרניט געשען, מיר זיינען ווייטער גוטע פריינד, — האָב איך געזאָגט, זעצנדיק זיך צו דער פּאַרטעפּיאַנע.

— געוויס! — האָט ער געזאָגט.

אין דעם גרויסן הויכן זאַל זיינען געווען נאָר צוויי ליכט אויף דער פּאַרטעפּיאַנע, דער איבעריקער שטח איז געווען האַלב־פינסטער, אין די אָפענע פענסטער האָט אַריינגעקוקט די ליכטיקע זו־מערדיקע נאַכט. ס'איז אַליץ געווען שטיל, נאָר קאַטיעס טריט האָבן מיט אַ הפסקהלע געסקריפּעט אין דעם פינסטערן גאַסטזאַל, און זיין פערד, וואָס איז געשטאַנען צוגעבונדן הינטערן פענסטער, האָט גע־נאָסן און געשלאָגן מיט אַ קאָפּיטע איבער די בלעטער פון די בו־דיקעס. ער איז געזעסן הינטער מיר, אַזוי אַז איך האָב אים ניט געזען; אָבער אומעטום — אין דער האַלבפינסטערניש פון דעם צימער, אין די קלאַנגען, אין מיר אַליין — האָב איך געפילט זיין אָנוועזנהייט. יעדער בליק, יעדע באַוועגונג זיינע, וועלכע איך האָב ניט געזען, האָבן זיך אָפּגערופן אין מיין האַרצן. איך האָב גע־שפּילט מאָצאַרטס סאָנעטע־פאַנטאַזיע, וועלכע ער האָט מיר גע־בראַכט, און וועלכע איך האָב לעבן אים און צוליב אים אויסגע־לערנט. איך האָב כלל ניט געטראַכט וועגן דעם, וואָס איך שפּיל,

נאָר, דאַכט זיך, געשפּילט גוט, און מיר האָט אויסגעוויזן, אַז אים געפעלט. איך האָב געפילט דעם תענוג, וואָס ער האָט געשפּירט, און, ניט קוקנדיק אויף אים, האָב איך געפילט דעם בליק, וועלכער איז געווען אויסגעשטעלט אויף מיר. גאַנץ ניטווילנדיק, ווייטער אומבאַוואוסטזיניק רירנדיק מיט די פינגער, האָב איך מיר אויף אים אומגעקוקט. זיין קאָפּ האָט זיך אויסגעטיילט אויף דעם העלנדיקן פאָן פון דער נאַכט. ער איז געזעסן אַליין, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, און האָט אויף מיר געקוקט שאַרף מיט גלאַנציקע אויגן. איך האָב אַ שמייכל געטאָן, דערזעענדיק דעם דאָזיקן בליק, און אויפגעהערט צו שפּילן. ער האָט אויך אַ שמייכל געטאָן און מיט פאָרוואורף אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף די נאָטן, איך זאָל ווייטער שפּילן. בעת איך האָב געענדיקט, איז די לבנה ליכטיקער געוואָרן, אויפגעהויבן זיך הויך, און אין צימער איז שוין, אויסער דער שוואַכער ליכטיקייט פון דער ליכט, דורכן פענסטער אַריין אַן אַנדערע, אַ זילבערנע ליכטיקייט, וועלכע איז געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. קאַטיע האָט געזאָגט, אַז ס'איז גאָרניט פיין, וואָס איך האָב מיך אָפּגעשטעלט אויף דעם שענסטן אָרט, און אַז איך האָב שלעכט געשפּילט; נאָר ער האָט געזאָגט, אַז פאַרקערט, איך האָב קיינמאָל אַזוי גוט ניט געשפּילט, ווי היינט, און האָט גענומען אַרומגיין איבער די צימערן — דורכן זאַל אין דעם פינצטערן גאַסט=צימער און ווידער אין זאַל אַריין, יעדעס מאָל אַרומקוקנדיק זיך אויף מיר און שמייכלענדיק. אויך איך האָב געשמייכלט, מיר האָט זיך אַפילו געוואָלט לאַכן אָן אַ שום סיבה. אַזוי בין איך געווען צופרידן פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָר=וואָס געשען. ווי נאָר ער פלעגט זיך באַהאַלטן הינטער דער טיר, האָב איך אַרומגענומען קאַטיען, מיט וועלכער איך בין געשטאַנען לעבן דער פאָרטעפּיאַנע, און האָב זי אָנגעהויבן קושן אין מיין געליבטן אָרט, אין דער ווייכער האַלז אונטער דער גאָמבע. ווי נאָר ער פלעגט זיך אומקערן, האָב איך געמאַכט פלומרשט אַן ערנסט פּנים און קוים איינגעהאַלטן זיך פון געלעכטער.

— וואָס טוט זיך מיט איר היינט? — האָט קאַטיע צו אים געזאָגט.

אָבער ער האָט ניט געענטפערט און האָט געלאַכט פון מיר: ער האָט געוואוסט, וואָס מיט מיר טוט זיך.

— זעט, ס'איז אַ נאַכט! — האָט ער געזאָגט פון גאַסטצימער, אָפּשטעלנדיק זיך פאַר דער אָפענער צום סאָד טיר פונעם באַלקאָן...

מיר זיינען צוגעגאַנגען צו איר, און, אמת, דאָס איז געווען אַזאַ נאַכט, וואָס אַזוינע האָב איך שוין שפּעטער מער ניט געזען. די פולע לבנה איז געשטאַנען איבערן הויז הינטער אונז, אַזוי אַז מען האָט זי ניט געזען, און אַ העלפט פון דעם שאָטן פונעם דאַך, פון די סלופּעס און פון דעם לייוונט פון דער ווערענדע איז באַלכסון en racowici געלעגן אויף דער זאַמדיקער סטעזשקע און אויף דעם קרייז פון דער בלומען־בייט. דאָס איבעריקע איז אַלץ געווען ליכטיק און באַגאָסן מיט זילבער פונעם טוי און פון דער לבנה־שיין. די ברייטע בלומען־סטעזשקע, אויף וועלכער עס האָבן זיך פון איין זייט געלייגט די שאָטנס פון די געאָרגינעס און פון די אָנלענען, איז, אינגאַנצן אַ ליכטיקע און אַ קאַלטע, גלאַנצנדיק מיט דעם ניט גלייכן איסבעט פון די צעברעקלטע שטיינדלעך, אַוועק אין נעפּל און אין דער ווייט. פון הינטער די ביימער האָט זיך געזען דער ליכטיקער דאַך פון דער אָראַנזשערעע, און פון הינטערן טאָל האָט זיך איפּגעהויבן דער וואַקסנדיקער נעפּל. די שוין אַ ביסל אָפּגעבלויזטע קוסטעס בעז זיינען אינגאַנצן ביז די צווייגן געווען ליכטיק. אַלע באַפייכטע מיט טוי בלומען, האָט מען זיי געקענט אונטערשיידן איינע פון די אַנדערע. אין די אַלעעס האָט זיך שאָטן און ליכטיקייט צוזאַמענגעגאָסן אַזוי, אַז די אַלעעס האָבן אויסגעוויזן ניט פון קיין ביימער און סטעזשקעס, נאָר דורכזיכטיקע, זיך וויגנדיקע און ציטערנדיקע הייזער. רעכטס אין שאָטן פון הויז איז אַלץ געווען שוואַרץ, אָן אונטערשייד און שרעקלעך. אָבער דערפאַר איז נאָך פריילעכער פון דעם דאָזיקן חושך אַרויסגעקומען דער פאַנטאַסטיש־צעשפּרייטער שפּיץ פון דעם טאָפּאָל־בוים, וועלכער האָט זיך עפּעס משונה אָפּגעשטעלט דאָ ניט ווייט פון הויז, אויבן אין דעם העלער שיין, און איז ניט אַוועקגעפלויגן ערגעץ, אַהין ווייט, אין דעם ווייט־אַוועקגייענדיקן בלייען הימל.

— לאָמיר גיין, — האָב איך געזאָגט.

קאַטיע האָט מסכים געווען, זי האָט נאָר געזאָגט, איך זאָל אָנטאָן קאַלאָשן.

— מען דאַרף ניט, קאַטיע, — האָב איך געזאָגט. — אָט וועט מיר סערגיי מיכאַילאָוויטש נעמען אונטערן האַנט.

גלייך ווי דאָס וואָלט געקאָנט מאַכן, אַז איך זאָל ניט פאַרגעסן די פּים. אָבער דעמאָלסט האָט עס אונז אַלעמען דרייען אויסגעוויזן פאַרשטענדלעך און בשום אופן ניט משונה. ער האָט מיך קיינמאָל ניט גענומען אונטערן האַנט, אָבער איצט האָב איך אים אַליין גענומען, און ער האָט ניט געפונען, אַז דאָס איז משונה. מיר זיינען זאַלבעדריט אַראָפּ פון דער טעראַסע. גאָר די דאָזיקע וועלט, דער הימל, דער גאָרטן, די לופט זיינען געווען ניט די, וועלכע איך האָב געקענט.

בעת איך האָב געקוקט פאָרויס איבער דער אַלעע, איבער וועלכער מיר זיינען געגאַנגען, האָט מיר אַליץ אויסגעוויזן, אַז אַהין ווייטער קאָן מען שוין ניט גיין, אַז דאָרט ענדיקט זיך די וועלט פון מעגלעכן, אַז דאָס אַליץ דאַרף אויף אייביק זיין פאַרשמידט אין זיין אייגענער שיינקייט. נאָר מיר זיינען געגאַנגען ווייטער, און די ציבערלעכע וואַנט פון שיינקייט האָט זיך פונאַנדערגערוקט, אַריינגעלאָזן אונז, און דאָרט, האָט זיך געדאַכט, איז אויך געווען אונזער באַקאַנטער גאָרטן, דיביימער, די סטעזשקעס, די טרוקענע בלעטער. און מיר זיינען ווירקלעך געגאַנגען איבער די סטעזשקעס, אָנגעטראָטן אויף די קריַזן פון ליכטיקייט און שאָטן, און די טרוקענע בלעטער האָבן ווירקלעך געשאָרכעט אונטער די פיס, און אַ פרישע צווייג האָט מיך געצעפּעט פאַרן פּנים. און דאָס איז ווירקלעך געווען ער, וועלכער האָט, גלייך און שטיל טרעטנדיק לעבן מיר, היטזאַם געטראָגן מיין האַנט, און דאָס איז ווירקלעך געווען קאַטיע, וועלכע איז, סקריפּענדיק, געגאַנגען לעבן מיר. און דאָס איז אַפּנים געווען די לבנה אין הימל, וועלכע האָט איבער אונז געלויכטן דורך די אומבאַוועגלעכע צווייגן...

נאָר מיט יעדן טריט הינטער אונז און פון פאָרנט האָט זיך געשלאָסן די ציבערנע וואַנט, און איך האָב אויפגעהערט צו גלויבן,

אַז מען קאָן נאָך גיין ווייטער, אויפגעהערט צו גלויבן אין אַלץ, וואָס עס איז געווען.

— אוי! אַ פראָש! — האָט קאַטיע אַ זאָג געטאָן.

„ווער און צוליב וואָס זאָגט עס?“ — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אָבער נאָכדעם האָב איך מיך דערמאָנט, אַז דאָס איז קאַטיע, אַז זי האָט מורא פאַר פרעש, און איך האָב אַ בליק געטאָן אונטער די פיס. אַ קליין זשאַבקעלע האָט אַ שפרונג געטאָן און איז געבליבן ווי אַ געשטאָרבענע אַנטקעגן מיר, און פון איר האָט זיך געזען אַ קליין שאָטנדל אויף דעם העלן ליים פון דער סטעזשקע.

— און איר האָט ניט קיין מורא? — האָט ער געזאָגט

איך האָב מיך אומגעקוקט אויף אים. איין ליפע האָט געפעלט אין דער אַלעע אינם אָרט, וואו מיר זיינען דורכגעגאַנגען, — איך האָב קלאָר געזען זיין פנים. ער איז געווען אַזוי שיין און גליקלעך...

ער האָט געזאָגט: „איר האָט ניט קיין מורא?“ און איך האָב געהערט, אַז ער האָט געזאָגט: איך ליב אייך, ליבע מיידל! „כ'ליב! כ'ליב!“ האָבן גערעדט זיינע אויגן, זיין האַנט; און די ליכטיקייט, און דער שאָטן, און די לופט און אַלץ האָט גערעדט דאָס זעלביקע.

מיר זיינען אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצן גאָרטן. ווי קאַטיע איז דאָס געגאַנגען לעבן אונז מיט אירע קליינינקע טריטעלעך און שווער געאָטעמט פון מידיקייט! זי האָט געזאָגט, אַז עס איז צייט אומצוקערן זיך, און אַז ס'איז מיר געוואָרן אַ רחמנות, אַ רחמנות אויף איר, נעבעך. „פאַרוואָס פילט זי ניט דאָס זעלביקע, וואָס מיר? — האָב איך געטראַכט. — פאַרוואָס זיינען ניט אַלע יונג, ניט אַלע גליקלעך, ווי די דאָזיקע נאַכט און ווי איך און ער?“

מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, אָבער ער איז נאָך לאַנג ניט אַוועקגעפאָרן, ניט געקוקט דערויף, וואָס די הענער האָבן שוין געקרייט, וואָס אַלע אין הויז האָבן שוין געשלאָפן, און זיין פערד האָט אַלץ אָפטער און אָפטער געשלאָגן מיט די קאָפּיטעס איבער די בלעטער פון די בודיקעס און האָט גענאָסן אונטערן פענסטער. קאַטיע האָט אונז ניט דערמאָנט, אַז עס איז שפעט, און מיר זיינען, שמועסנדיק וועגן סאַמע פוסטע זאַכן, אָפּגעזעסן, אַליין ניט וויסנ-

דיק עס, ביז דריי דעם זייגער אינדערפרי. די הענער האָבן שוין דאָס דריטע מאָל געקרייט אין עס האָט שוין אָנגעהויבן באַגינען, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן. ער האָט זיך געזעגנט ווי אַלעמאָל, גאָרנישט געזאָגט קיין באַזונדערס. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז פון היינטיקן טאָג אָן איז ער מיינער, און איך וועל אים שוין ניט פאַרלירן. ווי נאָר איך האָב זיך מודה געווען, אַז איך ליב אים, האָב איך אויך קאַטיען אַלץ דערציילט. זי איז געווען צופרידן און גערירט. דערפון, וואָס איך האָב איר דערציילט, נאָר זי נעבעך האָט געקענט אַנטשלאָפן ווערן אין דער דאָזיקער נאַכט, און איך בין לאַנג, נאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען איבער דער טעראַסע, אַראָפּ אין סאָד, און, דערמאָנענדיק זיך יעדעס וואָרט, יעדע באַוועגונג, דורכגעגאַנגען איבער די אַלעעס, איבער וועלכע איך בין מיט אים געגאַנגען. איך האָב די נאַכט די גאַנצע ניט געשלאָפן און האָב דאָס ערשטע מאָל אין לעבן געזען דעם אויפגאַנג פון דער זון אין דעם פריען פרימאָרגן. און ניט אַזאַ נאַכט, און ניט אַזאַ פרימאָרגן האָב איך שוין נאָכדעם קיינמאָל ניט געזען. „נאָר פאַרוואָס זאָגט ער מיר ניט פשוט, אַז ער ליבט מיך? — האָב איך געטראַכט. — פאַרוואָס טראַכט ער אים עפּעס אַזעלכע שוועריקייטן, רופט זיך אָן אַלטער, בשעת דאָס איז אַזוי פשוט און פיין. צו־וואָס פאַרלירט ער די גאָלדענע צייט, וועלכע וועט זיך שוין אפשר מער קיינמאָל ניט אומקערן? זאָל ער זאָגן: איך ליב, מיט ווערטער זאָל ער זאָגן: איך ליב, זאָל ער מיט דער האַנט נעמען מיין האַנט, צובויגן צו איר דעם קאָפּ און זאָגן: איך ליב. זאָל ער רויט ווערן און אַראָפּלאָזן די אויגן פאַר מיר, און דעמאָלסט וועל איך אים אַלץ זאָגן. און איך וועל ניט זאָגן, נאָר אַרומנעמען, צודריקן זיך צו אים און פונאַנדערוויינען זיך. נאָר ווי איז, אויב איך האָב אַ טעות, און אויב ער ליבט מיך ניט?..." איז מיר פלוצלינג געקומען אַ רעיון..

איך האָב מיך דערשראָקן פאַר מיין געפיל, גאָט ווייס, וואוהין ער האָט מיך געקאָנט פאַרפירן. מיר איז געקומען אויפן זינען זיין און מיין צעמישטקייט אין פרוכטגאָרטן, ווען איך בין אַריבערגעשפרונגען צו אים, און מיר איז געוואָרן שווער, שווער אויפן האַרצן. טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון די אויגן, און איך האָב גענומען תפילה

טאָן, און עס איז מיר געקומען אַ מאָדנער געדאַנק, וואָס האָט מיך באַרויִקט און געגעבן האָפענונג. איך האָב באַשלאָסן פאַסטן פון היינטיקן טאָג אָן און נעמען די הייליקע סעודה אין מיין געבורטס־טאָג, און אין דעם זעלביקן טאָג ווערן זיין כלה.

צו־וואָס? פאַרוואָס? ווי זאָל עס געשען? איך האָב גאָרנישט געוואוסט, נאָר פון דער רגע אָן האָב איך געגלויבט און געוואוסט, אַז דאָס וועט אַזוי זיין. ס'איז שוין גאָר ליכטיק געוואָרן, און דער עולם האָט שוין אָנגעהויבן אויפצושטיין, ווען איך האָב מיך אומגעקערט אין מיין צימער.

## .IV

עס איז געווען דער תענית פון דער מאַריעס עליה, און דעריבער האָט קיינעם אין שטוב ניט געוואונדערט מיין ווילן — צו פאַסטן אין דער צייט.

די גאַנצע וואָך איז ער קיין איין מאָל ניט געקומען צו פאָרן צו אונז, און איך האָב מיך ניט נאָר ניט געוואונדערט, ניט באַאומרויִקט און ניט געבראָגזט זיך אויף אים, נאָר, אַדרבא, כ'בין געווען צופרידן, וואָס ער קומט ניט און האָב אויף אים געוואַרט ערשט צו מיין געבורטסטאָג. אין משך פון דער וואָך פלעג איך אַלע טאָג אויפשטיין פרי. און ביז מען פלעגט מיר איינשפּאַנען דעם פערד, האָב איך איינע אַליין, שפּאַצירנדיק איבערן סאָד, איבערגערעכנט אין געדאַנק די עבירות פון דעם פאָריקן טאָג, און באַטראַכט, וואָס איך דאַרף טאָן היינט, כדי איך זאָל זיין צופרידן מיט מיין טאָג און קיין עבירה ניט טאָן. דעמאָלסט האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי לייכט צו זיין לגמרי אַ זינדלאָזע. ס'האָט זיך געדאַכט, מען דאַרף נאָר אַ ביסעלע סטאַרען זיך. זיינען אונטערגעפאָרן די פערד, איך מיט קאַטיען, אָדער מיט אַ מיידל האָבן זיך געזעצט אין וואָגן און מיר זיינען געפאָרן פאַר דריי ווייאָרסט ווייט אין דער צערקווע. אַריינגייענדיק אין דער צערקווע, האָב איך מיך יעדעס מאָל דערמאָנט, אַז מען בעט פאַר אַלעמען „וואָס קומען אַריין מיט מורא פאַר גאָט", און האָב מיך געסטאַרעט טאַקע מיט דעם געפיל אַריינצוגיין אויף די צוויי מיט גראָז פאַרוואַקסענע טרעפלעך פון דעם קלויסטער־גאַניק. אין צערקווע פלעגן

אין דער צייט זיין ניט מער ווי אַ צען מאַן פּאַסטנדיקע פּייערטעס און הויף־דינער. און איך האָב מיך מיט גרויס ענוות געמיט צו ענטפערן אויף זייערע גערוסן און פלעג אַליין, וואָס האָט מיר אויס־געוויזן פאַר אַ גבורה, גיין צום ליכט־קאַסטן נעמען ליכט ביי דעם אַלטן גבאַי דעם סאָלדאַט, און שטעלן זיי. דורך דער קיניגלעכער טיר האָט זיך געזען דער צודעק פונם אַלטאַר, וואָס די מאַמעשי האָט אויסגענייט, איבער דער בילדער־ראַם זיינען געשטאַנען צוויי הילצערנע מלאָכים מיט שטערן, וועלכע האָבן מיר אויסגעוויזן אַזעלכע גרויסע, בשעת איך בין געווען אַ קליינינקע, און אַ טויב מיט געלער שיין, וועלכע האָט מיך דעמאָלכט אינטערעסירט. פון הינטערן כאָר האָט זיך געזען דאָס צעבויגענע טבילה־געפעס, אין וועלכן איך האָב אַזויפיל מאָל געטויפט די קינדער פון אונזערע הויף־דינער און אין וועלכן מען האָט מיך אַליין געטויפט. דער אַלטער גלח איז אַרויס אין דעם כהונה־קלייד, וואָס איז געווען געמאַכט פון דער דעקע פון מיין פאָטערס טרונע און האָט אָפּגעריכט די גאָטסדינסט מיט דעם זעלביקן קול, מיט וועלכן עס זיינען אָפּגעריכט געוואָרן זינט איך געדענק די צערקווע־תפילות אין אונזער הויז, אי סאָניעס טויפונג, אי דעם פאָטערס הזכרה, אי דער מוטערס קבורה. דער זעלביקער דרוז־גערדיקער קול פון דעם דיאַטשאָק האָט זיך געהערט פונם כאָר, אויך די זעלביקע זקנה, וועלכע איך געדענק אַלעמאָל אין צערקווע ביי יעדער תפילה, איז אַן איינגעבויגענע געשטאַנען לעבן דער וואַנט און האָט מיט וויינענדיקע אייגן געקוקט אויפן הייליקן בילד אין כאָר און צוגעדריקט די צונויפגעלייגטע הענט צום אָפּגעבליאַקירטן טיכל און מיטן ציינלאָזן מויל עפּעס געשעפּטשעט. און דאָס אַלץ איז שוין ניט טשיקאַווע געווען, ניט בלויז לויט די ערינערונגען געווען מיר נאָענט, — דאָס אַלץ איז איצט געווען גרויס און הייליק אין מיינע אויגן, און האָט מיר אויסגעוויזן פול מיט טיפער באַדייטונג. איך האָב זיך איינגעהערט אין יעדן וואָרט פון דער תפילה, וואָס מען האָט געלייענט, האָב מיך באַמיט צו ענטפערן דערויף מיט געפיל, און אויב איך האָב ניט פאַרשטאַנען, האָב איך געבעטן גאָט, ער זאָל מיר ליכטיק מאַכן אין די אויגן, אָדער איך האָב צוגעטראַכט אָנשטאָט דער ניט־דערהערטער מיין אייגענער תפילה. בשעת מען האָט

געלייענט די תּפילות פון תּשובה, האָב איך מיך דערמאָנט מיין פאַרגאַנגענהייט, און די דאָזיקע קינדערשע אומשולדיקע פאַרגאַנגענהייט האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי שוואַרץ אין פאַרגלייך מיט דעם ליכטיקן צושטאַנד פון מיין נשמה, אַז איך האָב געוויינט און אַן אימה איז אויף מיר אָנגעפאַלן פאַר זיך זעלבסט; נאָר צוזאַמען דערמיט האָב איך געפילט, אַז דאָס וועט מיר פאַרגעבן ווערן, און אַז ווען אויף מיר וואָלטן געלעגן נאָך מער עבירות, וואָלט נאָך זיסער און זיסער פאַר מיר געווען די חרטה. ווען דער גלח האָט צום סוף פון דער תּפילה געזאָגט: „גאָטס ברכה אויף אײַך", האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב אין דעם אייגנבליק געשפּירט דעם פיזישן געפיל פון גאָטסבענטשונג, וועלכער האָט זיך מיר איבערגעגעבן. גלייך ווי עפּעס אַ ליכטיקייט און אַ וואַרעמקייט זיינען אַריין צו מיר אין האַרצן. די תּפילה האָט זיך געענדיקט. דער גלח איז צו מיר אַרויס און האָט מיך געפרעגט, צי דאַרף מען אפשר און ווען קומען צו אונז אָפּריכטן די נאַכט=תּפילה; נאָר איך האָב גערירט באַדאַנקט אים דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט, ווי איך האָב געמיינט, טאָן פאַר מיר, און איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל אַליין קומען צו גיין אָדער צו פאָרן.

— איר וועט זיך אַליין באַמיען? — האָט ער געזאָגט.

און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן, כּדי ניט צו זינדיקן מיט גאווה.

פון דער מעסע פלעג איך שטענדיק אָפּלאָזן די פערד, אויב איך בין געווען אָן קאַטיען, אומקערן זיך אַהיים צופוס, נידעריק מיט עניוות נייגנדיק זיך פאַר אַלעמען, ווער עס איז מיר געקומען אַנטקעגן, און באַמיענדיק זיך צו געפינען אַ צופאַל צו העלפן, אַן עצה געבן, מקריב זיין זיך פאַר עמעצן, צוהעלפן אויפצוהייבן אַ וואָגן, צוּוויגן אַ קינד, דורכלאָזן דעם וועג און איינשמוצן זיך. איינמאָל אינאָוונט האָב איך געהערט, ווי דער עקאָנאָם האָט אָפּגעבנדיק קאַטיען דעם ראַפּאָרט, געזאָגט, אַז סעמיאָן דער פויער איז געקומען בעטן ברעטער אויף אַ טרונע פאַר דער טאָכטער און אַ רובל מזומן אויף אַן הזכּרה, און ער האָט אים געגעבן. „צי דען זיינען זיי אַזוי אָרעם?" האָב איך געפרעגט. „זייער אָרעם, מיין האַרין, אָן זאַלץ זיצן זיי", האָט דער עקאָנאָם געענטפערט. עפּעס האָט מיר פאַר=

דריקט דאָס האַרץ און צוזאַמען דערמיט האָב איך מיך גלייך ווי דערפרייט, ווען איך האָב עס דערהערט. אָפּגעגאַרט קאַטיען, אַז איך וועל גיין שפּאַצירן, בין איך אַרויסגעלאָפן אויבן, גענומען דאָס גאַנצע געלט מיינס (סאיז געווען זייער ווייניק, נאָר אַלץ, וויפיל איך האָב געהאַט) און איבערגעצלמט זיך, בין איך אַוועק איינע אַליין דורך דער טעראַסע און דורך דעם סאָד אויפן דאָרף צו סעמיאָנס שטיבל. דאָס שטיבל איז געשטאַנען ביים ברעג דאָרף, און פון קיינעם ניט געזען, בין איך צוגעגאַנגען צום פענסטער, אַוועקגעלייגט אויפן פענסטער דאָס געלט און אַנגעקלאַפּט אין אים. עמעצער איז אַרויס פון שטיבל, אַ סקריפּע געטאָן מיט דער טיר און האָט מיך אַ רוף געטאָן. ציטערנדיק און אַ קאַלטע פון שרעק, בין איך ווי אַ פאַרברעכערין געקומען צו לויפן אַהיים. קאַטיע האָט מיך געפרעגט, וואו בין איך געווען? וואָס איז מיר? נאָר איך האָב אַפילו ניט פאַרשטאַנען, דאָס וואָס זי האָט צו מיר גערעדט און האָב איר ניט געענטפערט. אַלץ האָט מיר פּלוצלונג אויסגעוויזן אַזוי נישטיק און קליינלעך. איך האָב מיך פאַרשפּאַרט אין מיין צימער און בין לאַנג איינע אַליין אַרומגעגאַנגען אויף און אָפּ, ניט זייענדיק אין שטאַנד עפּעס צו טאָן, צו טראַכטן, ניט זייענדיק אים שטאַנד אָפּצוגעבן זיך אַ דין־וחשבון אין מיין געפיל. איך האָב געטראַכט וועגן דער שמחה פון דער גאַנצער משפחה, וועגן די ווערטער, מיט וועלכע זיי וועלן אָנרופן דעם, וואָס האָט אַוועקגעלייגט דאָס געלט, און עס איז מיר געוואָרן אַ שאָדן, וואָס איך האָב זיי אַליין ניט אַוועקגעגעבן. איך האָב געטראַכט אויך וועגן דעם, וואָס וואָלט געזאָגט סערגיי מיכאַילִיטש, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם טאַט, און האָב מיך געפרייט, וואָס קיינער וועט זיך קיינמאָל וועגן דעם ניט דערוויסן. און אַזאַ פרייד איז געווען אין מיר, און אַזוי שלעכט האָבן מיר אויסגעוויזן אַלע און איך אַליין, און אַזוי מילד האָב איך געקוקט אויף זיך און אויף אַלמען, אַז דער געדאַנק וועגן טויט איז מיר געקומען, ווי אַ טרוים וועגן גליק. איך האָב געשמייכלט און מתפּלל געווען, און געוויינט, און איך האָב אַלעמען אויף דער וועלט און זיך אַליין אַזוי הייס געליבט אין דער רגע. צווישן די גאָטסדינסטן האָב איך געלייענט די עוואַנגעליע און אַלץ פאַרשטענדלעכער און

פאַרשטענדלעכער איז מיר געוואָרן סדאָזיקע בוך, און רירנדער און איינפאַכער די געשיכטע פון דעם דאָזיקן געטלעכן לעבן און שרעקלעכער און ניט דורכדרינגלעכער יענע טיפעניש פון געפיל און געדאַנק, וועלכע איך האָב אין זיין לערע געפונען. אָבער דערפאַר ווי העל און פשוט מיר האָט אויסגעוויזן אַלץ, בעת איך פלעג, אויפשטייענדיק פון דעם בוך, ווידער אַיינקוקן זיך און אַריינטראַכטן זיך אין דעם לעבן, וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז דאָך אַזוי שווער צו לעבן ניט גוט, און אַזוי פשוט אַלעמען ליב צו האָבן און זיין געליבט. אַלע זיינען אַזוי גוט און מילד צו מיר, אַפילו סאָניע, וועלכער איך האָב ווייטער געגעבן די לעקציעס, איז געווען גאָר אַן אַנדערע, האָט זיך געמיט צו פאַרשטיין, צופרידן שטעלן און ניט דערצערענען מיך. אַ וועלכע איך בין געווען, אַזוינע זיינען אַלע געווען מיט מיר. אויסרעכענענדיק דעמאָלסט מיינע שונאים, ביי וועלכע איך האָב געדאַרפט בעטן מחילה פאַר דעם ווידוי, האָב איך מיך אויסער אונזער הויז דערמאָנט נאָר אָן איין באַרישניע, אַ שכנה, פון וועלכער איך האָב מיט אַ יאָר צוריק אָפּגעלאַכט אין דער אָנוועזנהייט פון געסט, און וועלכע האָט דערפאַר אויפגעהערט צו פאָרן צו אונז. איך האָב צו איר אָנגעשריבן אַ בריוו, אָנערקענענדיק מיין שולד און בעטנדיק ביי איר פאַרצייַונג. זי האָט מיר געענטפערט מיט אַ בריוו, אין וועלכן זי האָט אַליין געבעטן פאַרצייונג און האָט מיר מוחל געווען. איך האָב געוויינט פון פרייד, לייענענדיק די דאָזיקע פשוטע שורות, אין וועלכע איך האָב געזען אַזאַ טיפן און רירנדן געפיל. די ניאַניע האָט זיך פונאַנדערגעוויינט, בעת איך האָב ביי איר געבעטן פאַרצייונג. „פאַרוואָס זיינען זיי אַלע אַזוי גוט צו מיר? מיט וואָס האָב איך פאַרדינט אַזאַ ליבע?“ האָב איך זיך געפרעגט. און איך האָב מיך ניט ווילנדיק דערמאָנט אָן סערגיי מיכאַילאָוויטש און האָב לאַנג געטראַכט וועגן אים. איך האָב אַנדערש ניט געקענט מאַכן, און אַפילו ניט גערעכנט עס פאַר קיין עבירה. אָבער איך האָב איצט וועגן אים געטראַכט גאָרניט אַזוי, ווי אין יענער נאַכט, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל מיך דערוואוסט, אַז איך ליב אים. איך האָב געטראַכט וועגן אים, ווי וועגן זיך, באַהעפטנדיק אים ניט ווילנדיק צו יעדן געדאַנק וועגן מיין צוקונפט.

די דריקנדיקע ווירקונג, וועלכע איך האָב געשפּירט אין זיין אָנוועזנהייט, איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן אין מיין דמיון. איך האָב מיך איצט געפילט אַ גלייכן צו אים און אויף דער הייך פון דער שטימונג, אין וועלכער איך האָב מיך געפונען, האָב איך אים פולקום פאַרשטאַנען. מיר איז איצט אין אים קלאָר געווען דאָס, וואָס פריער האָט מיר אויסגעוויזן משונה. ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער האָט געזאָגט, אַז דאָס גליק באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס מען לעבט פאַר דעם צווייטן, און איך בין איצט אינגאַנצן מסכים געווען מיט אים. מיר האָט אויסגעוויזן, אַז מיר זאַלבענאַנד וועלן אָן אַ שיעור און רויִק גליקלעך זיין. און מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט ניט נסיעות קיין אויסלאַנד, ניט די געזעלשאַפט, ניט קיין גלאַנץ, נאָר עפּעס גאָר אַן אַנדער מין משפחה=לעבן אין דאָרף, מיט אייביקער זעלבסטאָפּפערונג, מיט אייביקער ליבשאַפט איינער צום אַנדערן, מיט דעם אייביקן דערקענען אין אַלץ די מילדע און העלפנדיקע געטלעכע השגחה.

איך האָב גענומען די הייליקע סעודה, ווי איך האָב אויסגערעכנט, אין דעם טאָג פון מיין געבורט. אין האַרצן איז בײַ מיר געווען אַזאַ פולקום גליק, בעת איך האָב מיך אין דעם טאָג צוריקגעקערט פון צערקווע אַהיים, אַז איך האָב מורא געהאַט פאַרן לעבן, מורא געהאַט פאַר יעדן אײַנדרוק, פאַר אַלץ, וואָס וואָלט געקענט צעשטערן סודאָזיקע גליק. אָבער ווי נאָר מיר זיינען אַרויס פון וואָגן אויפן גאַניק, האָט זיך תיכף פון בריק דערהערט דער געדודער פון דעם באַקאַנטן קאַבריאָלעט, און איך האָב דערזען סערגיי מיכאַילאָוויטשן. ער האָט מיר צוגעוואונטשן, און מיר זיינען צוזאַמען אַריין אין גאַסטזאַל. איך בין קיינמאָל, זינט איך האָב אים געקענט, ניט געווען אַזוי רויִק און זעלבשטענדיק מיט אים, ווי אין דעם פרימאָרגן. איך האָב געפילט, אַז אין מיר איז געווען אַ גאַנצע נייע וועלט, וועלכע ער האָט ניט פאַרשטאַנען, און וועלכע איז געווען העכער פאַר אים. איך האָב קיין שום שטערונג ניט געפילט מיט אים. ער האָט מסתמא פאַרשטאַנען, פונוואַנען דאָס שטאַמט, און איז געווען באַזונדער צאַרט=מילד און פרום=דרך=ארצדיק מיט מיר. איך

בין געווען צוגעגאַנגען צו דער פּאָרטעפּיאַנע, נאָר ער האָט זי פאַר־שלאָסן און דעם שליסל באַהאַלטן אין קעשענע.

— פירט ניט איבער אייער שטימונג, — האָט ער געזאָגט, — ביי אייך איז אין דער נשמה איצט אַזאַ מוזיק, וועלכע איז בעסער פאַר אַלע אין דער וועלט.

איך בין אים געווען דאַנקבאַר דערפאַר און צוזאַמען דערמיט איז מיר געווען אַ ביסל אומאָנגענעם, וואָס ער האָט אַזוי לייכט און קלאָר פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס האָט געזאָלט בסוד פאַר אַלעמען פאַרקומען אין מיין נשמה. צו מיטאָג האָט ער געזאָגט, אַז ער איז געקומען ווינטשן מיר און צוזאַמען דערמיט זעגענען זיך, ווייל מאָרגן פאָרט ער קיין מאָסקווע. זאָגנדיק עס, האָט ער געקוקט אויף קאַטיען, אָבער נאָכדעם האָט ער פאַרבייגייענדיק אַ בליק געטאָן אויף מיר, און איך האָב געזען, ווי ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט באַמערקן אַ צערודערונג אויף מיין געזיכט. אָבער איך האָב מיך ניט געוואונדערט, בין ניט אומרויק געוואָרן, אַפילו ניט געפרעגט, צי אויף לאַנג. איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט עס זאָגן, און האָב געוואוסט, אַז ער וועט ניט פאָרן. ווי אַזוי האָב איך עס געוואוסט? איצט קען איך עס זיך בשום אופן ניט דערקלערן, נאָר אין יענעם געדענקלעכן טאָג האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב געוואוסט אַלץ, וואָס עס איז גע־ווען און וואָס עס וועט זיין. איך בין געווען ווי אין אַ גליקלעכן חלום, בעת אַלץ, וואָס עס זאָל ניט געשען, דאַכט זיך, אַז עס איז שוין געווען, און איך האָב עס אַלץ געוואוסט שוין פון לאַנג אָן, און דאָס אַלץ וועט נאָך זיין, און איך ווייס, אַז עס וועט זיין.

ער האָט געוואָלט אָפּפאָרן תיכף נאָך מיטאָג, נאָר קאַטיע, וועלכע איז מיד געווען פון דער מעסע, איז אַוועק צולייגן זיך, און ער האָט געמוזט צווואַרטן, ביז זי וועט אויפשטיין, כדי צו זעגענען זיך מיט איר. אין זאַל איז געווען די זון, און מיר זיינען אַרויס אויף דער וועראַנדע. ווי נאָר מיר האָבן זיך געזעצט, האָב איך גלייך אָנגעהויבן ריידן דאָס, וואָס עס האָט געזאָלט באַשטימען דעם גורל פון מיין ליבע. און איך האָב אָנגעהויבן ריידן ניט פריער ניט שפּע־טער, נאָר פונקט אין דער רגע, ווען מיר האָבן זיך געזעצט.

ס'איז נאָך גאָרניט געזאָגט געוואָרן, ס'איז נאָך ניט געווען קיין טאָן און קיין כאַראַקטער פון אַ שמועס, וואָס זאָל קענען שטערן דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. איך פאַרשטיי אַליין ניט, פונוואַנען האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ רויִקייט, אַנטשלאָסנקייט און פּינקטלעכקייט אין אויסדרוק. גלייך ווי ניט איך, נאָר עפּעס אַזוינס אומאָפּהענגיקס פון מיין ווילן האָט אין מיר גערעדט. ער איז געזעסן אַנטקעגן מיר, אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אויף די פּאָרענטשעס, און צוגעצויגן צו זיך אַ צווייגל בעז, האָט ער אַרומגעריסן די בלעטלעך. בעת איך האָב אָנגעהויבן ריידן, האָט ער אָפּגעלאָזן דאָס צווייגל און מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט זיך אויף דער האַנט. דאָס האָט געקענט זיין אַ לאַגע פון אַ מענטשן, וואָס איז אינגאַנצן רויִק, אָדער וואָס איז זייער צעדרודערט.

— צו=וואָס פאָרט איר? — האָב איך געפרעגט באַדייטיק, מיט הפסקות און גלייך קוקנדיק אים אין פּנים.

ער האָט ניט גלייך געענטפערט.

— עסקים! — האָט ער אַרויסגעזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

איך האָב פאַרשטאַנען, ווי שווער אים איז געווען צו ליי̆גן פאַר מיר און אויף דער פראַגע, וועלכע איז געשטעלט געוואָרן אַזוי אויפריכטיק.

— הערט, האָב איך געזאָגט, — איר ווייסט, וואָס פאַר אַ טאָג עס איז היינט פאַר מיר. צוליב פיל טעמים איז דער טאָג זייער אַ וויכטיקער. אויב איך פרעג אייך, איז עס ניט כדי אַרויסצווייזן מיין אָנטייל (איר ווייסט, אַז איך בין געוויינט צו אייך און איך ליב אייך), איך פרעג דערפאַר, ווייל איך דאַרף וויסן. צו=וואָס פאָרט איר?

— ס'איז מיר זייער שווער צו זאָגן אייך דעם אמת, צוליב וואָס פאָר איך, — האָט ער געזאָגט. — פאַר דער וואָך האָב איך פיל געטראַכט וועגן אייך און וועגן זיך און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך דאַרף פאָרן. איר פאַרשטייט צוליב וואָס? און אויב איר האָט מיך ליב, וועט איר מער ניט פרעגן. — ער האָט אַריבגעטאָן דעם שטערן מיט דער האַנט און פאַרשטעלט מיט איר די אויג.—דאָס איז מיר שווער... און פאַר אייך פאַרשטענדלעך.

דאָס האַרץ האָט ביי מיר אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן.

— איך קאָן ניט פאַרשטיין, — האָב איך געזאָגט, — איך קאָן ניט, און איר זאָגט מיר, אומגאָטס ווילן, צוליב דעם הײַנטיקן טאָג זאָגט מיר, איך קאָן אַליין רויִק אויסהערן, — האָב איך געזאָגט.

ער האָט געענדערט די לאַגע, אַ בליק געטאָן אויף מיר און ווידער צוגעצויגן דאָס צווייגל.

— איבעריקנס, — האָט ער געזאָגט, נאָך אַ קורצן שווײַגן און מיט אַ שטים, וועלכע האָט אומזיסט געוואָלט אויסווײַזן רויִק, — הגם עס איז נאַריש און אוממעגלעך צו דערציילן מיט ווערטער, הגם מיר איז שווער, וועל איך מיך באַמיען אײַך דאָס צו דערקלערן, — האָט ער צוגעגעבן, קרימענדיק זיך גלײַך ווי פון פיזישן ווייטאָג.

— נו, — האָב איך געזאָגט.

— שטעלט אײַך פאָר, אַז עס איז געווען אײנער אַ הער, A, למשל, — האָט ער געזאָגט, — אַן אַלטער און אַ אָפּגעלעבטער, און אײנע אַן פרוי B, אַ יונגע, אַ גליקלעכע, וועלכע האָט נאָך ניט געזען ניט קיין מענטשן, ניט קיין לעבן. צוליב פאַרשיידענע משפּחה־אָנגעלעגנהייטן האָט ער זי ליב געקראָגן ווי אַ טאָכטער, און האָט ניט מורא געהאַט ליב צו קריגן אַנדערש.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, נאָר איך האָב אים ניט איבערגעשלאָגן.

— נאָר ער האָט פאַרגעסן, אַז B איז אַזוי יונג, אַז דאָס לעבן איז נאָך פאַר איר אַ שפּיל. — האָט ער פאָרגעזעצט פלוצלונג שנעל און אַנטשלאָסן און ניט קוקנדיק אויף מיר, — און אַז עס איז לײַכט ליב צו קריגן זי אַנדערש, און אַז איר וועט עס זײַן פריילעך. און ער האָט אַ טעות געהאַט, און פלוצלונג דערפילט, אַז דער אַנדער געפיל, אַ שווערער ווי חרטה, פאַרקלײַבט זיך אין זײַן נשמה אַרײַן, און ער האָט זיך דערשראָקן. דערשראָקן זיך, וואָס עס וועלן צעשטערט ווערן זייערע פריערדיקע חבֿרישע באַציִונגען, און ער האָט זיך באַשלאָסן אַוועקצופאָרן פריער, איידער עס וועלן צעשטערט ווערן די דאָזיקע באַציִונגען. — ריידנדיק אַזוי, האָט ער ווידער פלומרשט נאַכלעסיק גענומען רײַבן די אויגן מיט דער האַנט און האָט זיי פאַרמאַכט.

— פֿאַרוואָס־זשע האָט ער מורא געהאַט ליב צו האָבן אַנ־דערש? — האָב איך אַרויסגערעדט קוים וואָס מען האָט געקאָנט הערן, אײַנהאַלטנדיק מײַן אױפֿרעגונג, און די שטים איז בײַ מיר גע־ווען אַ גלײַכע; אָבער אים האָט זי אָפֿנים אויסגעוויזן אַ שפּאַסנ־דיקע. ער האָט געענטפֿערט גלײַך ווי מיט אַ באַליידיקטן טאָן.

— איר זײַט יונג, — האָט ער געזאָגט, — איך בין ניט יונג. אײַך ווילט זיך שפּילן, און איך דאַרף עפּעס אַנדערש. שפּילט, נאָר ניט מיט מיר, אַניט וועל איך נאָך אָנהייבן גלייבן, און מיר וועט ניט גוט זײַן, און אײַך וועט דער געוויסן פּײַניקן. דאָס האָט A געזאָגט, — האָט ער צוגעגעבן. — מילא, דאָס איז אַלץ נאַריש־קייט, נאָר איר פֿאַרשטייט, צוליב וואָס איך פֿאָר. און לאָמיר מער וועגן דעם ניט ריידן. איך בעט אײַך!

— ניין, ניין! לאָמיר יאָ ריידן! — האָב איך געזאָגט, און טרערן האָבן אָנגעהויבן ציטערן בײַ מיר אין קול. — ער האָט זי ליב געהאַט, צי ניט?

ער האָט ניט געענטפֿערט.

— און אויב ער האָט ניט ליב געהאַט, טאָ פֿאַרוואָס האָט ער מיט איר געשפּילט, ווי מיט אַ קליין קינד? — האָב איך געזאָגט.

— יאָ, יאָ, A איז געווען שולדיק, — האָט ער געענטפֿערט, שנעל איבעררײַסנדיק מיך. — אָבער אַלץ האָט זיך געענדיקט, און זיי האָבן זיך געשיידט... אַלס גוטע פֿרײַנד.

— אָבער דאָס איז שרעקלעך! צי דען איז קיין אַנדער סוף ניטאָ, — האָב איך קוים אַרויסגערעדט און דערשראָקן זיך פֿאַר דעם, וואָס איך האָב געזאָגט.

— יאָ, ס'איז פֿאַראַן, — האָט ער געזאָגט, אַנטפּלעקנדיק דאָס צערודערטע געזיכט און קוקנדיק גלײַך אויף מיר. — עס זײַנען פֿאַראַן צוויי פֿאַרשיידענע ענדעס. נאָר אומגאָטס ווילן, שלאָגט מיר ניט איבער און פֿאַרשטייט מיך רויִק. איינע זאָגן, — האָט ער אָנגע־הויבן, אויפֿהייבנדיק זיך און שמייכלענדיק מיט אַ קרענקלעכן שווערן שמייכל, — איינע זאָגן, אַז A איז פֿון זינען אַראָפּ, ער האָט זיך משוגענערווײַז פֿאַרליבט אין B און האָט עס איר געזאָגט... און

זי האָט זיך נאָר פונאַנדערגעלאַכט. פאַר איר איז עס געווען אַ שפּאַס, אָבער פאַר אים — אַ זאַך פון דעם גאַנצן לעבן זײַנעם.

איך האָב אַ ציטער געטאָן און געוואָלט אים איבערשלאָגן, זאָגן, אַז ער זאָל זיך ניט דערוועגן ריידן פאַר מיר. אָבער ער האָט, אײַנהאַלטנדיק מיך, אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף מײַנער.

— וואַרט, — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים, — אַנדערע זאָגן, כלומרשט, זי האָט אויף אים רחמנות געהאַט, זי, נעבעך, וואָס האָט נאָך קיין מענטשן ניט געזען, האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז זי קאָן אים באמת ליב האָבן און האָט מסכּים געווען צו ווערן זײַן פרוי. און ער, דער משוגענער, האָט געגלויבט, גע־גלויבט, אַז דאָס גאַנצע לעבן זײַנס קאָן זיך אָנהייבן פון ס׳נײַ, אָבער זי האָט אַליין געזען, אַז זי האָט אים גענאַרט, און אַז ער האָט איר גענאַרט... לאָמיר מער וועגן דעם ניט ריידן, — האָט ער גע־ענדיקט, אַפּנים ניט האָבנדיק מער קיין כּוח ווייטער צו ריידן, און ער האָט שווײַגנדיק גענומען אַרומגיין אַנטקעגן מיר.

ער האָט געזאָגט: „לאָמיר מער ניט ריידן“, און איך האָב געזען, אַז ער האָט מיט אַלע כּוחות פון דער נשמה געוואַרט אויף מײַן וואָרט. איך האָב געוואָלט ריידן, אָבער איך האָב ניט געקאָנט, עפּעס האָט מיר פאַרדריקט אין האַרצן. איך האָב אויף אים אַ בליק געטאָן, ער איז געווען בלאַס, און די אונטערשטע ליפּ זײַנע האָט געציטערט. מיר איז אויף אים געוואָרן אַ רחמנות. איך האָב מיך אָנגעשטרענגט און פּלוצלונג, צערײַסנדיק די קראַפט פונם שווײַגן, וועלכע האָט מיך געשמידט, האָב איך אָנגעהויבן ריידן מיט אַ שטים, אַ שטילער, אַ אינערלעכער, וועלכע, האָב איך מורא געהאַט, וועט זיך יעדע רגע איבעררײַסן.

— און דער דריטער פּוּף, — האָב איך געזאָגט און אָפּגע־שטעלט זיך, נאָר ער האָט געשוויגן, — און דער דריטער פּוּף, אַז ער האָט ניט ליב געהאַט, נאָר ער האָט איר פאַרשאַפט ווייטאָג, ווייטאָג, און האָט געמיינט, אַז ער איז גערעכט, איז אַוועקגעפאָרן און האָט זיך נאָך מיט עפּעס גרויס געהאַלטן. פאַר אײַך, און ניט פאַר מיר, פאַר אײַך איז דאָס אַ שפּאַס, איך האָב פון דעם ערשטן טאָג אָן ליב געקראָגן, ליב געקראָגן אײַך, — האָב איך איבער־

געהורט און אויף דעם דאָזיקן וואָרט „ליב געקראָגן" איז מײַן שטים פֿון אַ שטילער אינערלעכער אַריבער אין אַ ווילדן אויסגעשריי, וועלכער האָט מיך אַליין איבערגעשראָקן.

ער איז אַ בלאַסער געשטאַנען אַנטקעגן מיר, די ליפּ זײַנע האָט זיך געטרייסלט שטאַרקער און שטאַרקער, און צוויי טרערן זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן אויף זײַנע באַקן.

— דאָס איז ניט גוט! — האָב איך כמעט אויסגעשריען, פּלוצלינג דיק, אַז איך ווער מיט מיך מיט בייזע ניט־אויסגעוויינטע טרערן. — פֿאַרוואָס? — האָב איך געזאָגט און בין איבערגעשטאַנען און געוואָלט אַוועקגיין פֿון אים.

אָבער ער האָט מיך ניט געלאָזן. זײַן קאָפּ איז געלעגן אויף מײַנע קני, זײַנע ליפּן האָבן געקושט מײַנע נאָך ציטערנדיקע הענט און זײַנע טרערן האָבן זיי גענעצט.

— גאָט מײַנער, אַז איך וואָלט געוואוסט! — האָט ער געזאָגט.

— פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? — האָב איך נאָך אַלץ גערעדט, און אין דער נשמה איז בײַ מיר געווען דאָס גליק, דאָס גליק, וואָס איז אויף אייביק אַוועק און איז צוריק ניט געקומען.

אין פֿינף מינוט אַרום איז סאָניע געלאָפֿן אויבן און האָט צו קאַטיען און אויפֿן גאַנצן הויז געשריען, אַז מאַשע וויל חתונה האָבן מיט סערגיי מיכאַילאָוויטשן.

.V

עס זײַנען ניט געווען קיינע סיבות אָפּצולייגן אונזער חתונה, און ניט איך, ניט ער האָבן עס ניט געוואָלט. אמת, קאַטיע האָט געהאַט געוואָלט פֿאָרן קיין מאָסקווע און קויפֿן און באַשטעלן אויסשטייער, און זײַן מוטער האָט געהאַט געפֿאָדערט, אַז ער זאָל פֿאַר דער חתונה אײַנקויפֿן זיך אַ נײַע קאַרעטע, מעבל און מען זאָל די הויז אויסקלעפּן מיט נײַע טאַפּעטן, נאָר מיר ביידע האָבן זיך אײַנגעשטעלט, אַז מען זאָל עס טאָן שפּעטער, אויב דאָס איז שוין אַזוי נייטיק, און חופּה זאָל מען שטעלן צוויי וואָכן נאָך מײַן געבורטסטאָג, שטיל, אָן אויסשטייער, אָן געסט, אָן אונטערפֿירער, מאָלצײַטן, שאַמפּאַניער און די אַלע אָפּגערעדטע אַקסעסואַרן פֿון חתונה.

ער האָט מיר דערציילט, ווי זיין מוטער איז געווען ניט צופרידן, וואָס די חתונה דאַרף זיך אָפּשפּילן אָן מוזיק, אָן בערג מיט קאַסטנס און אָן איבערפּוצן פון ניי דאָס גאַנצע הויז, ניט אַזוי ווי איר חתונה, וועלכע האָט געקאָסט דרייסיק טויזנט, און ווי זי האָט ערנסט און בשתיקה, פון אים, זוכנדיק אין שפּייכלער און די קאַסטנס, זיך באַראַטן מיט דער ווירטשאַפטערין מאַריושקע וועגן עפּעס זייער נייטיקע פאַר אונזער גליק טעפּעכער, גאַרדינען און טאַצן. פון מיין זייט האָט קאַטיע געטאָן דאָס זעלביקע מיט דער ניאַניע קוזמינישנען. און וועגן דעם האָט מען מיט איר ניט געטאָרט ריידן שפּאַסנדיק, זי איז פעסט געווען איבערציינגט, אַז ריידנדיק צווישן זיך וועגן אונזער גליק, טוען מיר נאָר און מיר קעכלען זיך, טוען נאַרישקייטן, ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן אין אַזאַ לאַגע; אָבער דאָס אמתע צוקונפטיקע גליק אונזערס וועט אָפּהענגען נאָר פון דעם ריכטיקן שניט און גענייפון די נאַכטהעמדער, און פון דעם, ווי מען וועט אַרומזוימען די טישטעכער און די טישטעכלעך. צווישן פּאָקראָווסקאָיע און ניקאָלסקאָיע האָט מען יעדן טאָג איבערגעגעבן געהיימע ידיעות וועגן דעם, וואָס וואו מען האָט געגרייט, און הגם אויסערלעך זיינען צווישן קאַטיען מיט זיין מוטער געווען די צערטלעכסטע באַציִונגען, האָט זיך צווישן זיי שוין געפילט אַ ביסל אַ פיינטלעכע, נאָר אַ זייער דינע דיפּלאָמאַטיע. טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע, זיין מוטער, מיט וועלכער איך האָב מיך ערשט דערקענט נעענטער, איז געווען אַ צירלעך־מאַנירלעכע, שטרענגע הויזווירטין און אַ באַרינע פון דעם אַלטן שטייגער. ער האָט זי ליב געהאַט ניט ווי אַ זון לויטן חוב, נאָר ווי אַ מענטש לויטן געפיל, האַלטנדיק זי פאַר דער באַמע בעסטער, סאַמע קלוגער, גוטער און ליבנדיקער פרוי אין דער גאָרער וועלט. טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע איז אַלעמאָל געווען גוט צו אונז און צו מיר באַזונדער, און זי איז געווען צופרידן, וואָס איר זון האָט חתונה, נאָר ווען איך בין אַלס כלה געווען ביי איר, האָט מיר אויסגעוויזן, אַז זי האָט מיר געוואָלט געבן צו פילן, אַז אַלס שידוך פאַר איר זון וואָלט איך געמעגט זיין בעסער, און אַז עס וואָלט ניט געשטערט, איך זאָל עס אַלעמאָל געדענקען. און איך האָב זי פילקום פאַרשטאַנען און בין געווען מיט איר מסכּים.

די דאָזיקע צוויי לעצטע וואָכן האָבן מיר זיך געזען יעדן טאָג. ער פלעגט קומען צו פאָרן צו מיטאָג און אָפּזיצן ביז האַלבער נאַכט. נאָר ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געזאָגט, און איך האָב געוואוסט, אַז ער זאָגט אמת, אַז אָן מיר לעבט ער ניט, האָט ער קיינמאָל דעם גאַנצן טאָג ניט פאַרבראַכט מיט מיר, און האָט זיך געמיט ווייטער צו פאַרנעמען זיך מיט זיינע געשעפטן. די אויסערלעכע באַציִונגען אונזערע זיינען ביז דער חתונה פאַרבליבן די זעלביקע, וואָס פריער, מיר האָבן ווייטער גערעדט איינער צום אַנדערן א י ר, ער האָט ניט געקושט אַפילו מיין האַנט, און ניט נאָר ער האָט ניט געזוכט, נאָר ער האָט אַפילו אויסגעמיידט אַ צופאַל צו בלייבן מיט מיר אַליין. גלייך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איבערגעבן זיך צו דער גרויסער, שעדלעכער צערטלעכקייט, וועלכע איז געווען אין אים. איך ווייס ניט, איך, צי ער, האָט זיך געענדערט, נאָר איצט האָב איך זיך געפילט פולקום גלייך צו אים, האָב אין אים מער ניט געפונען דעם פריערדיקן אָנשטעל פון איינפאַכקייט, וואָס איז מיר ניט געפעלן געווען, און כ'האָב אָפט, אָנשטאָט דעם מאַנסביל, וועלכער האָט אַרויסגערופן אַכטונג און מורא, מיט פאַרגעניגן געזען פאַר זיך אַ מילד און פון גליק פאַרלאָרן קינד. איז מער ניט ווי דאָס אין אים געווען! — האָב איך אָפט געטראַכט, — ער איז פונקט אַזאַ מענטש, ווי איך, ניט מער. איצט האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איך זע אים אויף דורך, און אַז איך האָב אים דערקענט פולקום. און אַלץ, וואָס איך האָב דערקענט, איז געווען אַזוי איינפאַך, און ס'האָט אַזוי געשטימט מיט מיר. אַפילו זיינע פלענער, וועגן דעם, ווי וועלן מיר לעבן צוזאַמען, זיינען געווען די זעלביקע מיינע פלענער, נאָר קלערערע און בעסער באַשטימטע אין זיינע ווערטער.

דאָס וועטער איז די טעג געווען שלעכט, און די מערסטע צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אין די צימערן. די בעסטע האַרציקסטע שמועסן זיינען פאָרגעקומען אין ווינקל צווישן דער פאָרטעפּיאַנע און דעם פענסטער. אויפן שוואַרצן פענסטער האָט זיך נאָענט אָפּגעשפּיגלט דאָס פייער פון די ליכט, איבערן גלאַנציקן גלאָז האָבן פון צייט צו צייט געקלאַפּט און זיינען גערונען טראָפּנס. איבערן דאַך האָט

געקלאַפּט, אין דער קאַלוזשע האָט געפּליושקעט דאָס וואַסער אונטער דער דאַך־רינע, פון פענסטער האָט געצויגן מיט פייכטקייט. און עפּעס נאָך ליכטיקער, וואַרעמער און פריידיקער האָט אויסגע־וויזן אין אונזער ווינקל.

— ווייסט איר, איך האָב אייך שוין לאַנג געוואָלט זאָגן אַ זאַך, — האָט ער איינמאָל געזאָגט, ווען מיר האָבן זיך שפּעט פאַר־זעסן אין דעם ווינקל. — פאַר דער צייט, וואָס איר האָט גע־שפּילט, האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן דעם.

— זאָגט גאָרנישט, איך ווייס אַלץ, — האָב איך געזאָגט.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, אמת, לאָמיר ניט ריידן.

— ניין, זאָגט, וואָס? — האָב איך געבעטן.

— אָט וואָס. איר געדענקט, בעת איך האָב אייך דערציילט די געשיכטע וועגן A און B?

— נאָך ווי געדענק איך די דאָזיקע נאַרישע געשיכטע. גוט, וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזן...

— יאָ, נאָך איין ביסעלע — און גאָר מיין גליק וואָלט פאַרלאָרן געגאַנגען דורך מיר זעלבסט. איר האָט מיך מציל געווען. נאָר דער עיקר איז, וואָס איך האָב אַלץ דעמאָלסט געלייגט, און דער געוויסן פייניקט מיך, איך וויל איצטערדיקן זאָגן.

— אַך, איך בעט אייך, מען דאַרף ניט.

— האָט ניט קיין מורא, — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק. — איך דאַרף מיך נאָר פאַרענטפערן. בעת איך האָב אָנגעהויבן צו ריידן, האָב איך געוואָלט איבערטראַכטן די זאַך.

— צו־וואָס איבערטראַכטן? — האָב איך געזאָגט. — מען דאַרף קיימאָל ניט.

— יאָ, איך האָב שלעכט איבערגעטראַכט. נאָך אַלע מיינע אַנטטוישונגען, טעותן אין לעבן, אַז איך בין איצט געקומען אין דאָרף, האָב איך זיך אַזוי אַנטשיידן געזאָגט, אַז מיט ליבע איז ביי מיר אַ סוף, אַז פאַר מיר בלייבן נאָר די חובות פון דערציען דאָס לעבן ביזן סוף, אַז איך האָב זיך לאַנג ניט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון אין דעם, וואָס איז אַזוינס מיין געפיל צו אייך, און

צו=וואָס קאָן ער מיך ברענגען. איך האָב געהאַפּט און ניט געהאָפּט, דאָ האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איר קאָקעטירט, דאָ האָט זיך מיר געגלויבט, און איך האָב אַליין ניט געוואוסט, וואָס וועל איך טאָן. אָבער נאָך דעם אָוונט, איר געדענקט, ווען מיר זיינען ביידערנאַכט געגאַנגען איבערן סאָד, האָב איך מיך דערשראָקן. מיין איצטיק גליק האָט מיר אויסגעוויזן צו=גרויס און אוממעגלעך. נו, וואָס וואָלט געווען, ווען איך וואָלט מיר דערלויבט צו האָפן, און אומזיסט? אָבער, פאַרשטייט זיך, איך האָב געטראַכט נאָר וועגן זיך, ווייל איך בין אַ מיאוסער עגאָיסט.

ער האָט אַ ביסל געשוויגן, קוקנדיק אויף מיר.

— פונדעסטוועגן ניט בלויז קיין פוסטע רייד האָב איך דעמאָלסט גערעדט. איך האָב געקענט און געדאַרפט מורא האָבן. איך נעם אַזוי פיל פון אייך, און אַזוי ווייניק קען איך געבן. איר זייט נאָך אַ קינד, איר זייט אַ בוטאָן, וועלכער וועט זיך נאָך פונאַנדערלאָזן, איר האָט דאָס ערשטע מאָל ליב, אָבער איך....

— יאָ, זאָגט מיר דעם אמת, — האָב איך געזאָגט, נאָר פּלוצלונג איז מיר געוואָרן שרעקלעך פאַר דעם, וואָס ער וועט ענטפערן. — ניין, מען דאַרף ניט, — האָב איך צוגעגעבן.

— צי האָב איך פריער ליב געהאַט? יאָ? — האָט ער געזאָגט, תיכף טרעפנדיק מיין געדאַנק. — דאָס קען איך אייך זאָגן. ניין, איך האָב ניט ליב געהאַט. ס'איז קיינמאָל קיין שום ענלעכס ניט געווען צו דעם געפיל... — אָבער פּלוצלונג איז גלייך ווי אַ שווערע ערינערונג דורכגעפלויגן אין זיין געדאַנק. — ניין, אויך דאָ דאַרף איך אייער האַרץ, כדי איך זאָל האָבן דאָס רעכט אייך ליב צו האָבן, — האָט ער געזאָגט אומעטיק. — איז דען ניט נייטיק געווען זיך פאַרטראַכטן, איידער איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך ליב אייך? וואָס גיב איך אייך? ליבע — אמת.

— דאָס איז אַפּנים ווייניק? — האָב איך געזאָגט קוקנדיק אים אין די אויגן.

— ווייניק, מיין פריינד, פאַר אייך ווייניק, — האָט ער ווייטער גערעדט. איר האָט שיינקייט און יונגקייט! איצט שלאָף איך ניט אָפט ביידערנאַכט מחמת גליק, און איך טראַכט אַלץ וועגן דעם,

זוי מיר וועלן לעבן צוזאַמען. איך האָב פיל געלעבט, און מיר דאַכט, אַז איך האָב געפונען דאָס, וואָס מען דאַרף, כדי צו זיין גליקלעך. אַ שטיל איינזאַם לעבן אין אונזער דאָרפישן מדבר, מיט דער מעגלעכקייט צו טאָן גוטס די מענטשן, וואָס עס איז אַזוי לייכט צו טאָן זיי גוטס, צו וואָס זיי זיינען ניט געוויינט; נאָכדעם אַרבעט. אַרבעט, וואָס דאַכט זיך, זי ברענגט נוצן, נאָכדעם אָפּרו, נאַטור, ביכער, מוזיק, ליבע צום נאָענטן מענטשן, אָט איז מיין גליק, וואָס וועגן אַ העכערן פאַר דעם האָב איך ניט געטרוימט. און דאָ האָב איך נאָך איבער דעם אַלעמען אַזאַ פריינד, ווי איר, אפשר אַ משפחה, און אַלץ, וואָס אַ מענטש קאָן נאָר פאַרלאַנגען.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט.

— פאַר מיר, וואָס איך האָב די יוגנט אָפּגעלעבט — יאָ, אָבער ניט פאַר אייך, — האָט ער ווייטער גערעדט. — איר האָט נאָך ניט געלעבט, איר וועט נאָך אפשר וועלן אין עפּעס אַנדערש זוכן גליק, און אפשר אין אַנדערש געפינען עס. אייך דאַכט זיך איצט, אַז דאָס איז גליק דערפאַר, וואָס איר ליבט מיך.

— ניין, איך האָב אַלעמאָל נאָר פאַרלאַנגט און ליב גע־האַט סדאָזיקע שטילע לעבן, — האָב איך געזאָגט, — און איר זאָגט נאָר דאָס זעלביקע, וואָס איך האָב געטראַכט.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— דאָס דאַכט זיך אייך נאָר, מיין פריינד. אָבער פאַר אייך איז עס קנאַפּ. איר זייט שיין און יונג. — האָט ער איבערגעחזרט פאַרטראַכטערהייט.

אָבער איך בין אין כעס געוואָרן דערויף, וואָס ער האָט מיר ניט געגלויבט, און גלייך ווי ער האָט מיר פאָרגעוואָרפן מיט מיין שיינקייט און מיין יונגקייט.

— טאָ פאַרוואָס־זשע האָט איר מיך ליב? — האָב איך גע־זאָגט ברוגז. — פאַר דער יונגקייט, אָדער פאַר מיר גופא?

— איך ווייס ניט, נאָר איך ליב, — האָט ער געענטפערט, קוקנדיק אויף מיר מיט זיין אויפמערקזאַמען צוציענדיקן בליק.

איך האָב גאָרניט געענטפערט, און ניט ווילנדיק געקוקט אים אין די אויגן. פלוצלונג האָט עפּעס משונהדיקס פּאַסירט מיט מיר.

לכתחילה האָב איך ניט אויפגעהערט צו זען דאָס אַרומיקע, נאָכ־דעם איז זיין געזיכט פאַרשוואונדן פאַר מיר. בלויז זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, דאַכט זיך, סאַמע קעגן מיינע אויגן, נאָכדעם האָט מיר אויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע אויגן זיינען אין מיר. אַלץ איז באַטריבט געוואָרן, איך האָב גאָרניט געזען, און האָב מיך געמוזט פאַרזשמורען, כדי אָפּצוררייסן זיך פון דעם געפיל פון תענוג און מורא, וואָס דער דאָזיקער בליק האָט אין מיר אַרויסגערופן...

ערב דעם טאָג, אויף וועלכן עס איז באַשטימט געווען די חתונה, פאַרנאַכט, האָט זיך דאָס וועטער אויסגעלייטערט, און נאָך די רעגנס, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן זומער, האָט זיך אויסגעקלאָרט דער ערשטער קאַלטער און גלענצנדער האַרבסטיקער אָוונט. אַלץ איז געווען נאַס, קאַלט, ליכטיק, און אין סאָד האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געלאָזט באַמערקן די האַרבסטיקע רחבות, פוסטקייט, און אַנט־בלויזטקייט. אויפן הימל איז געווען העל, קאַלט און בלאַס. איך בין אַוועק שלאָפן, אַ גליקלעכע פון דעם געדאַנק, וואָס מאָרגן, אין דעם טאָג פון אונזער חתונה, וועט זייט אַ גוטע וועטער. אין דעם טאָג האָב איך מיך אויפגעכאַפּט גלייך מיטן זונאויפ־גאַנג, און דער געדאַנק, אַז שוין היינט... האָט מיך גלייך ווי דערשראָקן און פאַרוואונדערט. איך בין אַרויס אין סאָד. די זון איז נאָר־וואָס אויפגעגאַנגען און האָט געגלאַנצט צעבּרעקלט דורך די אָפּגעהוילטע געלווערנדיקע ליפּעס פון דער אַלעע. די סטעזשקע איז געווען אויסגעבעט מיט שאָרכנדיקע בלעטער. די צעקנייטשטע העלע הענגלעך ראַבּינעס האָבן זיך גערויטלט אויף די צווייגן מיט די אָפּגעטויטע פון פראָסט שיטערע צעפלאַצטע בלעטער. די געאָר־גינעס האָבן זיך צונויפגעקנייטשט און זיינען שוואַרץ געוואָרן. דער פראָסט איז דאָס ערשטע מאָל מיט אַ זילבער געלעגן אויף דעם בלאַסן גרינס פון דעם גראָז און אויף די צעבראָכענע קוסטעס פון די בּודיקעס לעבן הויז. אויפן העלן קאַלטן הימל איז ניט געווען און עס האָט ניט געקאָנט זיין קיין שום וואָלקן.

„צי דען היינט? — האָב איך זיך געפרעגט, ניט גלויבנדיק מיין גליק. — צי דען וועל איך מיך שוין מאָרגן אויפכאַפּן אין דעם פרעמדן ניקאָלסקער הויז מיט די זיילן? צי דען וועל איך אויף

אים שוין מער ניט דאַרפֿן וואַרטן און ניט גיין באַגעגענען, און אין די אָוונטן און אין די נעכט מער ווענן אים ניט ריידן מיט קאַטיען? איך וועל מיט אים ניט זיצן לעבן דער פֿאָרטעפּיאַנע אין דעם פֿאָקראָווסקין זאַל? איך וועל אים ניט באַגלייטן און ניט מורא האָבן, ס'זאָל מיט אים עפּעס ניט געשען אין די פֿינסטערע נעכט?" אָבער איך האָב מיך דערמאָנט, וואָס ער האָט נעכטן געזאָגט, אַז ער קומט דאָס לעצטע מאָל, און קאַטיע האָט מיר געלאָזט אָנמעסטן די חופּה-קלייד און געזאָגט: אויף מאָרגן; און איך האָב אויף אַ רגע געגלויבט און ווידער געצווייפֿלט. „צי דען וועל איך פֿון הייִנטיקן טאָג אָן שוין וואוינען דאָרט מיט דער שוויגער, אָן נאַדיעזשען, אָן דעם אַלטן גריגאָרי, אָן קאַטיען? איך וועל אויף דער נאַכט ניט קושן די ניאַניע און ניט הערן, ווי זי וועט, צלמענדיק מיך לויט דער אַלטער רגילות, זאָגן: אַ גוטע נאַכט, באַרישניע? איך וועל ניט לערנען מיט סאָניען און ניט שפּילן זיך מיט איר, און דורך דער וואַנט ניט קלאַפּן צו איר אינדערפֿרי און ניט הערן איר געלעכטער? צי דען וועל איך הייִנט ווערן אַ פֿרעמדע צו זיך אַליין, און אַ נייַ לעבן פֿון דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון מיינע האָפֿענונגען און פֿאַרלאַנגען הייבט זיך אָן פֿאַר מיר? צי דען איז אויף אייביק ס'דאָזיקע נייַ לעבן?" איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אים, מיר איז שווער געווען איינער אַליין מיט די דאָזיקע געדאַנקען. ער איז געקומען צו פֿאָרן פֿרי, און ערשט מיט אים צוזאַמען האָב איך אָנגעהויבן אינגאַנצן צו גלויבן, אַז הייִנט וועל איך זיין זיין ווייב, און דער געדאַנק האָט אויפֿגעהערט צו זיין פֿאַר מיר שרעקלעך.

פֿאַר מיטאָג זיינען מיר געגאַנגען אין אונזער צערקווע אָפּריכטן אַ הזכּרה נאָכן פֿאָטער.

„ווען ער וואָלט איצט געלעבט!" האָב איך געטראַכט, בעת מיר זיינען געגאַנגען צוריק אַהיים, און איך האָב מיך שווייגנדיק אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט פֿון דעם מענטשן, וועלכער איז געווען דער בעסטער פֿריינד פֿון דעם, וועגן וועלכן איך האָב געטראַכט. צופֿאַלנדיק בעת דער תּפֿילה מיטן קאָפּ צו דעם קאַלטן שטיין פֿון דער קאַפּעלע-פּאָדלאָגע, האָב איך מיר אין דמיון אַזוי לעבעדיק פֿאָר-

געשטעלט מיין פֿאָטער, אַז איך האָב געגלויבט, אַז זיין נשמה פֿאַרשטייט מיך און בענטשט מיין אויסוואַל, אַז אַפֿילו איצט האָט מיר אויסגעוויזן, אַז זיין נשמה פֿליט דאָ אַרום איבער אונדז און אַז איך פֿיל אויף זיך זיין ברכה. און ערינערונגען, און האָפֿענונגען, און גליק אין טרויער האָבן זיך אין מיר צוזאַמענגענאָמען אין איין פֿייערלעך און אָנגענעם געפֿיל, צו וועלכן עס האָבן געפּאַסט די דאָזיקע אומבאַוועגלעכע פֿרישע לופֿט, די שטילקייט, די אָפּגעהוילטקייט פֿון די פֿעלדער און דער בלאַסער הימל, פֿון וועלכן עס זיינען אויף אַלץ געפֿאַלן גלאַנציקע, נאָר קראַפֿטלאָזע שטראַלן, וועלכע האָבן געוואָלט ברענען מיר אין באַק. מיר האָט אויסגעוויזן, אַז דער, מיט וועלכן איך בין געגאַנגען, האָט פֿאַרשטאַנען און האָט אויך אַזוי געפֿילט. ער איז געגאַנגען שטיל און שווייגנדיק, און זיין פּנים, אויף וועלכן איך האָב פֿון צייט צו צייט געקוקט, האָט אויסגעדריקט די זעלביקע געהויבענע געפֿילן — זאָל עס זיין פֿרייד, צי טרויער, — וועלכע זיינען געווען אין דער נאַטור און אין מיין האַרצן.

פֿלוצלונג האָט ער זיך אומגעקוקט צו מיר, איך האָב געזען, אַז ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. „ווי, אויב ער וועט אָנהייבן ריידן ניט וועגן דעם, וואָס איך האָב איצט געטראַכט?“ איז מיר געקומען אויפֿן זינען. נאָר ער האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן פֿאָטער, אַפֿילו ניט אָנרופֿנדיק אים.

— און איינמאָל האָט ער מיר אין אַ געלעכטער געזאָגט: „האָב חתונה מיט מיין מאַשען?“ — האָט ער געזאָגט.

— ווי גליקלעך ער וואָלט איצט געווען! — האָב איך געזאָגט, שטאַרקער צודריקנדיק צו זיך די האַנט, וועלכע האָט געטראָגן מיינע.

— יאָ, איר זייט נאָך געווען אַ קינד, — האָט ער ווייטער גערעדט, קוקנדיק מיר אין די אויגן, — איך האָב דעמאָלסט געקושט די דאָזיקע אויגן און האָב זיי ליב געהאַט נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען צו אים ענלעך, און איך האָב ניט געטראַכט, אַז זיי וועלן אַליין פֿאַר זיך מיר זיין אַזוי טייער. איך האָב אַייך דעמאָלסט גערופֿן מאַשע.

— זאָגט מיר „דו“ — האָב איך געזאָגט.

— איך האָב נאָר־וואָס געוואָלט זאָגן ד ר „דו", — האָט ער געזאָגט, — ערשט איצט דאַכט זיך מיר, אַז דו ביסט אינגאַנצן מיינע, — און אַ רויִקער, אַ גליקלעכער, אַ צוציענדיקער בליק האָט זיך אויף מיר אָפּגעשטעלט.

און מיר זיינען אַליין שטיל געגאַנגען איבער דער גיט אויס־געטראָטענער פעלדסטעזשקע, דורך די צעטראָטענע צעפּלאָנטערטע שטאַמען פון דער אָפּגעשניטענער תבואה. און נאָר אונזערע טריט און שטימען האָבן מיר געהערט. פון איין זייט האָט זיך דורך דעם טאָל ביז דעם ווייטן אָפּגעהוילטן וועלדל געצויגן דאָס בראַונלעכע אָפּ־געשניטענע פעלד, איבער וועלכן אַ פויער האָט אָן אַ זייט פון אונז מיט דער סאָכע שטיל אָן אַ קלאַנג אַליין ברייטער און ברייטער דורכגעלייגט אַ שוואַרצן פּאַס. דער טאַבון, וואָס האָט זיך צע־שאָטן אונטערן באַרג, האָט אויסגעוויזן נאָענט. פון דער צווייטער זייט און פון פאָרנט ביזן סאָד און ביז אונזער הויז, וואָס האָט זיך געזען פון הינטער אים, האָט געשוואַרצט און וואו ניט וואו פּאַסגווייז געגרינט דאָס אויף ווינטער פאַרזייטע פון דעם בראָסט אָפּגעגאַנגענע פעלד. אויף אַליץ האָט געגלאַנצט די הייסע זון, אויף אַליץ זיינען געלעגן לאַנגע פעדימריקע שפּינוועבס. זיי זיינען גע־פלויגן אינדערלופטן אַרום אונז און האָבן זיך געלייגט אויף די איינגעלייגטע פון פראָסט שטאַמען פון דער אָפּגעשניטענער תבואה, געטראָפן אונז אין די אויגן, אין די האָר, אויף די קליידער. בעת מיר האָבן גערעדט, האָבן אונזערע שטימען געקלונגען און זיינען שטיין געבליבן איבער אונז אין דער אומבאַוועגלעכער לופט, גלייך ווי נאָר מיר אַליין וואָלטן געווען אינמיטן דער גאָרער וועלט און איינע אַליין אונטער דעם דאָזיקן בלויען געוועלב, אויף וועלכן עס האָט אָנצינדנדיק, זיך און ציטערנדיק, געשפּילט די ניט הייסע זון.

מיר האָט זיך אויך פאַרוואָלט זאָגן אים ד ו, נאָר איך האָב מיך געשעמט.

— וואָס גייסטו אַזוי גיך? — האָב איך אַרויסגערעדט שנעל און כמעט שעפּטשענדיק און בין ניט ווילנדיק רויט געוואָרן.

ער האָט אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעכער און נאָך לאַשטשענדיקער, נאָך פריילעכער און גליקלעכער געקוקט אויף מיר.

בעת מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, איז שוין דאָרט געווען זיין מוטער און געסט, אָן וועלכע מיר האָבן זיך ניט געקענט באַגיין, און סאַמע ביז דער צייט, וואָס מיר האָבן אַרויסגייענדיק פון דער צערקווע זיך געזעצט אין דער קאַרעטע, בין איך ניט געבליבן אַליין מיט אים.

די צערקווע איז געווען כמעט אַ פּוסטע. איך האָב מיט איין אויג געזען נאָר זיין מוטער, וועלכע איז גלייך געשטאַנען אויף אַ טעפּעכל לעבן כאָר, קאַטיע אין אַ טשעפּיק מיט לילע-סטענגעס און מיט טרערן אויף די באַקן און צוויי-דריי הויף-באַדינער, וועלכע האָבן נייגעריק געקוקט אויף מיר. אויף אים האָב איך ניט געקוקט, נאָר איך האָב דאָ, לעבן זיך געפילט זיין אָנוועזנהייט. איך האָב מיך איינגעהערט אין די ווערטער פון דער תפילה, נאָכגעזאָגט זיי, אָבער אין דער נשמה האָט זיך גאָרניט אָפּגערופן. איך האָב ניט געקענט גאָט בעטן, און האָב טעמפּ געקוקט אויף די הייליקע בילדער, אויף די ליכט, אויף דעם אויסגענייטן צלם פון דעם מאַנטל אויף דעם גלחס רוקן, אויף דער בילדער-ראַם, אויף דעם פענסטער פון דער צערקווע, און איך האָב גאָרניט פאַרשטאַנען. איך האָב נאָר געפילט, אַז עפּעס אומגעוויינלעכס ווערט געטאָן מיט מיר. בעת דער גלח האָט זיך מיטן צלם אומגעקערט צו אונז, געווונטשן און געזאָגט, אַז ער האָט מיך געטויפט, און אָט האָט גאָט געלאָזט דערלעבן צו געבן מיר חופּה, קאַטיע און זיין מוטער האָבן אונז געקושט, און עס האָט זיך דערהערט גריגאָרים שטים, וועלכע האָט גערופן די קאַרעטע, — האָב איך מיך פאַרוואונדערט און דערשראָקן, וואָס אַלץ איז שוין געענדיקט, און קיין אומגעוויינלעכס, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דעם סוד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן איבער מיר, איז אין מיין נשמה ניט פאָרגעקומען. איך האָב מיך מיט אים צעקושט, און דער דאָזיקער קוש איז געווען אַזאַ משונהדיקער, אַזאַ פרעמדער אונזער געפיל. „און מער גאָרניט", האָב איך אַ טראַכט געטאָן. מיר זיינען אַרויס אויפן גאַניק, דער קלאַנג פון די רעדער האָט געדיכט אָפּגעקלונגען אונטער דעם געוועלב פון דער צערקווע, עס האָט מיט פרישער לופט אַ ווייע געטאָן אין פנים, ער האָט אָנגעטאָן דעם הוט, און פאַר דער

האַנט מיר געהאָלפֿן זעצן זיך אין קאַרעטע. פֿון פֿענסטער פֿון דער קאַרעטע האָב איך דערזען די פּראַקטיקע לבנה מיט אַ קרייז אַרום. ער האָט זיך געזעצט לעבן מיר און הינטער זיך פֿאַרמאַכט דאָס טירל. עפּעס האָט מיר אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. גלייך ווי באַליידיקנדיק האָט מיר אויסגעוויזן די זיכערהייט, מיט וועלכער ער האָט עס געטאָן. קאַטיעס שטים האָט אויסגעשריען, איך זאָל צודעקן דעם קאָפּ, די רעדער האָבן גענומען קלאַפּן איבער שטיינער, נאָכ־דעם איבערן וויכן וועג, און מיר זיינען אַוועקגעפֿאָרן. צוגעדריקט זיך צוםווינקל, האָב איך געקוקט אין פֿענסטער אויף די ווייטע ליכטיקע פֿעלדער און אויפֿן וועג, וועלכער איז אַנטלאָפֿן אין קאַלטן גלאַנץ פֿון דער לבנה. און ניט קוקנדיק אויף אים, האָב איך אים געפֿילט דאָ לעבן זיך... „איז ווי, מער ניט ווי דאָס האָט מיר געגעבן די דאָזיקע רגע, פֿון וועלכער איך האָב אַזוי פֿיל געוואַרט?“ האָב איך אַ טראַכט געטאָן, און מיר איז געווען גלייך ווי אַ דער־נידערונג און אַ באַליידיקונג צו זיצן איינע אַליין אַזוי נאָענט לעבן אים. איך האָב זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער דעה צו זאָגן אים עפּעס. אָבער די ווערטער האָבן זיך ניט גערעדט, גלייך ווי עס וואָלט שוין אין מיר ניט געווען דער פֿריערדיקער געפֿיל פֿון צערטלעכקייט, נאָר אַ געפֿיל פֿון באַליידיקונג און מורא האָבן אים פֿאַרביטן.

— איך האָב ביז דער רגע אַליץ ניט געגלויבט, אַז דאָס קען זיין, — האָט ער שטיל געענטפֿערט אויף מיין בליק.

— יאָ, נאָר איך האָב עפּעס מורא, — האָב איך געזאָגט.

פֿאַר מיר מורא, מיין פֿריינד? — האָט ער געזאָגט, נעמענ־דיק מיין האַנט און אַראָפּלאָזנדיק צו איר דעם קאָפּ.

מיין האַנט איז אָן לעבן געלעגן אין זיין האַנט און אין האַרצן איז געוואָרן אַ ווייטאָג פֿון קעלט.

— יאָ, האָב איך געזאָגט שעפּטשענדיק.

אָבער דאָ האָט דאָס האַרץ פּלוצלונג גענומען קלאַפּן שטאַרקער, די האַנט האָט אַ ציטער געטאָן און אַ דריק געטאָן זיין האַנט, מיר איז געוואָרן הייס, די אויגן האָבן אין דער פֿינס־

טערניש געזוכט זיין בליק, און איך האָב פּלוצלונג דערפילט, אַז איך האָב פאַר אים קיין מורא ניט, אַז די דאָזיקע מורא — איז ליבע, אַ נייע און נאָך אַ געהויבענערע און אַ שטאַרקערע ליבע, איידער פריער. איך האָב דערפילט, אַז איך בין אינגאַנצן זיינע, און אַז איך בין גליקלעך מיט זיין מאַכט איבער מיר.

---

# צווייטער טייל

## .VI

טעג, וואָכן, צוויי חדשים פֿון איינזאַמען דאָרפֿישן לעבן זיינען אַדורך אומבאַמערקט, ווי דעמאָלסט האָט עס אויסגעוויזן; און די געפֿילן, איבערעגונגען און דאָס גליק פֿון די דאָזיקע צוויי חדשים וואָלטן באמת געקענט קלעקן אויף אַ גאַנץ לעבן. מיינע און זיינע טרוי־מערייען וועגן דעם, ווי עס וועט זיך איינאָרדענען אונזער דאָרפֿיש לעבן, זיינען פֿאַרווירקלעכט געוואָרן לגמרי ניט אַזוי, ווי מיר האָבן געוואַרט. אָבער אונזער לעבן איז געווען ניט ערגער, ווי אונזערע טרוימערייען. עס איז ניט געווען די דאָזיקע שטרענגע אַרבעט, דאָס דערפֿילן דעם חוב פֿון זעלבסטאָפּפֿערונג און פֿון לעבן פֿאַרן צווייטן, וואָס איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט, בעת איך בין געווען אַ כלה; עס איז געווען פֿאַרקערט, איין עגאָיסטישער געפֿיל פֿון ליבע איינער צום צווייטן, אַ פֿאַרלאַנג געליבט צו זיין, אָן־אַ סיבה־דיקע כסדרדי־קע פֿרייד און פֿאַרגעסן אָן אַלץ אין דער וועלט. אמת, ער פֿלעגט אַמאָל אַוועקגיין טאָן עפּעס אין זיין קאַבינעט, אַמאָל פֿלעגט ער געשעפֿטלעך פֿאָרן אין שטאָט אַריין און פֿאַרנעמען זיך מיט דער ווירטשאַפֿט; אָבער איך האָב געזען, וויפֿל מי עס האָט אים גע־קאָסט אָפּצורייסן זיך פֿון מיר. און ער אַליין פֿלעגט זיך נאָכדעם מודה זיין, ווי אַלץ אין דער וועלט, וואו איך בין ניט געווען, האָט אים אויסגעוויזן אַזאַ פּוסטע זאַך, אַז ער האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין, ווי קאָן מען זיך דערמיט פֿאַרנעמען. מיט מיר איז געווען דאָס זעלביקע. איך האָב געלייענט, פֿאַרנומען זיך מיט מוזיק, אויך מיט דער מאַמעשי, און מיט דער שול. אָבער דאָס אַלץ נאָר דערפֿאַר, ווייל דאָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט אים, און ער האָט געזאָגט, אַז ס'איז גוט אַזוי. אָבער ווי נאָר דער געדאַנק וועגן אים האָט זיך צו עפּעס ניט צוגעמישט, פֿלעגן זיך ביי מיר תיכף אַראָפּ־לאָזן די הענט, און עס איז מיר אַזוי לעכערלעך געווען די מחשבה, אַז עס איז פֿאַראַן אויף דער וועלט נאָך עפּעס אויסער אים. אפשר

איז דאָס געווען ניט קיין גוטער עגאָיסטישער געפיל; אָבער דער געפיל האָט מיר געגעבן גליק און האָט מיך הויך אויפגעהויבן איבער דער גאָרער וועלט. נאָר ער איינער אויף דער וועלט האָט עקסיסטירט פאַר מיר, און אים האָב איך געהאַלטן פאַר דעם שענסטן, אומזינדיקסטן מענטשן אויף דער וועלט; דעריבער האָב איך ניט געקענט לעבן פאַר קיין שום אַנדער זאַך, נאָר כּדי צו זיין אין זיינע אויגן דאָס, פאַר וואָס ער האָט מיך געהאַלטן. און ער האָט מיך געהאַלטן פאַר דער ערשטער און שענסטער פרוי אויף דער וועלט, וועלכע איז באַשאָנקען מיט אַלע גוטע מידות, און איך האָב מיך געמיט צו זיין די דאָזיקע פרוי אין די אויגן פון דעם ערשטן און בעסטן מענטשן אין דער גאָרער וועלט.

איינמאָל איז ער אַריין צו מיר אין צימער בשעת איך האָב גאָט געבעטן. איך האָב מיך אויף אים אומגעקוקט און ווייטער געבעטן. ער האָט זיך געזעצט לעבן טיש, כּדי ניט צו שטערן מיר, און האָט געעפנט אַ בוך. נאָר מיר האָט אויסגעוויזן, אַז ער קוקט אויף מיר, און איך האָב מיך אומגעקוקט. ער האָט אַ שמייכל געטאָן. איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט און ניט געקענט ווייטער זאָגן די תּפילה.

— און דו האָסט שוין געבעטן גאָט?

— יאָ, זאָג ווייטער, איך וויל אַוועקגיין.

— אָבער דו זאָגסט די תּפילות, האָף איך? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט ניט ענטפערנדיק געוואָלט אַוועקגיין, אָבער איך האָב אים אָפּגעהאַלטן.

— נשמה מיינע, איך בעט דיך, טו עס צוליב מיר, זאָג מיט מיר די תּפילות. — ער האָט זיך געשטעלט לעבן מיר און אומגעשיקט אַראָפּלאָזנדיק די הענט, מיט אַן ערנסטן געזיכט, שטאַמלענדיק, אָנגעהויבן צו לייענען. צייטנווייז האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר, געזוכט הסכּמה און הילף אויף מיין פּנים.

ווען ער האָט געענדיקט, האָב איך מיך פונאַנדערגעלאַכט און אים אַרומגענומען.

— אַלץ דו, אַלץ דו! פונקט ווי מיר ווערט ווידער צען יאָר, — האָט ער געזאָגט, רויט ווערנדיק און קושנדיק מיינע הענט.

אונזער הויז איז געווען איינע פון די אַלטע דאָרפישע הייזער, אין וועלכע עס האָבן אַכטנדיק און ליבנדיק איינע די אַנדערע אָפגעלעבט עטלעכע לייבלעכע דורות. פון אַלץ האָט געשמעקט מיט גוטע ערלעכע משפחה־זכרונות, וועלכע זיינען פלוצלונג, ווי נאָר איך בין אַריינגעטראָטן אין דעם דאָזיקן הויז, געוואָרן גלייך ווי מיינע זכרונות. דער פוץ און דער סדר פון הויז האָט טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע געפירט אויפן פאַרצייטיקן שטייגער. מען קאָן ניט זאָגן, אַז אַלץ איז געווען שיין און פיין; נאָר אָנהייבנדיק פון מאַכלים ביז דער דינערשאַפט איז אַלץ געווען פיל, אַלץ געווען אָנגענעם, פעסט, פינקטלעך און אַלץ האָט אַרויסגערופן אַכטונג. אין גאַסטזאַל איז סימעטריש געשטאַנען די מעבל, זיינען געהאַנגען די פאָרטרעטן, און אויף דער פאָדלאָגע זיינען געווען אויסגעשפרייט היימישע טעפיכער און פאַסןטרעטערס. אין דיוואַן־צימער איז געשטאַנען אַן אַלטער ראָיאַל, עלמערלעך פון צוויי באַזונדערע פאַסאָנען, דיוואַנען און טישלעך מיט מעשענע צאַצקעס און מיט אינקרוסטאַציע. אין מיין קאַבינעט, וועלכן טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע האָט זיך געמיט צו באַפוצן, איז געשטאַנען די בעסטע מעבל פון פאַרשיידענע יאָרהונדערטן און פאַסאָנען, און צווישן אַנדערע זאַכן אַן אַלטער שפיגל, אין וועלכן איך האָב לכתחילה בשום אופן ניט געקענט קוקן, ניט שעמענדיק זיך, נאָר וועלכער איז מיר שפעטער, ווי אַן אַלטער פריינד, געוואָרן טייער. טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונען האָט מען ניט געהערט, נאָר אַלץ אין שטוב איז געגאַנגען, ווי אַן אָנגעדרייטער זייגער, הגם מענטשן זיינען געווען אַפולע איבעריקע. אָבער די דאָזיקע אַלע מענטשן, וועלכע האָבן געטראָגן ווייכע שטיוול אָן קנאַפל (טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע האָט פאַר דער ערגסטער זאַך אויף דער וועלט געהאַלטן דאָס סקריפען פון די זוילן און דאָס טופען פון די קנאַפל), די אַלע מענטשן האָבן אויסגעוויזן שטאָלץ מיט זייער לאַגע, האָבן געפלאַטערט פאַר דער אַלטער פריצטע, אויף מיר מיטן מאַן געקוקט מיט פראָטעזשירנדיקער פריינדלעכקייט און זיי האָבן, דאַכט זיך, מיט באַזונדער פאַרגעניגן געטאָן זייער אַרבעט. יעדן שבת פלעגן רעגולער אין הויז געוואַשן

ווערן די פּאָדלאָגעס און אויסגעשטויבט ווערן די טעפּעכער. יעדן ערשטן אין חודש פלעגט אָפּגעריכט ווערן אַ גאָטסדינסט מיט הייליקן דאָס וואַסער, יעדן נאָמענטאָג פון טאַטיאַנע סעמיאָנאָווגע, פון איר זון (און מיינער דאָס ערשטע מאָל אין דעם האַרבסט) פלעגט געגעבן ווערן אַ מאָלצייט אויף דער גאַנצער כּבוּדה. און דאָס אַליין איז אומענדערלעך געטאָן געוואָרן זינט טאַטיאַנע סעמיאָנאָווגע געדענקט זיך. דער מאַן האָט זיך נישט געמישט אין דער הויזפירונג און האָט זיך באַשעפטיקט בלויז מיט דער פעלדווירטשאַפט און מיט די פּויערים, און האָט געאַרבעט פיל. ער פלעגט אויפשטיין אַפילו ווינטער זייער פרי, אַזוי אַז ווען איך פלעג מיך אויפכאַפּן, איז ער שוין ניט געווען. ער פלעגט קומען געוויינלעך צום טיי, וועלכן מיר פלעגן טרינקען באַזונדער, און כּמעט אַלעמאָל אין דער צייט פלעגט ער זיך נאָך די קלאָפּאָטן און די אומאָנגענעמלעכקייטן ביי דער ווירטשאַפט געפינען אין יענעם באַזונדערן פרייליכן געמיט=צושטאַנד, וועלכן מיר האָבן גערופן ווילדע אַנטציקונג. אָפטמאָל פלעג איך פאָדערן, ער זאָל מיר דערציילן, וואָס האָט ער געטאָן אינדערפרי, און ער פלעגט דערציילן אַזעלכע נאַרישקייטן, אַז מיר פלעגן זיך קייקלען פון געלעכטער. אַמאָל פלעג איך פאָדערן אַן ערנסטן דערציילן, און ער פלעגט דערציילן באַהאַלטנדיק דעם שמייכל. איך האָב געקוקט אויף זיינע אויגן, אויף דער באַוועגונג פון זיינע ליפּן, און האָב גאָרניט פאַרשטאַנען, איך האָב מיך נאָר געפרייט, וואָס איך זע אים און איך הער זיין שטים.

„איז וואָס=זשע האָב איך געזאָגט? חזר איבער" — פלעגט ער פרעגן, אָבער איך האָב גאָרניט געקענט איבערחזרן. אַזוי קאָמיש איז געווען, וואָס ער האָט מיר דערציילט ניט וועגן זיך און וועגן מיר, נאָר וועגן עפּעס אַנדערש. פונקט ווי ס'איז ניט אַלץ איינס, וואָס דאָרט זאָל זיך ניט טאָן. ערשט פיל שפּעטער האָב איך אַ ביסל אָנגעהויבן פאַרשטיין און אינטערעסירן זיך מיט זיינע זאָרגן. טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע איז ניט אַרויסגעגאַנגען ביז מיטאָג, האָט געטרונקען טיי אַליין, און נאָר דורך שלוחים געגריסט זיך מיט אונז. אין אונזער באַזונדערן, משוגע=גליקלעכן וועלטל האָט אַזוי משונה געקלונגען די שטים פון איר אַנדערן, כטאַטעטשנעס, סאָלידן ווינקעלע

און איך פלעג נאָר לאַכן אַלס ענטפער דער קאָמערמיידל, וועלכע פלעגט, פאַרלייגט אַ האַנט אויף אַ האַנט, מעלדן, אַז „מאַמאַנע סעמיאָ-נאָוונע האָבן באַפוילן צו דערוויסן זיך, ווי האָט מען אָפּגערוט נאָך נעכטיקן שפּאַציר, און הענגן זיך האָבן זיי באַפוילן צו מעלדן, אַז ביי זיי האָט די גאַנצע נאַכט ווי געטאָן אַ זייטעלע און אַ נאַ-רישער הונט אין דאָרף האָט געבולן, געשטערט די רו. און נאָך האָבן זיי באַפוילן צו פרעגן, ווי איז געפעלן היינטיקע געבעקס, און געבעטן באַמערקן, אַז ניט טאַראַס האָט היינט געבאַקן, נאָר אַלס פּראָבע דאָס ערשטע מאָל ניקאָלאַשע, און אַז ס׳איז זייער, זאָגן זיי, ניט שלעכט, דערהויפּט די בייגעלעך, נאָר די סוכאַריקעס זיינען צוגע-ברענט". ביז מיטאָג זיינען מיר קנאַפּ געווען צוזאַמען. איך האָב געשפּילט, געלייענט אַליין, ער האָט געשריבן, פלעגט אַמאָל ווידער אַוועקגיין; נאָר צו מיטאָג, פאַר דעם זייגער, פלעגן מיר זיך צונויפ-קומען אין גאַסטצימער. די מאַמעשע פלעגט אַרויסשווימען פון איר צימער, און עס פלעגן קומען אָרעמע פריצטעס, וואַנדערינס, וועל-כע האָבן אַלעמאָל געוואוינט אין הויז אַ צוויי-דריי נפשות. יעדן טאָג רעגולער פלעגט דער מאַן לויט דער רגילות צו מיטאָג דער-לאַנגען די האַנט דער מוטער; אָבער זי האָט געפאָדערט, אַז ער זאָל מיר געבן די צווייטע האַנט, און רעגולער יעדן טאָג פלעגן מיר זיך דריקן און פלאָנטערן אין דער טיר. די פּאָרזיצערין צו מיטאָג איז געווען ווידער די מאַמעשע, און אַ שמועס האָט מען געפירט אַן אָנשטענדיק-סאָלידן און אַ ביסל אַ פייערלעכן. מיינע און דעם מאַנס פשוטע ווערטער האָבן אָנגענעם געשטערט די פייער-לעכקייט פון די דאָזיקע מיטאָג-זיצונגען. צווישן דעם זון מיט דער מוטער פלעגן זיך אַמאָל אָנהויבן אַמפּערייען און אַ שפּאַסן איינע פון די אַנדערע, מחמת דווקא אין דעם האָט זיך שטאַרקער פאַר אַלץ אויסגעדריקט די צאַרטע און די פעסטע ליבע, וועלכע האָט זיי פאַרבונדן. נאָך מיטאָג פלעגט זיך די maman זעצן אין גאַסט-צימער אין אַ גרויסן פאָטעל און רייבן טאַבאַק, אָדער פונאַנדער-שניידן די בלעטער פון די ניי-אָנגעקומענע ביכער, און מיר האָבן געלייענט הויך, אָדער מיר זיינען געגאַנגען אין דיוואַן-צימער צו דער פּאָרטעפּיאַנע. מיר האָבן יענע צייט פיל געלייענט צוזאַמען, נאָר

מוזיק איז געווען אונזער געליבטסטער און בעסטער תענוג, וואָס פלעגט אַרויסרופן יעדעס מאָל נייע סטרונעס אין אונזערע הערצער און גלייך ווי פון ס'ניי אַנטפלעקן אונז איינע פאַר די אַנדערע. בשעת איך האָב געשפּילט זיינע געליבטע זאַכן, פלעגט ער זיך זעצן אויף אַ ווייטן דיוואַן, פונוואַנען איך האָב אים כמעט ניט גע-קענט זען, און צוליב דער שעמעוודיקייט פון דעם געפיל האָט ער זיך געמיט צו פאַרהוילן דעם איינדרוק, וואָס די מוזיק האָט אויף אים געמאַכט. אָבער אָפט, ווען ער האָט עס ניט דערוואַרט, פלעג איך אויפשטיין פון דער פאָרטעפּיאַנע, צוגיין צו אים און סטאַרען דערוויסן אויף זיין געזיכט די שפּורן פון דער צערודערט-קייט, דעם אומנאַטירלעכן גלאַנץ און די פייכטקייט אין די אויגן, וועלכע ער האָט אומזיסט זיך באַמיט צו באַהאַלטן פון מיר. דער מאַמעשי האָט זיך אָפט געוואָלט אַ בליק טאָן אויף אונז אין דיוואַן-צימער. נאָר מסתמא האָט זי מורא געהאַט צו שטערן אונז און אָפּטמאָל, כלומרשט ניט קוקנדיק אויף אונז, פלעגט זי דורכ-גיין דורך דעם צימער מיט אַ געמאַכט-ערנסטן און גלייכגילטיקן פּנים; אָבער איך האָב געוואוסט, אַז זי האָט גאָרניט געהאַט צוליב וואָס צו גיין צו זיך און אַזוי שנעל אומצוקערן זיך. דעם אָוונטיקן טיי פלעג איך אָנגיסן אין דעם גרויסן גאַסטזאַל, און ווידער פלעגן זיך אַלע שטוביקע פאַרזאַמלען אַרום טיש. די דאָזיקע פייערלעכע זיצונג אַנטקעגן דעם שפּיגל פונם סאַמאָוואַר און דאָס פונאַנדערטיילן די גלעזער און די קריגעלעך האָט מיך אַ לאַנגע צייט געבראַכט אין פאַרווירונג. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז איך פאַר-דין נאָך ניט דעם דאָזיקן כבוד, אַז איך בין צו-יונג און לייכט-זיניק, כדי צו דרייען דעם קראַן פון אַזאַ גרויסן סאַמאָוואַר, צו שטעלן די גלאָז צו ניקיטען אויפן טאַץ און זאָגן: „פּיאָטר איוואַ-נאָוויטש, מאַריע מיניטשנען", פרעגן: „ס'איז זיס?" און לאָזן שטיק-לעך צוקער פאַר דער ניאַניע און פאַר די מענטשן מיט פאַרדינסטן. „וואויל, וואויל, — פלעגט דער מאַן אָפט זאָגן, — פונקט ווי אַ גרויסע". און דערפון פלעג איך נאָך מער צעמישט ווערן.

נאָך טיי פלעגט די maman אויסלייגן אַ פּאַסיאַנס, אָדער הערן ווי מאַריע מיניטשנע טרעפט אין קאָרטן, נאָכדעם פלעגט זי

קושן און צלמען אונז ביידן, און מיר פלעגן אַוועקגיין צו זיך. גרעסטן טייל אָבער פלעגן מיר זאַלבענאַנד אָפּזיצן ביז נאָך האַלבער נאַכט, און דאָס איז געווען די בעסטע און אָנגענעמסטע צייט. ער פלעגט מיר דערציילן וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט, מיר האָבן געבויט פּלענער, אַמאָל פילאָסאָפירט, און האָבן זיך געסטאַרעט אַלץ ריידן שטילינקערהייט, כדי מען זאָל ניט דערהערן אויבן און ניט מעלדן טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונען, וועלכע האָט געפאָדערט, אַז מיר זאָלן זיך לייגן שלאָפן פרי. אַמאָל פלעגן מיר, אויסהונגערנדיק זיך, שטילינקערהייט גיין אין בופעט און קריגן אַ קאַלטן אָוונטברויט מיט דער פּראָטעקציע פון ניקיטען און איפּעסן אים שטייענדיקערהייט פאַר איין ליכט ביי מיר אין קאַבינעט. איך און ער האָבן געלעבט גלייך ווי פרעמדע אין דעם דאָזיקן אַלטן הויז, אין וועלכן עס איז איבער אַלץ געשטאַנען דער גייסט פון פאַרצייטן און פון טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונען. ניט נאָר זי, נאָר די מענטשן, די אַלטע מיידלעך, די מעבל, די בילדער האָבן אַרויסגערופן אַכטונג, אַ געוויסע מורא און דעם באַוואוסטזיין, אַז איך און ער זיינען דאָ אַ ביסל ניט אויפן אָרט, און אַז מיר דאַרפן דאָ לעבן זייער פאָרזיכטיק און אויפמערקזאַם. ווען איך דערמאָן מיך איצט, זע איך, אַז אַ פולע זאַכן — אי די דאָזיקע בינדנדיקע אומענדערלעכע אָרנונג, אי דער תהום מיט פוסטעפּאַסנע און נייגעריקע מענטשן אין אונזער הויז — זיינען געווען אומבאַקוועם און שווער; אָבער דעמאָלסט האָט די דאָזיקע געדריקטקייט גופא נאָך מער באַלעבט אונזער ליבע. ניט נאָר איך, נאָר אַפילו ער, האָט ניט געלאָזט מערקן, אַז עפּעס וואָס געפעלט אים ניט. פאַרקערט, ער האָט זיך אַפילו גלייך ווי אַליין באַהאַלטן פון דעם, וואָס עס איז געווען ניט גוט. דער מאַמעשים לאָקיי דמיטרי סידאָראָוו, אַ גרויסער בעלן אויף אַ ליולקע, פלעגט יעדן טאָג נאָך מיטאָג, בעת מיר פלעגן זיין אין דיוואַןצימער, גיין אין דעם מאַנס קאַבינעט נעמען ביי אים טאַבאַק פון קעסטל; און מ'האָט געדאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַ פריילעכער מורא סערגיי מיכאַילימש פלעגט אויף די שפּיצן פינגער צוגיין צו מיר און דראָענדיק מיטן פינגער און ווינקענדיק מיט די אויגן אָנווייזן אויף דמיטרי סידאָראָוון, וועלכער האָט כלל ניט חושד געווען, אַז מען זעט אים.

און אַז דמיטרי סודאַראָוו פֿלעגט אַוועקגיין ניט באַמערקנדיק אונדז, פֿלעגט דער מאַן, פֿון פֿרייד, וואָס אַלץ האָט זיך געענדיקט גוט, זאָגן, ווי בײַ יעדער אונזער פֿאַל, אַז איך בין אַ פּראַכט, און ער פֿלעגט מיך קושן. אַמאָל פֿלעגט מיר די דאָזיקע רויִקייט, פֿאַרגעבונג און, דאַכט זיך, גלײַכגילטיקייט צו אַלץ ניט געפֿעלן זײַן, און איך האָב ניט באַמערקט, אַז אין מיר איז געווען דאָס זעלביקע, און האָב דאָס געהאַלטן פֿאַר שוואַכקייט. „פּונקט ווי אַ קליין קינד, וואָס דערלויבט זיך ניט אַרויסצוווײַזן זײַן ווילן!“ האָב איך געטראַכט.

— אַך, מײַן פֿרײַנד, — האָט ער מיר געענטפֿערט, ווען איך האָב אים איינמאָל דערציילט, אַז מיר געפֿעלט ניט זײַן שוואַכקייט, — מען קאָן, אַפֿנים, זײַן מיט עפּעס אומצופֿרידן, בשעת מען איז אַזוי גליקלעך, ווי איך? ס'איז לײַכטער אַליין נאָכצוגעבן, איידער צו ברעכן אַנדערע, אין דעם האָב איך מיך שוין לאַנג איבערצײַגט; און ס'איז ניטאָ אַזאַ לאַגע, אין וועלכער מען זאָל ניט קענען זײַן גליקלעך. און אונדז איז דאָך אַזוי גוט! איך קען ניט זײַן אין כּעס; פֿאַר מיר איז איצט ניטאָ קיין בייז, פֿאַראַן נאָר קלאָגעדיקס און לעכערלעכס. און דער עיקר — le mieux est l'ennemi du bien[1]. דו וועסט מיר גלויבן, בעת איך דערהער אַ גלעקל, באַקום אַ בריוו, בעת איך כאַפּ מיך אויף, ווערט מיר שרעקלעך. שרעקלעך, וואָס מען דאַרף לעבן, וואָס עפּעס וועט זיך ענדערן; און בעסער, איידער איצטער קען ניט זײַן.

איך האָב געגלויבט, נאָר איך האָב אים ניט פֿאַרשטאַנען. מיר איז געווען גוט, אָבער ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַלץ דאַרף זײַן אַזוי און ניט אַנדערש, און ס'איז אַלעמאָל מיט אַלעמען אַזוי, נאָר אַז עס איז פֿאַראַן דאָרט, ערגעץ־וואו, נאָך אַן אַנדער גליק, ניט קיין גרעסערס, נאָר אַן אַנדערס.

אַזוי זײַנען אַריבער צוויי חדשים, ס'איז געקומען דער ווינטער מיט זײַנע קעלטן און מעטעליצעס, און ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען מיט מיר, האָב איך זיך אָנגעהויבן צו פֿילן איינזאַם,

[1] אַז ס'איז גוט, ניט זוך קיין בעסערס.

כ'האָב אָנגעהויבן פילן, אַז דאָס לעבן חורט זיך איבער, און ניט אין מיר, ניט אין אים איז ניטאָ קיין נייס און אַז, פאַרקערט, גלייך ווי מיר וואָלטן זיך אומגעקערט צום אַלטן. ער האָט אָנגעהויבן אָן מיר פאַרנעמען זיך מיט די געשעפטן מער איידער פריער, און ווידער האָט זיך מיר אָנגעהויבן דאַכטן, אַז אין זיין נשמה איז פאַראַן עפּעס אַן אַנדערע, אַ באַזונדערע וועלט, אין וועלכער ער וויל מיך ניט אַריינלאָזן. זיין שטענדיקע רויִקייט האָט מיך גערייצט. איך האָב אים ליב געהאַט ניט ווייניקער איידער פריער, און ניט ווייניקער איידער פריער בין איך געווען גליקלעך מיט זיין ליבע, נאָר די ליבע מיינע האָט זיך אָפּגעשטעלט, און איז מער ניט געוואַקסן, און חוץ דער ליבע האָט עפּעס אַ נייער אומרויִקער געפיל אָנגעהויבן אַריינצוגנבענען זיך צו מיר אין דער נשמה. פאַר מיר איז ווייניק געווען ליב צו האָבן נאָך דעם, ווי איך האָב איבערגעלעבט דאָס גליק, ליב צו באַקומען אים. מיר האָט זיך געוואָלט באַוועגונג, און ניט אַ רויִקן שטראָם פון לעבן, מיר האָט זיך געוואָלט אויפרעגונג, סכנות און זעלבסטאָפּפערונג פאַרן געפיל. אין מיר איז געווען אַן איבערפלוס פון כוח, וואָס האָט ניט געפונען קיין אָרט אין אונזער שטילן לעבן. אויף מיר פלעגן אָנפאַלן איסברוכן פון בענקשאַפט, וועלכע איך האָב, ווי עפּעס שלעכטס, מיך באַמיט צו פאַרבאָרגן פון אים, און אויסברוכן פון אומגעהייערער צערטלעכקייט און פריילעכקייט, וועלכע האָבן אים געשראָקן. ער האָט נאָך פריער פאַר מיר באַמערקט מיין צושטאַנד און האָט פאָרגעלייגט צו פאָרן אין שטאָט. אָבער איך האָב אים געבעטן, ניט צו פאָרן און ניט צו ענדערן אונזער לעבנסשטייגער, ניט צו שטערן אונזער גליק. און באמת, איך בין געווען גליקלעך. נאָר מיך האָט געפייניקט דאָס, וואָס דאָס גליק האָט מיר קיין מי ניט געקאָסט, קיין קרבן. בעת די קרעפטן פאַר מי און קרבנות האָבן מיך געמאַטערט. איך האָב אים ליב געהאַט, און האָב געזען, אַז איך בין פאַר אים אַלץ; נאָר מיר האָט זיך געוואָלט, אַז אַלע זאָלן זען אונזער ליבע, אַז מען זאָל מיר שטערן ליבן, און איך זאָל אים פונדעסטוועגן ליבן. מיין שכל, און אַפילו מיין געפיל זיינען געווען באַשעפטיקט, נאָר עס איז געווען אַן אַנדער געפיל

פון יונגקייט, פון דער באַדערפעניש צו באַוועגונג, וועלכע האָבן ניט געפונען קיין באַפרידיקונג אין אונזער שטילן לעבן. צו=וואָס האָט ער מיר געזאָגט, אַז מיר קענען פאָרן אין שטאָט, ווען נאָר מיר וועט זיך עס פאַרוועלן? ווען ער וואָלט עס מיר ניט געזאָגט, קען זיין, וואָלט איך פאַרשטאַנען, אַז דער געפיל, וואָס מאַטערט מיך, איז אַ שעדלעכע נאַרישקייט, אַז מיין שולד איז, וואָס דער קרבן, וועלכן איך האָב געזוכט, איז דאָ געווען פאַר מיר אין דעם דערדריקן דעם דאָזיקן געפיל. דער געדאַנק, אַז איך קען מיך ראַ= טעווען פון דער בענקשאַפט, נאָר אַריבערפאָרנדיק אין שטאָט, איז מיר ניט ווילנדיק געקומען אויפן זינען; און צוזאַמען דערמיט איז מיר געווען אַ שאָדן און אַ פיין פאַרן געוויסן אָפּצורייסן אים צוליב זיך פון אַלץ, וואָס ער האָט געליבט. און די צייט איז געגאַנגען. דער שניי האָט אַלץ מער און מער פאַרשאָטן די ווענט פון הויז, און מיר זיינען אַלץ געווען אַליין און אַליין, און אַלץ די זעלביקע זיינען מיר געווען איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. און דאָרט ערגעץ אין גלאַנץ, אין גערויש האָבן זיך געקאָכט, געליטן און געפרייט המונים מענטשן, ניט טראַכטנדיק וועגן אונז און וועגן אונזער פאַרגייענדיקן עקסיסטירן. ערגער פאַר אַלץ איז פאַר מיר געווען דאָס, וואָס איך האָב געפילט, ווי וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ מער פאַרשמידן די לעבנסגעוויינהייטן אונזער לעבן אין איין באַ= שטימטער פאָרמע, ווי אונזער געפיל ווערט ניט פריי, נאָר ער גיט זיך אונטער דעם גלייכן אומליידנשאַפטלעכן שטראָם פון דער צייט. אינדערפרי פלעגן מיר זיין פריילעך, צו מיטאָג אַכטונגספול, אינאָוונט צערטלעך. „גוטס! — האָב איך זיך געזאָגט, — עס איז גוט צו טאָן גוטס און לעבן ערלעך, ווי ער זאָגט; אָבער דאָס וועלן מיר נאָך באַווייזן, אָבער עס איז פאַראַן עפעס אַזוינס, אויף וואָס איך האָב נאָר איצט כוח“. ניט דאָס האָב איך געדאַרפט, איך האָב געדאַרפט קאַמף; איך האָב געדאַרפט, אַז דער געפיל זאָל אונז אָנפירן אין לעבן, און ניט דאָס לעבן זאָל אָנפירן דעם געפיל. מיר האָט זיך געוואָלט צוגיין מיט אים צוזאַמען צו אַ תהום און זאָגן: אָט איין טריט, איך וואַרף מיך אַהין אַריין, אָט אַ באַוועגונג, און איך בין פאַרלאָרן, — און אַז ער זאָל, בלאַס

ווערנדיק אויפֿן ראַנד פֿון דעם אָפּגרונט, נעמען מיך אין זיינע הענט און צוהאַלטן מיך איבער אים אַזוי, אַז מיר זאָל אין האַרצן אַ ציטער טאָן, און ער זאָל מיך אַוועקטראָגן, וואוהין ער וויל.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אַפֿילו געווירקט אויף מיין געזונט, און איך האָב אָנגעהויבן ווערן נערוועז. איין פֿרימאָרגן איז מיר געווען ערגער ווי געוויינלעך; ער האָט זיך אומגעקערט פֿון דער קאָנטאָר אין אַ שלעכטער שטימונג, וואָס עס פֿלעגט מיט אים זעלטן פֿאַסירן. איך האָב עס גלייך באַמערקט און געפֿרעגט, וואָס איז אים? נאָר ער האָט מיר ניט געוואָלט זאָגן, דערקלערנדיק, אַז עס לוינט ניט. ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, האָט דער איספּראַווניק פֿאַררופֿן אונזערע פּויערים און מחמת זיין אומפֿריינדשאַפֿטלעכקייט צו דעם מאַן, האָט ער פֿון זיי געפֿאָדערט עפּעס אומגעזעצלעכס און האָט זיי געדראָעט. דער מאַן האָט עס אַליין ניט געקאָנט איבערקאָכן אַזוי, אַז עס זאָל אַליין נאָר אַרויסקומען לעכערלעך און נישטיק, איז געווען צערייצט, און דעריבער האָט ער מיט מיר ניט געוואָלט ריידן. אָבער מיר האָט אויסגעוויזן, אַז ער וויל מיט מיר ניט ריידן דערפֿאַר, וואָס ער האָט מיך געהאַלטן פֿאַר אַ קליין קינד, וואָס קאָן ניט פֿאַרשטיין דאָס, וואָס עס אינטערעסירט אים. איך האָב מיך פֿון אים אָפּגעקערט, בין אַנטשוויגן געוואָרן און געהייסן איינלאַדן צו טיי מאַריע מיניטשנען, וועלכע איז ביי אונז געווען צו גאַסט. נאָכן טיי, וועלכן איך האָב געענדיקט באַזונדער שנעל, האָב איך אַוועקגעפֿירט מאַריע מיניטישנען אין דיוואַן-צימער און אָנגעהויבן הויך צו ריידן מיט איר וועגן עפּעס אַ נאַרישקייט, וועלכע איז פֿאַר מיר געווען לגמרי ניט אינטערעסאַנט. ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער, קוקנדיק אויף אונז פֿון צייט צו צייט. די דאָזיקע בליקן האָבן עפּעס איצט אויף מיר אַזוי געווירקט, אַז מיר האָט זיך אַליין מער און מער געוואָלט ריידן און אַפֿילו לאַכן. מיר האָט אויסגעוויזן קאָמיש אַליין, וואָס איך האָב אַליין גערעדט, און אַליין, וואָס מאַריע איליניטשנע האָט גערעדט. גאָרניט זאָגנדיק מיר, איז ער גאָר אַוועק צו זיך אין קאַבינעט און האָט הינטער זיך פֿאַרמאַכט די טיר. ווי נאָר מען האָט אים מער ניט געהערט, איז תּיכּף מיין גאַנצע פֿריילעכקייט פּלוצלונג פֿאַרביי,

אַזוי, אַז מאַריע איליניטשנע האָט זיך פאַרוואונדערט און גענומען פרעגן, וואָס איז מיר געשען. ניט ענטפערנדיק איר, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויפן דיוואַן און מיר האָט זיך פאַרוואָלט וויינען. „וואָס נאָר טראַכט ער דאָרט אַזוי? — האָב איך געטראַכט. — עפעס אַ נאַרישקייט, וואָס אים דאַכט זיך אויס וויכטיק; זאָל ער נאָר פרוּוון מיר זאָגן, וועל איך אים דערוויזן, אַז ס'זיינען אַלץ פוסטע זאַכן. ניין, ער דאַרף טראַכטן, אַז איך וועל ניט פאַרשטיין, ער דאַרף מיך דערנידעריקן מיט זיין שטאָלצער רויִקייט, און אַלעמאָל בלייבן גערעכט אַנטקעגן מיר. דערפאַר בין איך גערעכט, וואָס מיר איז אומעטיק, פוסט, וואָס איך וויל לעבן, באַוועגן זיך, — האָב איך געטראַכט, — און ניט שטיין אויף איין אָרט און פילן ווי די צייט גייט אַריבער איבער מיר. איך וויל גיין פאָרויס, אין יעדן טאָג און אין יעדער שעה וויל איך נייס, און ער וויל בלייבן שטיין, און מיך לאָזן שטיין אויף איין אָרט צוזאַמען מיט זיך. און ווי לייכט דאָס וואָלט פאַר אים געווען! ער וואָלט מיך צוליב דעם גאָרניט געדאַרפט פירן אין שטאָט, דערצו קלעקט, ער זאָל זיין אַזאַ ווי איך, ניט ברעכן זיך, ניט אָפּהאַלטן זיך, נאָר לעבן פשוט. דאָס גופא ראַט ער מיר, און אַליין איז ער ניט פּראָסט. אָט=וואָס!"

איך האָב געפילט, אַז טרערן קומען מיר צו צום האַרצן, און אַז איך בין צערייצט קעגן אים. איך האָב מיך פאַר דער דאָזיקער צערייצטקייט דערשראָקן און בין אַוועק צו אים. ער איז געזעסן אין קאַבינעט און האָט געשריבן. דערהערט מיינע טריט, האָט ער זיך אויף אַן אויגנבליק אומגעקוקט גלייכגילטיק, רויִק און האָט ווייטער געשריבן. דער בליק איז מיר ניט געפעלן געוואָרן; אַנשטאָט צו גיין צו אים, האָב איך מיך געשטעלט לעבן טיש, אויף וועלכן ער האָט געשריבן, געעפנט אַ בוך און גענומען קוקן אין דעם. ער האָט זיך נאָך אַמאָל אָפּגעריסן און אַ בליק געטאָן אויף מיר.

— מאַשע! דו ביסט ניט אויפגעלייגט.

איך האָב געענטפערט מיט אַ קאַלטן בליק, וואָס האָט גערעדט: „ניטאָ וואָס צו פרעגן! וואָס פאַר אַ העפלעכקייטן?" ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ניט זיכער, צערטלעך אַ שמייכל גע-

טאָן, אָבער דאָס ערשטע מאָל האָט מיין שמייכל זיך ניט אָפּגע־רופן אויף זיין שמייכל.

— וואָס איז ביי דיר היינט געשען? — האָב איך געפרעגט, — פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט?

— פוסטע זאַכן! אַ קליינינקע אומאָנגענעמלעכקייט, — האָט ער געענטפערט. — אָבער איצט קען איך דיר דערציילן. צוויי פוי־ערים זיינען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין...

אָבער איך האָב אים ניט געלאָזן ענדיקן.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו מיר ניט דערציילט דעמאָלסט נאָך, בעת איך האָב דיך געפרעגט ביים טיי?

— איך וואָלט דיר געזאָגט אַ נאַרישקייט, איך בין דע־מאָלסט געווען אין כעס.

— דעמאָלסט טאַקע האָב איך עס געדאַרפט.

— צו־וואָס?

— פאַרוואָס מיינסטו, אַז איך קען דיר קיינמאָל אין גאָרניט העלפן?

— וואָס הייסט איך מיין? — האָט ער געזאָגט אַוועקוואַרפנ־דיק די פעדער, — איך מיין, אַז איך קען אָן דיר ניט לעבן ניט נאָר דו העלפסט מיר אין אַלץ, אין אַלץ, נאָר דו טוסט אַלץ. אָט אַ ביסל געטראָפן! — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט. — איך לעב נאָר מיט דיר. מיר ווייזט אַלץ אויס גוט נאָר דערפאַר, וואָס דו ביסט דאָ, וואָס דיך דאַרף איך....

— יאָ, דאָס וויים איך, איך בין אַ ליבלעך קינד, וואָס מען באַדאַרף עס באַרויקן, — האָב איך געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, אַז ער האָט פאַרוואונדערט, גלייך ווי דאָס ערשטע מאָל עפּעס דערזען, אַ בליק געטאָן אויף מיר. — איך וויל ניט קיין רויקייט, גענוג איז עס פאַראַן אין דיר, זייער גענוג, — האָב איך צוגעגעבן.

— נו, זעסטו, אום וואָס דאָ גייט, — האָט ער אָנגעהויבן איילנדיק, איבערשלאָגנדיק מיך, אַפּנים מורא געהאַט לאָזן מיר אַלץ אַרויסזאָגן, — ווי וואָלסטו עס אָנגענומען?

— איצט וויל איך ניט, — האָב איך געענטפערט. מיר האָט זיך טאַקע זייער געוואָלט הערן אים, נאָר מיר איז אַזוי אָנגענעם

געווען צו צעשטערן זיין רויִקייט. — איך וויל ניט שפּילן. איך וויל לעבן, — האָב איך געזאָגט, — פּונקט אַזוי ווי דו.

אויף זיין געזיכט, אויף וועלכן אַליץ האָט זיך אַזוי שנעל און לעבעדיק אָפּגעשפּיגלט, האָט זיך אויסגעדריקט אַ ווייטאָג, און אַ פאַרשטאַרקטע אויפמערקזאַמקייט.

— איך וויל לעבן מיט דיר גלייך, מיט דיר...

אָבער איך האָב ניט געקענט ענדיקן: אַזאַ טרויער, אַ טיפער טרויער האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין געזיכט. ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

— מיט וואָס־זשע לעבסטו דען ניט גלייך מיט מיר? — האָט ער געזאָגט, — מיט דעם, וואָס איך און ניט דו האָב צו טאָן מיטן איספּראַווניק און מיט די שיכורע פּויערים...

— ניט נאָר דערמיט אַליין, — האָב איך געזאָגט.

— אום גאָטס ווילן פאַרשטיי מיך, מיין פריינד, — האָט ער ווייטער גערעדט. — איך ווייס, אַז פון אומרויִקייטן טוט אונז שטענדיק וויי, איך האָב געלעבט און האָב זיך עס דערוואוסט. איך ליב דיך און, פאָלגלעך, קאָן איך ניט ניט וועלן באַפרייען דיך פון אומרויִקייטן. אין דעם איז מיין לעבן, אין דער ליבע צו דיר — בכן, שטער מיר ניט צו ליבן.

— דו ביסט אַלעמאָל גערעכט! — האָב איך געזאָגט ניט קוקנדיק אויף אים.

מיר איז געווען פאַרדראָסיק, וואָס ווידער איז ביי אים אין דער נשמה אַליץ העל און רויִק, בשעת אין מיר איז געווען פאַרדראָס און אַ געפיל אַ ענלעכער צו חרטה.

— מאַשע? וואָס איז מיט דיר? — האָט ער געזאָגט. — עס רעדט זיך ניט וועגן דעם, צי איך, אָדער דו ביסט גערעכט, נאָר גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. וואָס האָסטו קעגן מיר? ניט גלייך פאַר־אַמאָל זאָג, טו אַ טראַכט און זאָג מיר אַליץ, וואָס דו טראַכסט. דו ביסט מיט מיר ניט צופרידן, און דו ביסט זיכער גערעכט, נאָר לאָז מיך פאַרשטיין, אין וואָס בין איך שולדיק.

נאָר ווי האָב איך אים געקענט אַרויסזאָגן מיין נשמה? דאָס, וואָס ער האָט אַזוי גלייך מיך פאַרשטאַנען, וואָס ווידער אַמאָל בין

איך אויסגעקומען אַ קינד לגבי אים, וואָס איך האָב גאָרניט געקענט טאָן אַזוינס, וואָס ער זאָל ניט פאַרשטיין און ניט פאָרויסזען, האָט מיך נאָך מער אויפגערעגט.

— איך האָב קעגן דיר גאָרניט, — האָב איך געזאָגט, — פשוט, מיר איז לאַנגווייליק און עס ווילט זיך, אַז עס זאָל ניט זיין לאַנגווייליק. אָבער דו זאָגסט, אַז אַזוי דאַרף זיין, און ווידער ביסטו גערעכט!

איך האָב עס געזאָגט און אַ בליק געטאָן אויף אים. איך האָב דערגרייכט מיין ציל, זיין רויקייט איז פאַרשוואונדן, מורא און ווייטאָג זיינען געווען אויף זיין פנים.

— מאַשע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטילן, צערודערטן קול, דאָס איז ניט קיין שפּאַס, וואָס מיר טוען איצט. איצט ווערט באַשלאָסן אונזער גורל. איך בעט דיך גאָרניט ענטפערן מיר און אויסהערן. פאַרוואָס ווילסטו מיך מאַטערן?

אָבער איך האָב אים איבערגעשלאָגן.

— איך ווייס, דו וועסט בלייבן גערעכט, רייד בעסער ניט, דו ביסט גערעכט, — האָב איך געזאָגט קאַלט, גלייך ווי ניט איך, נאָר עפּעס אַ בייזער גייסט האָט גערעדט אין מיר.

— ווען דו וואָלסט וויסן, וואָס דו טוסט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע.

איך האָב מיך פונאַנדערגעוויינט און מיר איז געוואָרן לייכטער. ער איז געזעסן לעבן מיר און האָט געשוויגן. מיר איז געווען אי אַ רחמנות אויף אים, אי אַ פאַרדראָס אויף זיך, וואָס איך האָב געטאָן. איך האָב אויף אים ניט געקוקט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער דאַרף אָדער שטרענג, אָדער פאַרוואונדערט קוקן אויף מיר אין דער רגע. איך האָב מיך אומגעקוקט: אַ מילדער, צערטלעכער בליק, גלייך ווי בעטנדיק פאַרצייונג, איז געווען אויסגעשטעלט אויף מיר. איך האָב אים גענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— זיי מיר מוחל! איך ווייס אַליין ניט, וואָס איך האָב גערעדט.

— יאָ, אָבער איך ווייס, וואָס דו האָסט גערעדט, און דו האָסט גערעדט אמת.

— וואָס? — האָב איך געפרעגט.

— אַז מיר האָבן פאָרן קיין פּעטערבורג, — האָט ער געזאָגט. — דאָ האָבן מיר ניט, וואָס צו טאָן.

— ווי דו ווילסט, — האָב איך געזאָגט.

ער האָט מיך אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן.

— זיי מיר מוחל, — האָט ער געזאָגט. — איך בין שולדיק אַנטקעגן דיר.

דעם אָוונט האָב איך לאַנג געשפּילט פאַר אים, און ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער און האָט עפּעס געשעפּטשעט. ער האָט געהאַט אַ טבע צו שעפּטשען, און איך האָב ביי אים אָפט געפרעגט, וואָס שעפּטשעט ער, און ער פלעגט אַלעמאָל, אַ ביסל אַ טראַכט טוענדיק, זאָגן פּונקט דאָס, וואָס ער האָט געשעפּטשעט. גרעסטן טייל פערזן, און אָפטמאָל פּוסטע זאַכן, נאָר אַזעלכע פּוסטע זאַכן, לויט וועלכע איך האָב געוואוסט זיין שטימונג.

— וואָס שפּילסטו היינט? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ טראַכט געטאָן און שמייכלענדיק געענטפערט מיט צוויי פערזן פון לערמאָנטאָוו:

... און ער, מטורף, בעט אַ שטורעם,
גלייך ס'איז אין שטורעם רו פאַראַן!

„ניין, ער איז מער, איידער אַ מענטש; ער וויים אַליין! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן; — ווי קאָן מען אים ניט ליבן!"

איך בין אויפגעשטאַנען, גענומען אים פאַר דער האַנט און אָנגעהויבן מיט אים צוזאַמען אַרומצוגיין, מיענדיק זיך צו גיין מיט אים טריט אין טריט.

— יאָ? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שמייכל קוקנדיק אויף מיר.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט שפּילנדיק; און עפּעס אַ פריילעכע שטימונג האָט אונז ביידן אָנגעכאַפּט, אונזערע אויגן האָבן געלאַכט, און מיר האָבן די טריט געמאַכט אַלץ גרעסער און גרעסער און אַלץ מער און מער האָבן מיר זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער. און מיט דעם זעלביקן טריט זיינען מיר, צו גרי-

גאַרים גרויסן פאַרדראָס און צו דער גרויסער פאַרוואונדערונג פון דער מאַמעשי, וועלכע האָט אין גאַנצן אויסגעלייגט אַ פּאַסיאַנס, דורך אַלע צימערן אַוועק אין עסצימער און דאָרט געבליבן שטיין, אַ בליק געטאָן איינע די אַנדערע אין די אויגן און זיך פונאַנדערגעלאַכט.

אין צוויי וואָכן אַרום, פאַר די חגאות, זיינען מיר געווען אין פעטערבורג.

.VII

אונזער נסיעה קיין פעטערבורג, אַ וואָך אין מאָסקווע, זיינע, מיינע קרובים, דאָס איינאָרדענען זיך אויף אַ נייער קוואַרטיר, דער וועג, נייע שטעט, מענטשן, — דאָס אַלץ איז פאַרביי ווי אַ חלום. דאָס אַלץ איז געווען אַזוי פאַרשיידנאַרטיק, ניי, פריילעך, דאָס אַלץ איז געווען אַזוי וואַרעם און העל באַשיינט מיט זיין אָנוועזנהייט, מיט זיין ליבע, אַז דאָס שטילע דאָרפישע לעבן האָט מיר אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַמאָליקס און נישטיקס. אָנשטאָט דער גרויסוועלטיקער גאווה און קאַלטקייט, וועלכע איך האָב דערוואַרט צו געפינען אין מענטשן, האָבן מיך צו מיין גרויסן וואונדער אַלע באַגעגנט אַזוי ניט געקינצלט פריינדלעך און פריידיק (ניט בלויז די קרובים, נאָר אפילו די באַקאַנטע), אַז עס האָט אויסגעוויזן, זיי האָבן נאָר געטאָן און געטראַכט וועגן מיר, נאָר אויף מיר געוואַרט, כדי זיי אַליין זאָלן זיין גוט. דאָס זעלבע איז אומדערוואַרט געווען אין דעם קרייז פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט מיר אויסגעוויזן פאַר דער בעסטער; ביי דעם מאַן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פיל באַקאַנטע, וועגן וועלכע ער האָט מיר קיינמאָל ניט דערציילט; און אָפטמאָל פלעגט מיר זיין משונה און אומאָנגענעם צו הערן פון אים שטרענגע אורטיילונגען וועגן אייניקע פון די דאָזיקע מענטשן, וועלכע האָבן מיר אויסגעוויזן אַזעלכע גוטע. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז ער זיך מיט זיי אַזוי טרוקן באַגאַנגען און האָט זיך געמיט אויסצומיידן פיל באַקאַנטשאַפטן, וועלכע האָבן מיר אויסגעוויזן ווי אַ כבוד. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז וואָס מער מען קען גוטע מענטשן, איז אַלץ בעסער, און אַלע זיינען געווען גוטע.

— זעסטו, ווי מיר וועלן זיך אײַנאָרדענען, — האָט ער געזאָגט אײדער מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן פון דאָרף: — דאָ זײַנען מיר קלײנינקע קרעזן, און דאָרט וועלן מיר זײַן זײער ניט קײן רײַכע, און דעריבער וועט מען אין שלאָס דאַרפן לעבן נאָר ביז פּאַסכע, און ניט פאָרן אין דער געזעלשאַפט, אויב ניט, וועלן מיר זיך פאַרפּלאָנטערן; אַגב וואָלט איך צוליב דיר אויך ניט וועלן...

— צו=וואָס די געזעלשאַפט? — האָב איך געפרעגט. — מיר וועלן נאָר אַ בליק טאָן אויף די טעאַטערן, אויף די קרובים, הערן די אָפּערע און גוטע מוזיק און נאָך פריער אײדער אויף פּאַסכע וועלן מיר זיך אומקערן אין דאָרף.

אָבער ווי נאָר מיר זײַנען געקומען קײן פּעטערבורג, זײַנען די דאָזיקע פּלענער תּיכּף פאַרגעסן געוואָרן. איך האָב מיך פּלוצלונג דערזען אין אַזאַ נײַער גליקלעכער וועלט, אַזוי פיל פרײדן האָבן מיך אַרומגעכאַפּט, אַזײנע נײַע אינטערעסן האָבן זיך פאַר מיר באַוויזן, אַז איך האָב מיך תּיכּף, הגם אַפילו אומבאַוואוסטזיניק, אָפּגעזאָגט פון דער גאַנצער פאַרגאַנגענהײט מײַנער און פון אַלע פּלענער פון דער דאָזיקער פאַרגאַנגענהײט. „יענץ איז אַלץ געווען אַזוי זיך אַ שפּאַס, עס האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן, און אָט איז ערשט דאָס אמתע לעבן! און וואָס אַזוינס וועט נאָך זײַן?“ האָב איך געטראַכט. די אומרויִקײט און דער אָנהײב פון דער בענקשאַפט, וועלכע האָבן מיר געשטערט אין דאָרף, זײַנען פּלוצלונג ווי דורך אַ כּישוף לגמרי פאַרשוואונדן. די ליבע צום מאַן איז געוואָרן אַ רויִקע, און מיר איז דאָ קײנמאָל ניט אַרויסגעקומען אויפן געדאַנק, אפשר ליבט ער מיך ווײניקער? און איך האָב אַפילו ניט געקענט צווײפלען אין זײַן ליבע, יעדן געדאַנק מײַנעם האָט תּיכּף באַגעגנט פאַרשטענדעניש, יעדער געפיל איז געווען געטײלט, יעדער וואונטש — דערפילט דורך אים. זײַן רויִקײט איז דאָ פאַרשוואונדן. אָדער זי האָט מיך מער ניט געבריצט. דערצו האָב איך געפילט, אַז חוץ זײַן פרײַדיקער ליבע צו מיר, שפּיגלט ער זיך נאָך דאָ אין מיר. אָפּטמאָל, נאָך אַ וויזיט, אַ נײַער באַקאַנטשאַפט, אָדער אַן אָוונט בײַ אונז, אויף וועלכן איך פלעג אינערלעך ציטערן פון

מורא, טאָמער באַגיי איך אַ פעלער, דערפילן די פליכטן פון אַ באַלעבאָסטע, פלעגט ער זאָגן: „אַי, אַ מיידעלע! וואויל! ניט שרעק זיך! באמת, גוט!" און איך פלעג זיין זייער צופרידן. באַלד נאָך אונזער אָנקומען האָט ער געשריבן אַ בריוו צו דער מוטער, און ווען ער האָט מיך צוגערופן צוצושרייבן פון זיך, האָט ער מיר ניט געוואָלט געבן איבערלייענען, וואָס עס איז געווען אָנגעשריבן; צו־ליב דעם האָב איך, פאַרשטייט זיך, געפאָדערט און איבערגעלייענט. „איר וועט מאַשען ניט דערקענען, — האָט ער געשריבן, — און איך אַליין דערקען זי ניט. פונוואַנען נעמט זיך די דאָזיקע ליבע, גראַ־ציעזע זיכערהייט, די פריינדלעכקייט, אַפילו דער וועלטלעכער שכל און די ליבנסווירדיקייט. און דאָס אַלץ איז פשוט, ליב, גוטמוטיק. אַלע זיינען פאַר איר אַנטציקט, אַפילו איך אַליין קאָן זיך איר ניט געגוג אָנקוקן, און ווען דאָס וואָלט געווען מעגלעך, וואָלט איך זי נאָך מער ליב געהאַט".

„אַהאָ! איז אָט אַ וועלכע איך בין!" האָב איך אַ טראַכט געטאָן. און אַזוי גוט און פריילעך איז מיר געוואָרן, עס האָט זיך אַפילו אויסגעדאַכט, אַז איך האָב אים נאָך מער ליב. מיין דערפאָלג ביי אַלע אונזערע באַקאַנטע איז געווען גאַנץ אומדערוואַרט פאַר מיר. פון אַלע זייטן האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָרט בין איך באַזונדער געפעלן געוואָרן דעם פעטער, דאָ איז די מומע אויסער זיך פון מיר, איינער האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין ענלעכע פרוי צו מיר אין פעטערבורג, יענע האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך זאָל נאָר ווילן, קאָן איך זיין די זעלטנסטע פרוי אין דער געזעלשאַפט. דערהויפט דעם מאַנס קוזינע, פירשטין ד., ניט קיין יונגע, וועלט־לעכע פרוי, וועלכע האָט זיך אין מיר פלוצלונג פאַרליבט, האָט מיר מער פאַר אַלעמען גערעדט גוטע זאַכן, וועלכע האָבן מיר פאַר־דרייט דעם קאָפּ. ווען די קוזינע האָט מיר דאָס ערשטע מאָל פאָר־געלייגט פאָרן אויף אַ באַל און האָט וועגן דעם געבעטן דעם מאַן, האָט ער זיך צו מיר געווענדט, און קוים באַמערקבאַר כיטרע שמייכ־לענדיק, האָט ער געפרעגט: צי וויל איך פאָרן? איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, און איך האָב דערפילט, אַז איך ווער רויט.

— פונקט ווי אַ פאַרבּרעכערין איז זי זיך מודה אין דעם, וואָס איר ווילט זיך, — האָט ער געזאָגט, גוטמוטיק לאַכנדיק.

— דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז מיר טאָרן ניט פאָרן אין דער געזעלשאַפט, און דו האָסט ניט ליב איך, — האָב איך געענט־פערט, שמייכלענדיק און מיט אַ בּעטנדיקן בּליק קוקנדיק אויף אים.

— אויב עס ווילט זיך זייער, לאָמיר פאָרן, — האָט ער גע־זאָגט.

— בּאמת, בּעסער ניט.

— עס ווילט זיך? זייער? — האָט ער ווידער געפרעגט.

איך האָב ניט געענטפערט.

— די געזעלשאַפט איז נאָך ניט אַזאַ גרויס אומגליק, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — אָבער די פאַרלאַנגען פון דער געזעל־שאַפט, וועלכע מען קאָן פאַרווירקלעכן, — דאָס איז שלעכט און ניט שיין. מען דאַרף אומבּאַדינגט פאָרן, און מיר וועלן פאָרן, — האָט ער אַנטשלאָסן פאַרענדיקט.

— זאָגן דיר דעם אמת, — האָב איך געזאָגט, — מיר האָט זיך קיין זאַך אויף דער וועלט אַזוי ניט געוואָלט, ווי זיין אויף דעם בּאַל.

מיר זיינען געפאָרן, און דער פאַרגעניגן, וואָס איך האָב גע־האַט, האָט אַריבּערגעשטיגן אַלע מיינע דערוואַרטונגען. אויפן בּאַל האָט מיר נאָך מער איידער פריער אויסגעוויזן, אַז איך בּין דער צענטער, אַרום וועלכן אַליץ בּאַוועגט זיך, אַז נאָר צוליב מיר איז בּאַלויכטן דער דאָזיקער גרויסער זאַל, שפּילט די מוזיק, און האָט זיך פאַרזאַמלט דער עולם מענטשן, וואָס ווערט נתפּעל פון מיר. אַלע, אָנהייבּנדיק פון דעם פריזירער און דער קאַמערטיידל און בּיז די טענצער און די אַלטע, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען דורכן זאַל, האָבּן, דאַכט זיך, מיר געדעדט, אָדער געגעבּן צו פילן, אַז זיי ליבּן מיך. דער אַלגעמיינער משפּט, וועלכער איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן וועגן מיר אויף דעם בּאַל, און וועלכן די קוזינע האָט מיר איבּערדערציילט, איז געווען, אַז איך בּין אינגאַנצן ניט ענ׳לעך צו אַנדערע פרויען, אַז אין מיר איז פאַראַן עפּעס בּאַזונדערס, דאָר־פישס, איינפאַכס, און פראַכטפולס. דער דערפאָלג איז מיר גע־

ווען אַזוי אָנגענעם, אַז איך האָב געזאָגט דעם מאַן, ווי שטאַרק איך וואָלט היינטיקס יאָר געוואָלט זיין נאָך אויף אַ צוויי-דריי בעלער, און „כדי גוט אָנצוזעטיקן זיך מיט זיי“, האָב איך צוגעגעבן ניט מיטן גאַנצן האַרצן.

דער מאַן האָט גערן מכבים געווען, און די ערשטע צייט פלעגט ער מיט מיר פאָרן מיט קענטיקן פאַרגעניגן, פרייענדיק זיך מיט מיין דערפאָלג און, אַפּנים, אינגאַנצן פאַרגעסן אָדער אָפּגעזאָגט זיך דערפון, וואָס ער האָט פריער געזאָגט.

שפּעטער האָט ער זיך באַשיינפּערלעך אָנגעהויבן לאַנגווייליקן און פילן באַלעסטיקט פון דעם לעבן, וואָס מיר האָבן געפירט. אָבער מיר איז ניט דאָס געלעגן אין זינען. אויב איך האָב אַפילו אַמאָל באַמערקט זיין אויסמערקזאַם-ערנסטן בליק, וועלכער איז געווען מיט אַ פראַגע אויסגעשטעלט אויף מיר, האָב איך ניט פאַרשטאַנען זיין באַדייטונג. איך בין געווען אַזוי פאַרנעפּלט פון דער דאָזיקער, ווי מיר האָט אויסגעוויזן, פּלוצלונג דערוואַכטער ליבע צו מיר מצד אַלע אַרומיקע, פון דער דאָזיקער אַטמאָספערע פון שיינקייט, פאַרגעניגנס און נייקייט, מיט וועלכער איך האָב דאָ געאָטעמט דאָס ערשטע מאָל, אַזוי פּלוצלונג איז דאָ פאַרשוואונדן די מאָראַלישע השפּעה זיינע, וועלכע האָט מיך דערדריקט, אַזוי אָנגענעם איז מיר געווען אין דער דאָזיקער וועלט ניט בלויז גלייך צו זיין צו אים, נאָר שטעלן זיך העכער פאַר אים, און דעריבער ליב האָבן נאָך מער און זעלבשטענדיקער, איידער פריער. — אַז איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַר אומאָנגענעמלעכס האָט ער געקענט געפינען פאַר מיר אין וועלטלעכן לעבן. איך האָב איבערגעלעבט אַ נייעם פאַר מיר געפיל פון שטאָלץ און זעלבסטצופרידנהייט, בעת איך פלעג אַריינקומען אויף אַ באַל און אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט צו מיר, און ער, גלייך ווי אים וואָלט געווען אַ פּיין פאַרן געוויסן מודה צו זיין זיך פאַרן המון, אַז איך געהער אים, פלעגט זיך אַיילן איבערלאָזן מיך און פאַרפאַלן ווערן אין דעם שוואַרצן המון פראַקן. „וואַרט! — האָב איך אָפט געטראַכט, אָפּזוכנדיק מיט די אויגן אין עק זאַל זיין אומבאַמערקטע, אָפטמאָל זיך לאַנגוויילנדיקע פיגור, — וואַרט! — האָב איך געטראַכט, —

מיר וועלן קומען אַהיים, וועסטו פֿאַרשטיין און זען, פֿאַר וועמען האָב איך מיך געסטאַרעט צו זיין שיין און גלענצנד, און וואָס האָב איך ליב פֿון דעם אַלעמען, וואָס עס רינגלט מיך אַרום היינטיקן אָוונט“. מיר אַליין האָט אויפֿריכטיק אויסגעוויזן, אַז די דערפֿאָלגן מיינע האָבן מיך געפֿרייט נאָר צוליב אים, נאָר צוליב דעם, אַז איך זאָל זיין אימשטאַנד צו ברענגען זיי צוליב אים פֿאַר אַ קרבן. איינס, מיט וואָס פֿאַר מיר האָט געקענט שעדלעך זיין דאָס וועלטלעכע לעבן, האָב איך געטראַכט, איז געווען די מעגלעכקייט צו פֿאַרליבן זיך אין איינעם פֿון די מענטשן, וועלכע איך באַגעגן דאָ אין דער געזעלשאַפֿט, און דעם מאַנס אײפֿערזוכט. אָבער ער האָט אַזוי געגלויבט אין מיר, האָט אויסגעוויזן אַזוי רויִק און גלייכגילטיק, און די דאָזיקע אַלע יונגעלייט האָבן מיר אויסגעוויזן אַזוי נישטיק אין פֿאַרגלייך מיט אים, אַז אַפֿילו די איינציקע, לויט מיינע באַגריפֿן סכּנה פֿון דער געזעלשאַפֿט, האָט מיר ניט אויסגעוויזן שרעקלעך. נאָר ניט געקוקט דעריף האָט מיר די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון פֿיל, פֿיל מענטשן אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגעניגן, גערייצט מיין איגנליבע, געלאָזט טראַכטן, אַז עס איז פֿאַראַן אַ געוויסער פֿאַרדינסט אין מיין ליבע צו דעם מאַן, און דאָס האָט געמאַכט מיין באַגיין זיך מיט אים אין זיך אַליין פֿאַרגלויבטער און גלייך ווי נאַכלעסיקער.

— און איך האָב געזען, ווי דו האָסט זייער לעבעדיק געשמועסט מיט N. N. — האָב איך איינמאָל אומקערנדיק זיך פֿון אַ באַל געזאָגט, דראָענדיק אים מיטן פֿינגער און אָנרופֿנדיק איינע פֿון די באַוואוסטע דאַמען אין פּעטערבורג, מיט וועלכער ער האָט באמת גערעדט דעם אָוונט. איך האָב עס געזאָגט, כּדי פֿונאַנדערצעטרייסלען אים; ער איז געווען באַזונדער שווייגנדיק און אומעטיק.

— אַך, צו־וואָס דאַרף מען אַזוי ריידן? און דו רעדסט אַזוי, מאַשע! — האָט ער דורכגעלאָזן דורך די ציין, און פֿאַרקרימט זיך, גלייך ווי פֿון אַ פֿיזישן ווייטאָג. — ווי דאָס פּאַסט ניט פֿאַר דיר און פֿאַר מיר! לאָז עס פֿאַר אַנדערע. די דאָזיקע פֿאַלשע באַציִונגען קאָנען קאַליע מאַכן אונזערע אמתע, און איך האָף נאָך, אַז אונזערע אמתע וועלן זיך צוריקקערן.

מיר איז געוואָרן מיאוס, און איך בין אַנטשוויגן געוואָרן.

— זיי וועלן זיך אומקערן, מאַשע? ווי דאַכט דיר? — האָט ער געפרעגט.

— זיי זיינען קיינמאָל ניט קאַליע געוואָרן און וועלן ניט קאַליע ווערן, — האָב איך געזאָגט, און דעמאָלסט האָט מיר טאַקע אַזוי אויסגעוויזן.

— הלוואַי, — האָט ער געזאָגט, — וואָרעם עס איז שוין לאַנג צייט, מיר זאָלן זיך אומקערן אין דאָרף.

אָבער דאָס האָט ער מיר געזאָגט נאָר איין מאָל, די איבעריקע צייט האָט מיר אויסגעוויזן, אַז אים איז געווען פונקט אַזוי גוט, ווי מיר. און מיר איז געווען פריידיק און פריילעך. אויב אָבער אים איז אַפילו אַמאָל לאַנגווייליק, — האָב איך מיך געטרייסט, — האָב איך דאָך זיך אויך צוליב אים געלאַנגווייליקט אין דאָרף; און אויב עס האָבן זיך געענדערט אייניקע אונזערע באַציִונגען, וועט עס זיך אַלץ צוריק אומקערן, ווי נאָר מיר וועלן זומער פאַרבלייבן אַליין מיט טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונען אין אונזער ניקאָלסקער הויז.

אַזוי איז אומבאַמערקט פאַר מיר אַריבער דער ווינטער, און, להיפוך צו אונזערע פלענער, האָבן מיר אַפילו די פאַסכע-וואָך פאַרבראַכט אין פעטערבורג. נאָך פאַסכע, ווען מיר האָבן זיך שוין געקליבן פאָרן, אַלץ איז געווען פאַרפאַקט, און דער מאַן, וועלכער האָט שוין אָנגעקויפט מתנות, זאַכן, בלומען פאַרן דאָרפישן לעבן, איז געווען אין אַ באַזונדער צערטלעכער און פריילעכער שטימונג, — איז די קוזינע אומדערוואַרט געקומען צו אונז און אָנגעהויבן בעטן, מיר זאָלן פאַרבלייבן ביז שבת, כדי צו פאָרן אויף אַ ראַוט צו דער גרעפין ר. זי האָט געזאָגט, אַז די גרעפין ר. האָט מיך זייער שטאַרק געבעטן, אַז דער פרינץ מ., וועלכער איז דעמאָלסט געווען אין פעטערבורג, האָט פון דעם פאָריקן באַל אָן געוואָלט מיט מיר באַקאַנט ווערן, נאָר צוליב דעם קומט ער אויפן ראַוט, און ער האָט געזאָגט, אַז איך בין די סאַמע שענסטע פרוי אין רוסלאַנד. די גאַנצע שטאָט זאָל דאָרט זיין, און, מיט איין וואָרט, עס וואָלט קיין שום פנים ניט געהאַט, אַז איך זאָל ניט קומען.

דער מאַן איז געווען אויפֿן צווייטן עק פֿון גאַסטצימער, שמועסנדיק מיט עמעצן.

— איז וואָס, פֿאָרט איר, מאַרי? — האָט די קוזינע געזאָגט.

— מיר האָבן געוואָלט איבערמאָרגן פֿאָרן אין דאָרף, — האָב איך אומאַנטשלאָסן געענטפֿערט, אַ קוק טוענדיק אויפֿן מאַן. אונזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, ער האָט זיך אײַלנדיק אָפּגעקערט.

— איך וועל אים אײַנריידן, ער זאָל פֿאַרבלײַבן, — האָט די קוזינע געזאָגט, — שבת פֿאָרן מיר דרייען די קעפּ. יאָ?

— דאָס וואָלט צעשטערט אונזערע פּלענער, און מיר האָבן זיך פֿאַרפּאַקט, — האָב איך געענטפֿערט, אָנהייבנדיק אונטערצוגעבן זיך.

— פֿאַר איר וואָלט געווען בעסער, זי זאָל הײַנט אײַנאָוונט צופֿאָרן מעלדן דעם פּרינץ אַנטערטעניקייט, — האָט ער פֿון דעם צווייטן עק צימער אויפֿגערייצט געזאָגט מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם טאָן, וועלכן איך האָב נאָך פֿון אים קיינמאָל ניט געהערט.

— אַך! ער איז אײַפֿערזיכטיק, דאָס ערשטע מאָל הער איך, — האָט די קוזינע זיך פֿונאַנדערגעלאַכט. — דאָך ניט צוליבן פּרינץ, סערגיי מיכאַילאָוויטש, צוליב אונז אַלעמען רייד איך זי צו. די גרעפֿין ר. האָט זי אַזוי געבעטן קומען!

— דאָס ווענדט זיך אָן איר, — האָט דער מאַן קאַלט אַרויסגערעדט, און איז אַרויסגעגאַנגען.

איך האָב געזען, אַז ער איז געווען אויפֿגערעגט, מער איידער געוויינלעך; דאָס האָט מיך געמאַטערט, און איך האָב דער קוזינע גאָרניט צוגעזאָגט. ווי נאָר זי איז אַוועקגעפֿאָרן, בין איך אַוועק צום מאַן. ער איז פֿאַרטראַכטערהייט אַרומגעגאַנגען הין-און-צוריק, און האָט ניט געזען און ניט געהערט, ווי איך בין אויף די שפּיץ פֿינגער אַרײַן אין צימער.

„אים שטעלט זיך שוין פֿאָר דאָס ליבע ניקאָלסקער הויז, — האָב איך געטראַכט קוקנדיק אויף אים, — און די פֿרימאָרגנדיקע קאַווע אין דעם ליכטיקן גאַסטצימער, און זײַנע פֿעלדער, די פּויערים, און די אָוונטן אין דיוואַנען-צימער, און די בײַנאַכטיקע געהיימע אָוונטברויטן. — ניין, — האָב איך באַשלאָסן אַליין פֿאַר זיך. — אַלע בעלער אויף דער וועלט און די חניפֿות פֿון אַלע פּרינצן אויף

דער וועלט וועל איך אָפּגעבן פאַר זיין פריידיקער צעמישטקייט, פאַר זיין שטילער לאַסקע". איך האָב אים געוואָלט זאָגן, אַז איך וועל ניט פאָרן אויפן ראַוט און אַז איך וויל ניט, ערשט פּלוצלונג האָט ער זיך אַרומגעקוקט און, דערזען מיך, פאַרכמורעט און האָט געענדערט דעם שטיל-פאַרטראַכטן אויסדריק פון זיין געזיכט. ווידער האָט זיך דורכדרינגלעכקייט, חכמה און פּראַקטישע רויִקייט אויסגעדריקט אין זיין בליק. ער האָט ניט געוואָלט, איך זאָל אים זען אַלס איינפאַכן מענטשן; ער האָט געדאַרפט ווי אַ האַלבער גאָט שטענדיק שטיין פאַר מיר אויף אַ פּיעדעסטאַל.

— וואָס איז, מיין פריינד? האָט ער געפרעגט, אומדרייענדיק זיך צו מיר נאַכלעסיק און רויִק.

איך האָב ניט געענטפערט. מיר איז געווען פאַרדראָסיק, וואָס ער באַהאַלט זיך פון מיר, וויל ניט בלייבן דער, אַלס וועלכן איך האָב אים געליבט.

— דו ווילסט שבת פאָרן אויפן ראַוט? — האָט ער געפרעגט.

— כ'האָב געוואָלט, — האָב איך געענטפערט, — אָבער דיר געפעלט עס ניט. און ס'איז שוין אַלץ פאַרפאַקט, — האָב איך צוגעגעבן.

קיינמאָל האָט ער אויף מיר אַזוי קאַלט ניט געקוקט, קיינמאָל האָט ער אַזוי קאַלט ניט גערעדט מיט מיר.

איך וועל ניט אַוועקפאָרן ביז דינסטאָג, און כ'וועל היים; פונאַנדערנעמען די זאַכן, — האָט ער געזאָגט, — דעריבער קענסטו פאָרן, אויב דיר ווילט זיך. ביטע זייער, פאָר. איך וועל ניט אַוועקפאָרן.

ווי אַלעמאָל, ווען ער איז געווען צערודערט, האָט ער אָנגעהויבן ניט-גלייך אַרומגיין איבערן צימער, און האָט ניט געקוקט אויף מיר.

— איך פאַרשטיי דיך בשום אופן ניט, — האָב איך געזאָגט, שטייענדיק אויפן אָרט און נאָכשפּירנדיק אים מיט די אויגן. — דו זאָגסט, אַז דו ביסט אַלעמאָל אַזוי רויִק (ער האָט עס קיינמאָל ניט געזאָגט). פאַרוואָס-זשע רעדסטו אַזוי מאָדנע מיט מיר? איך בין גרייט פאַר דיר מקריב צו זיין דעם פאַרגעניגן, און דו פאָדערסט

עפּעס איראָניש, ווי דו האָסט מיט מיר קיינמאָל ניט גערעדט, אַז איך זאָל פאָרן.

מילאַ: דו ביסט מקריב (ער האָט באַזונדער אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט), און איך בין מקריב. וואָס קען זיין בעסער. אַ קאַמף און גרויסמוטיקייט. וואָס נאָך פאַר אַ משפּחה־גליק קאָן מען זיך ווינטשן?

דאָס ערשטע מאָל האָב איך פון אים געהערט אַזעלכע ביין־שפּאָטישע רייד. אָבער זיינע רייד האָבן ביי מיר ניט אַרויסגערופן קיין בושה, נאָר באַליידיקונג, און די בייזקייט האָט מיך ניט דער־שראָקן, נאָר איך האָב זיך מיט איר אָנגעשטעקט. און ער, וועלכער האָט מורא געהאַט פאַר דער פראַזע אין אונזערע באַציִונגען, וועל־כער איז אַלעמאָל געווען אויפריכטיק און פשוט, — ער האָט עס אַזוי גערעדט? און פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס איך האָב באמת געוואָלט מקריב זיין צוליב אים מיין פאַרגעניגן, און וועלכן איך האָב ניט געקאָנט אײנזען קיין שום בייז, און דערפאַר, וואָס מיט אַ רגע פריער האָב איך אַזוי גוט פאַרשטאַנען און געליבט אים? אונזערע ראָלעס האָבן זיך געענדערט, ער האָט אויסגעמיידט דירעקטע און איינפאַכע ווערטער, און איך האָב זיי געזוכט.

— דו האָסט זיך זייער געענדערט, — האָב איך געזאָגט, אַ קרעכץ טוענדיק. — מיט וואָס האָב איך מיך פאַרשולדיקט קעגן דיר? ניט דער ראַוט, נאָר עפּעס אַנדערש, לאַנגיאָריקס טראָגסטו אויפן האַרצן קעגן מיר. צו־וואָס איז די ניט־אויפריכטיקייט? צי דען ניט דו אַליין האָסט זיך פאַר איר פריער אַזוי געשראָקן. זאָג אָפן, וואָס האָסטו קעגן מיר? — „וואָס קען ער אַזוינס זאָגן“, האָב איך געטראַכט, דערמאָנענדיק זיך מיט זעלבסטצופרידנהייט, אַז ער האָט מיר ניט וואָס פאָרצוואַרפן פאַר דעם ווינטער.

איך בין אַרויס אויפן מיטן צימער, אַזוי אַז ער האָט געדאַרפט נאָענט פאַרבייגיין פאַרביי מיר, און איך האָב געקוקט אויף אים. ער וועט צוגיין, מיך אַרומנעמען, און אַלץ וועט זיין געענדיקט, איז מיר געקומען אויפן זינען, און כ׳האָט אפילו באַנג געטאָן, וואָס איך וועל אים ניט קענען דערווייזן, ווי אומגערעכט ער איז.

אָבער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין עק צימער און אַ קוק גע־
טאָן אויף מיר.

— דו פאַרשטייסט נאָך אַלץ ניט? — האָט ער געזאָגט.

— ניין.

— וועל איך דיר זאָגן. מיר איז עקלהאַפט, דאָס ערשטע מאָל עקלהאַפט דאָס, וואָס איך פיל און וואָס איך קען ניט ניט־פילן. — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַפנים דערשראָקן זיך פאַר דעם גראָבן קלאַנג פון זיין שטים.

— אָבער וואָס איז דען? — האָב איך געפרעגט מיט טרערן פון צאָרן אין די אויגן.

— עקלהאַפט, וואָס דער פרינץ האָט געפונען, אַז דו ביסט אַ שיינינקע, און וואָס מחמת דעם ליובסטו אים אַנטקעגן, פארגעסנדיק אי אָן דעם מאַן, אי אָן זיך, אי אָן דער ווערדע פון אַ פרוי, און דו ווילסט ניט פאַרשטיין דאָס, וואָס עס פילט פאַר דיר דיין מאַן, אויב אין דיר אַליין איז ניטאָ דער געפיל פון זעלבסט־ווערדע. פאַרקערט, דו קומסט זאָגן דעם מאַן, אַז דו ביסט מ ק ר י ב, דאָס הייסט: „באַווייזן זיך פאַר זיין מאַיעסטעט איז פאַר מיר אַ גרויס גליק, נאָר איך בין עס מ ק ר י ב“.

וואָס ווייטער ער האָט גערעדט, אַלץ מער האָט ער זיך צעפלאַקערט פון זיין אייגענער שטים, און די שטים האָט געקלונגען גיפטיק, האַרט און גראָב. איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען און ניט געוואַרט אים צו זען אַזוינעם; דאָס בלוט איז מיר צוגעפלאָסן צום האַרצן, איך האָב מורא געהאַט, נאָר צוזאַמען דערמיט האָט דער געפיל פון ניט־פאַרדינטער חרפה און פון באַליידיקטער אייגנליבע מיך אויפגערעגט, און מיר האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן אים.

— איך האָב עס שוין לאַנג דערוואַרט, — האָב איך געזאָגט,— רייד, רייד.

— איך ווייס ניט, וואָס דו האָסט דערוואַרט, — האָט ער ווייטער גערעדט, — איך האָב געקענט דערוואַרטן אַלדאָס ערגסטע, זעענדיק דיך יעדן טאָג אין דעם דאָזיקן שמוץ, ליידיק־גיין, לוקסוס און נאַרישער געזעלשאַפט; און איך האָב מיך דערוואַרט... דערוואַרט, אַז היינט איז מיר אַזוי מיאוס און אַזאַ ווייטאָג, ווי קיינמאָל ניט;

אַ וויטאָג פאַר זיך, ווען דיין פריינד איז מיט זיינע שמוציקע הענט אַריינגעקראָכן צו מיר אין האַרצן און האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן אייפערזוכט, וועגן מיין אייפערזוכט — צו וועמען? — צו אַ מענטשן, וועלכן ניט איך, ניט דו קענען ביידע ניט. און דו ווילסט ווי בכיוון ניט פאַרשטיין מיך און ברענגען מיר אַ קרבן — אַ וועלכן?... ס'איז מיר מיאוס פאַר דיר, פאַר דיין דערנידערונג מיאוס!... אַ קרבן! — האָט ער איבערגעחזרט.

„אָ, הייסט עס, דאָס איז זי, די מאַכט פונם מאַן, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. — באַליידיקן און דערנידעריקן די פרוי, וועלכע איז אין גאָרניט שולדיק. אָט אין וואָס עס שטעקן די רעכט פון דעם מאַן, אָבער איך וועל מיך אונטער זיי ניט אונטערטעניקן".

— ניין, איך ברענג דיר קיין שום קרבן ניט, — האָב איך אַרויסגערעדט, פילנדיק ווי אומנאַטירלעך עס ווערן ברייט מיינע נאָז־לעכער, און ווי דאָס בלוט פאַרלאָזט מיין געזיכט. — איך וועל שבת פאָרן אויפן ראַוט, און כ'וועל אומבאַדינגט פאָרן.

— און זאָל דיר גאָט געבן, דו זאָלסט האָבן פיל פאַרגע־ניגן, נאָר צווישן אונז איז אַלץ געענדיקט! — האָט ער איבערגע־שריען אין אַן אויסברוך פון ניט־איינגעהאַלטענעם גרימצאָרן, — אָבער מער ווען(?) ער שוין ניט מאַטערן. איך בין געווען אַ נאַר, וואָס... — האָט ער ווידער אָנגעהויבן, נאָר די ליפּן האָבן ביי אים אָנגעהויבן צו ציטערן, און ער האָט זיך מיט באַשיינפּערלעכער אָנ־שטרענגונג איינגעהאַלטן, כדי ניט צו ענדיקן דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן.

איך האָב מורא געהאַט פאַר אים און האָב אים פיינט געהאַט אין דער רגע. איך האָב אים געוואָלט זאָגן פיל זאַכן און נוקם זיין זיך פאַר אַלע באַליידיקונגען. אָבער ווען איך וואָלט געעפנט דאָס מויל, וואָלט איך מיך פונאַנדערגעוויינט, און וואָלט מיך דער־נידעריקט פאַר אים. איך בין שווייגנדיק אַרויס פון צימער. אָבער ווי נאָר איך האָב אויפגעהערט צו הערן זיינע טריט, איז אויף מיר פּלוצ־לונג אָנגעפאַלן אַן אימה, וואָס האָבן מיר דאָ אַזוינס געטאָן. מיר איז געוואָרן שרעקלעך, טאָמער האָט זיך באמת איבערגעריסן אויף אײ־ביק דער בונד, אין וועלכן עס איז באַשטאַנען גאָר מיין גליק.

און איך האָב מיך געוואָלט אומקערן. אָבער צי האָט ער זיך גענוג באַרויִקט, כּדי צו פאַרשטיין מיך, ווען איך וועל אים שווייגנדיקערהייט דערלאַנגען די האַנט און אויף אים אַ בליק טאָן? — האָב איך געטראַכט. — צי וועט ער פאַרשטיין מיין גרויסמוטיקייט? ווי, אויב ער וועט מיין צער אָנרופן אָנשטעל? אָדער ער וועט מיט באַוואוסטזיין פון זיין גערעכטיקייט, און מיט שטאָלצער רויִקייט אָננעמען מיין חרטה און מיר מוחל זיין? און פאַרוואָס? פאַרוואָס? ער, וועלכן איך האָב אַזוי ליב געהאַט, האָט מיך אַזוי אַכזריש באַליידיקט?...

איך בין אַוועק ניט צו אים, נאָר צו זיך אין צימער, וואו איך בין אַ לאַנגע צייט געזעסן איינע אַליין און האָב געוויינט, דערמאָנענדיק זיך מיט אימה יעדעס וואָרט פון דעם שמועס, וואָס איז צווישן אונז פאָרגעקומען, פאַרבייטנדיק די דאָזיקע ווערטער מיט אונזערע, צוגעבנדיק אַנדערע, גוטע ווערטער, און ווידער אַמאָל מיט אימה און מיט געפיל פון באַליידיקטקייט דערמאָנענדיק זיך אָן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען. בעת איך בין אינאָוונט אַרויס צו טיי און האָב מיך אין דער אָנוועזנהייט פון ס., וועלכער איז געווען ביי אונז, באַגעגנט מיטן מאַן, האָב איך דערפילט, אַז פון היינטיקן טאָג אָן האָט זיך אַ גאַנצער אָפּגרונט אָפּגעעפנט צווישן אונז. ס. האָט מיך געפרעגט, ווען פאָרן מיר. איך האָב ניט באַוויזן צו ענטפערן.

— דינסטאָג, — האָט דער מאַן געענטפערט, — מיר וועלן נאָך זיין אויפן ראַוט ביי דער גרעפין ר. די וועסט דאָך זיין? — האָט ער מיר געפרעגט.

איך האָב מיך דערשראָקן פאַר דעם קלאַנג פון דעם דאָזיקן פשוטן קול און דערשראָקן אומגעקוקט אויפן מאַן. זיינע אויגן האָבן גלייך געקוקט אויף מיר, זייער בליק איז געווען בייז און שפּאָטיש, די שטימע — אַ גלייכע און אַ קאַלטע.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

אינאָוונט, בעת מיר זיינען געבליבן אַליין, איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און דערלאַנגט די האַנט.

— פאַרגעס, איך בעט דיך, וואָס איך האָב אָנגערעדט, — האָט ער געזאָגט.

איך האָב געגומען זיין האַנט. אַ ציטערדיקער שמייכל איז געווען ביי מיר אויפן פּנים. און טרערן זיינען גרייט געווען אָנהייבן צו רינען פון די אויגן, נאָר ער האָט אַוועקגענומען די האַנט און, גלייך ווי מורא האָבנדיק פאַר אַ סענטימענטאַלער סצענע, האָט ער זיך געזעצט אויף אַ שטול גאַנץ ווייט פון מיר. „צי דען האָלט ער זיך נאָך אַלץ פאַר געערכט?" האָב איך אַ טראַכט געטאָן, און די גרייטע דערקלערונג און די בקשה ניט צו פאָרן אויפן ראַוט איז געבליבן אויף דער צונג.

— מען דאַרף אָנשרייבן צו דער מאַמעשי, אַז מיר האָבן אָפּגעלייגט דאָס אַרויספאָרן, — האָט ער געזאָגט, — זי וועט נאָך זיין אומרויִק.

— און ווען רעכנסטו צו פאָרן? — האָב איך געפרעגט.

— דינסטאָג נאָכן ראַוט, — האָט ער געענטפערט.

— איך האָף, אַז דאָס איז ניט צוליב מיר, — האָב איך געזאָגט, קוקנדיק אים אין די אויגן, אָבער די אויגן האָבן נאָר געקוקט, און מיר גאָרניט געזאָגט, גלייך ווי מיט עפּעס זיך פאַרצוימן פאַר מיר. זיין געזיכט האָט מיר פּלוצים אויסגעוויזן אַלט און אומאָנגענעם.

מיר זיינען געפאָרן אויפן ראַוט און צווישן אונז האָבן, דאַכט זיך, ווידער איינגעשטעלט זיך גוטע פריינדלעכע באַציִונגען; אָבער די דאָזיקע באַציִונגען זיינען געווען גאָר אַנדערע, ניט ווי פריערדיקע.

אויפן ראַוט בין איך געזעסן צווישן די דאַמען. בעת דער פּרינץ איז צו מיר צוגעגאַנגען, אַזוי אַז איך האָב געדאַרפט אויפשטיין, כדי צו ריידן מיט אים. אויפשטייענדיק האָב איך ניט ווילנדיק אָפּגעזוכט מיט די אויגן דעם מאַן און געזען, אַז ער האָט פון דעם אַנדער עק זאַל געקוקט אויף מיר און זיך אָפּגעקערט. מיר איז פּלוצלינג געוואָרן אַזוי מיאוס און אַזאַ ווייטאָג, אַז איך בין קרענקלעך צעמישט געוואָרן און אונטער דעם פּרינצס בליק רויט אין פּנים און אויפן האַלז. אָבער איך האָב געמוזט שטיין און הערן, וואָס ער האָט צו מיר גערעדט, באַקוקנדיק מיך פון אויבן. אונזער שמועס איז געווען ניט קיין לאַנגער. ער האָט ניט געהאַט, וואו צו זעצן זיך

לעבן מיר, און האָט מסתמא דערפילט, אַז מיר איז ניט גוט מיט אים. דער שמועס איז געווען וועגן דעם פאָריקן באַל, וועגן דעם, וואו וואַרין איך זומער, און אַז. וו. בעת ער איז אַוועק פון מיר, האָט ער אַרויסגעזאָגט דעם וואונטש צו באַקענען זיך מיט מיין מאַן, און איך האָב געזען, ווי זיי זיינען זיך צונויפגעקומען און האָבן גערעדט אויפן צווייטן עק זאַל. דער פרינץ האָט מסתמא געזאָגט עפעס וועגן מיר, מחמת אינמיטן שמועס האָט ער זיך שמייכלענדיק אומגעקוקט אויף אונזער זייט.

דער מאַן האָט זיך פלוצלונג אָנגעצונדן, נידעריק זיך פאַרנייגט און איז דער ערשטער אַוועק פון דעם פרינץ. איך בין אויך רויט געוואָרן. מיר איז געווען מיאוס פאַר דעם באַגריף, וואָס דער פרינץ וועט אַפנים באַקומען וועגן מיר און דערהויפט וועגן דעם מאַן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע האָבן באַמערקט מיין אומגעשיקטע שעמעוודיקייט, בעת איך האָב גערעדט מיטן פרינץ, באַמערקט זיין משונהדיקן באַגיין זיך; גאָט ווייס, ווי זיי האָבן עס געקאָנט אויסטייטשן; אפשר ווייסן זיי שוין אויך וועגן אונזער שמועס מיט דעם מאַן? די קוזינע האָט מיך אָפגעפירט אַהיים און אין וועג האָבן מיר זיך פונאַנדערגערעדט וועגן דעם מאַן. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן און דערציילט איר אַליץ, וואָס עס איז צווישן אונז פאָרגעקומען צוליב דעם דאָזיקן אומגליקלעכן ראַוט. זי האָט מיך באַרויקט, אַז דאָס איז אַ גאָרנישט-באַדייטנדיקער זייער געוויינלעכער איבערהייד, וועלכער וועט ניט לאָזן קיין שפורן; זי האָט מיר פון איר שטאַנדפונקט דערקלערט דעם מאַנס כאַראַקטער, האָט געפונען, אַז ער איז געוואָרן זייער ניט צוגעלאָזט און שטאָלץ. איך האָב מסכים געווען מיט איר, און מיר האָט אויסגעוויזן, אַז איך האָב איצט אַליין אָנגעהויבן רויקער און בעסער פאַרשטיין אים.

אָבער נאָכדעם, ווען מיר זיינען געבליבן זאַלבענאַנד מיטן מאַן, איז דער דאָזיקער משפט איבער אים, ווי אַ פאַרברעכן, געלעגן ביי מיר אויפן געוויסן, און איך האָב דערפילט, אַז איך האָב נאָך גרעסער געמאַכט דעם תהום, וועלכער האָט אונז אָפגעטיילט איינעם פון דעם צווייטן.

.VIII

פון דעם טאָג אָן האָט זיך אינגאַנצן געענדערט אונזער לעבן און אונזערע באַציונגען. אונז איז שוין ניט אַזוי גוט געווען אייגנע אַליין ווי פריער. עס זיינען געווען פראַגן, וועלכע מיר האָבן אויסגעמיידט, און פאַר אַ דריטער פערזאָן איז אונז לייכטער געווען צו ריידן, איידער איג אויף אויג. ווי נאָר מען האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן לעבן אין דאָרף אָדער וועגן אַ באַל, האָבן ביי אונז תיכף יינגעלעך אָנגעהויבן אַרומצולויפן אין די אויגן, און עס איז געווען שווער צו קוקן איינעם אויפן צווייטן. גלייך ווי מיר וואָלטןביידע געפילט, אין וואָס פאַר אַן אָרט עס איז געווען דער תהום, וואָס האָט אונז פונאַנדערגעטיילט, און מיר האָבן מורא געהאַט צוגיין צו אים. איך בין געווען איבערצייגט, אַז ער איז שטאָלץ און אַ כעסן, און מען דאַרף זיין פאָרזיכטיקער, כדי ניט אָנצורירן זיין שוואַכן אָרט. ער איז געווען זיכער, אַז איך קען ניט לעבן אָן געזעלשאַפט, אַז דער דאָרף איז ניט פאַר מיר, און אַז מען מוז זיך אונטערגעבן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן געשמאַק. און מיר האָבן ביידע אויסגעמיידט דירעקטע שמועסן וועגן די דאָזיקע זאַכן, און ביידע האָבן פאַלש געאורטיילט איינער וועגן צווייטן. מיר האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין איינער פאַר דעם צווייטן די פולקומסטע מענטשן אויף דער וועלט, האָבן געמאַכט פאַרגלייכונגען מיט אַנדערע און בשתיקה געמשפט איינע די אַנדערע. איך בין ניט געזונט געוואָרן פאַרן אָפּפאָרן, און אָנשטאָט דעם דאָרף זיינען מיר אַריבערגעפאָרן אויף אַ דאַטשע, פונוואַנען דער מאַן איז אַליין אַוועקגעפאָרן צו דער מוטער. בעת ער איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך מיך שוין געהאַט גענוג פאַרריכט, אַז איך זאָל קענען פאָרן מיט אים צוזאַמען, אָבער ער האָט מיך אַיינגערעדט פאַרבלייבן, גלייך ווי מורא האָבנדיק פאַר מיין געזונט. איך האָב געפילט, אַז ער האָט מורא געהאַט ניט פאַר מיין געזונט, נאָר דערפאַר, וואָס אונז וועט ניט גוט זיין אין דאָרף; איך האָב מיך ניט שטאַרק געעקשנט און בין פאַרבליבן. אָן אים איז מיר געווען פוסט, איינזאַם, נאָר בעת ער איז געקומען צו פאָרן, האָב איך געזען, אַז אויך ער

האָט ניט צוגעגעבן צו מיין לעבן דאָס, וואָס ער האָט צוגעגעבן פריער. די פריערדיקע באַציִונגען אונזערע, בעת, ס'פלעגט טרעפן, יעדער ניט־איבערגעגעבענער אים געדאַנק, איינדרוק איז מיר געווען שווער ווי אַ פאַרברעכן, ווען זיין יעדער טאַט, וואָרט האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ מוסטער פון פולקומהייט, ווען אונז האָט זיך פון פרייד געוואָלט עפעס לאַכן, קוקנדיק איינער אויפן צווייטן, — די דאָזיקע באַציִונגען זיינען אַזוי אומבאַמערקטערהייט אַריבער אין אַנדערע, אַז מיר האָבן ניט געזען אַפילו, ווי זיי זיינען פאַרשוואונדן. ביי יעדן פון אונז האָבן זיך באַוויזן באַזונדערע אייגענע אינטערעסן, זאָרגן, וועלכע מיר האָבן שוין ניט געפרווט מאַכן פאַר אַלגעמיינע. אונז האָט אַפילו אויפגעהערט צו שטערן דאָס, וואָס יעדער פון אונז האָט זיין באַזונדערע, פאַר דעם צווייטן פרעמדע וועלט. מיר זיינען צוגעוווינט געוואָרן צו דעם דאָזיקן געדאַנק, און אין אַ יאָר אַרום האָבן אַפילו די יונגעלעך אויפגעהערט אַרומצולויפן אין די אויגן, בעת מיר האָבן איינע אויף די אַנדערע געקוקט. עס זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן זיינע אויסברוכן פון פרייד מיט מיר, דאָס קינדישע נאַריש־מאַכן זיך, פאַרשוואונדן זיין מוחל זיין אַלעמען און גלייכגילטיקייט צו אַלץ, וואָס עס האָט מיך פריער דערצאָרנט; ס'איז ניט געווען מער יענער טיפער בליק, וועלכער פלעגט מיך צעמישן און פרייען, ניט געוואָרן די תפילות, די אַנטציקונג צוזאַמען, מיר האָבן זיך אַפילו ניט אָפט געזען. ער פלעגט שטענדיק אַרומפאָרן און האָט ניט קיין מורא געהאַט, אים איז ניט קיין שאָדן געווען איבערצולאָזן מיך אַליין; איך בין שטענדיק געווען אין דער געזעלשאַפט, וואו איך האָב אים ניט געדאַרפט.

קיין סצענעס און קיין איבערדיידענישן זיינען מער צווישן אונז ניט פאָרגעקומען, איך האָב מיך באַמיט נאָכצוגעבן אים, ער האָט ממלא געווען מיינע פאַרלאַנגען, און מיר האָבן כלומרשט ליב געהאַט איינער דעם צווייטן.

אַז מיר פלעגן פאַרבלייבן אַליין, וואָס עס פלעגט זעלטן טרעפן, האָב איך מיט אים ניט געשפירט ניט קיין פרייד, ניט קיין אויפרעגונג, ניט קיין צעמישטקייט, גלייך ווי איך וואָלט מיט זיך אַליין פאַרבליבן. איך האָב געוווּסט זייער גוט, אַז דאָס איז געווען מיין

מאַן, ניט עפּעס אַ נייער, אַן אומבאַקאַנטער מענטש, נאָר אַ גוטער מענטש, — מיין מאַן, וועלכן איך האָב געקענט, ווי זיך אַליין. איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב געוואוסט אַליץ, וואָס ער וועט טאָן, וואָס ער וועט זאָגן, ווי ער וועט קוקן; און אויב ער האָט געטאָן אָדער געקוקט ניט אַזוי, ווי איך האָב דערוואַרט, האָט מיר שוין אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט ער אַ טעות געהאַט. איך האָב גאָרניט געוואַרט פון אים. מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען מיין מאַן און מער גאָרניט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדערע, אַז צווישן אונז זיינען קיינמאָל קיין אַנדערע באַציִונגען ניט געווען. ווען ער פלעגט אַוועקפאָרן, דער עיקר די ערשטע צייט, פלעגט מיר ווערן איינזאַם, שרעקליך. איך האָב אָן אים שטאַרקער געפילט, וואָס פאַר אַ באַדייטונג פאַר מיר האָט זיין שטיצע; ווען ער פלעגט קומען צו פאָרן, פלעג איך אים אַרויפפאַלן אויפן האַלז פון פרייד, און איך האָב ניט געהאַט, וואָס צו ריידן מיט אים. נאָר אין די מאָמענטן פון שטילער, מעכטיקער צערטלעכקייט, וועלכע פלעגן צווישן אונז פאָרקומען, פלעגט מיר דאַכטן, אַז ס'איז עפּעס ניט ווי ס'דאַרף צו זיין, אַז עפּעס טוט מיר וויי אין האַרצן, און מיר האָט אויסגעוויזן, אַז אין זיינע אויגן לייען איך דאָס זעלביקע. איך האָב געפילט די דאָזיקע גרענעץ פון צערטלעכקייט, אַריבער וועלכער ער האָט גלייך ווי ניט גע-וואָלט, און איך האָב ניט געקענט אַריבערגיין. אָפטמאָל איז מיר געווען דערפון אומעטיק, אָבער עס איז קיין צייט ניט געווען צו פאַרטראַכטן זיך וועגן עפּעס, און איך האָב מיך געסטאַרעט צו פאַר-געסן דעם אומעט פון דער ענדערונג, וועלכע איך האָב אומקלאָר געפילט, אין פאַרווײַלונגען, וועלכע זיינען שטענדיק פאַר מיר גרייט געווען. דאָס וועלטלעכע לעבן, וואָס האָט מיך לכתחילה פאַרבלענדט מיט גלאַנץ און מיט דעם באַפרידיקן פון מיין אייגנליבע, האָט באַלד אינגאַנצן באַהערשט מיינע נטיות, איז געוואָרן אַ רגילות, האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט זיינע קייטן און האָט פאַרנומען אין דער נשמה דעם גאַנצן אָרט, וואָס דאָרט איז גרייט געווען פאַרן געפיל. איך בין שוין מער קיינמאָל ניט געבליבן אַליין מיט זיך, און איך

האָב מורא געהאַט אַריינצוטראַכטן זיך אין מיין לאַגע. די גאַנצע צייט מיינע, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, איז געווען פאַרנומען און האָט געהערט ניט צו מיר, אַפילו ווען איך וואָלט אין גאַנצן ניט געפאָרן. מיר איז שוין געווען ניט פריילעך און ניט אומעטיק, נאָר ס'האָט אויסגעוויזן, אַז אַזוי און ניט אַנדערש האָט עס אַלעמאָל געדאַרפט זיין.

אַזוי זיינען אַוועק דריי יאָר, בשעת וועלכע אונזערע באַציאונגען זיינען פאַרבליבן אַלץ די זעלביקע, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעשטעלט, פאַרגליווערט געוואָרן און ניט געקענט ווערן ניט בעסער, ניט ערגער. פאַר די דאָזיקע דריי יאָר זיינען אין אונזער משפּחה־לעבן פאָרגעקומען צוויי וויכטיקע געשעענישן, אָבער ביידע האָבן ניט געענדערט מיין לעבן. דאָס איז געווען די געבורט פון מיין ערשטן קינד און דער טויט פון טאַטיאַנע סעמיאָנאָוונע. די ערשטע צייט האָט מיך דער מוטער־געפיל פאַרכאַפּט מיט אַזאַ קראַפט און אַרויסגערופן אין מיר אַזאַ אַנטציקונג, אַז איך האָב געמיינט, אַ ניי לעבן וועט זיך פאַר מיר אָנהייבן; אָבער אין צוויי חדשים אַרום, ווען איך האָב ווידער גענומען אַרויספאָרן אין געסט, איז דער דאָזיקער געפיל, ווערנדיק קלענער און קלענער, אַריבער אין אַ רגילות און אַ קאַלט דערפילן אַ חוב. דער מאַן איז, פאַרקערט, זינט ס'איז געבוירן געוואָרן אונזער ערשטער זון, געוואָרן דער פריערדיקער שטילער רויִקער שטוב־זיצער, און ער האָט די פריערדיקע צאַרטקייט און פריילעכקייט אַריבערגעטראָגן אויף דעם קינד. אָפטמאָל, בעת איך פלעג אין באַל־קלייד אַריין אין קינדער־צימער, כדי אויף דער נאַכט איבערצוצלמען דאָס קינד, און דערוויסן דאָרט דעם מאַן, פלעג איך באַמערקן גלייך ווי אַ פאָרוואַרפנדיקן און אַ שטרענג־אויפמערקזאַמען בליק זיינעם, וואָס פלעגט זיין געווענדט אויף מיר, און דער געוויסן פלעגט מיך נעמען באַאומרויִקן. אויף מיר פלעגט פלוצלונג אָנפאַלן אַן אימה פאַר מיין גלייכגילטיקייט צום קינד און איך פלעג מיך פרעגן: צי דען בין איך ערגער פאַר אַנדערע פרויען? אָבער וואָס קאָן מען טאָן? — האָב איך געטראַכט, — איך האָב ליב דעם זון, אָבער איך קאָן דאָך מיט אים ניט אָפּזיצן גאַנצענע טעג, מיר איז אומעטיק; און מאַכן זיך, כלומרשט

מיר איז פריילעך, ווייל איך בשום אופן ניט. דער טויט פון זיין מוטער איז פאַר אונז געווען אַ גרויסע צרה; אים איז, לויט ער האָט געזאָגט, נאָך דעם שווער געווען צו וואוינען אין ניקאָלסקאָיע, און הגם מיר איז געווען אויף איר אַ שאָדן און איך האָב מיט־געפילט דער צרה פון דעם מאַן, איז מיר איצט געווען אָנגענעמער און רויִקער אין דאָרף. די אַלע דריי יאָר האָבן מיר פאַרבראַכט דאָס רוב אין שטאָט, אין דאָרף בין איך געפאָרן נאָר איין מאָל אויף צוויי חדשים, און אויף דעם דריטן יאָר זיינען מיר געפאָרן קיין אויסלאַנד.

מיר האָבן זומער געלעבט אין די בעדער.

מיר איז דעמאָלסט געווען איין=און=צוואַנציק יאָר. אונזער פאַר־מעגן איז געווען, האָב איך געמיינט, אין אַ גלענצנדן צושטאַנד, פון דעם משפחה=לעבן האָב איך ניט געפאָדערט גאָרניט אימער דאָס, וואָס עס האָט מיר געגעבן; אַלע, וועמען איך האָב געקענט, האָט מיר אויסגעוויזן, האָבן מיך ליב געהאַט. איך בין געווען גע־זונט, מיינע טואַלעטן זיינען געווען די בעסטע אין די בעדער. איך האָב געוואוסט, אַז איך בין געווען שיין, דאָס וועטער איז געווען פיין, עפעס אַן אַטמאָספער פון שיינקייט און פיינקייט האָט מיך אַרומגערינגלט, און מיר איז געווען זייער פריילעך. איך בין ניט אַזוי געווען פריילעך, ווי איך פלעג זיין אין ניקאָלסקאָיע, בעת איך האָב געפילט, אַז איך בין גליקלעך אין זיך אַליין, אַז איך בין גליקלעך דערפאַר, וואָס איך האָב פאַרדינט סדאָזיקע גליק, אַז דאָס גליק מיינס איז גרויס, נאָר עס דאַרף זיין נאָך גרעסער, אַז עס ווילט זיך נאָך אַלץ מער און מער גליק. דעמאָלסט איז גע־ווען אַנדערש; אָבער אויך דעם זומער איז מיר געווען גוט. מיר האָט זיך גאָרניט געוואָלט, איך האָב אויף גאָרניט געהאָפט, פאַר גאָרניט מורא געהאַט, און מיין לעבן, האָט מיר אויסגעוויזן, איז געווען פול, און דאָס געוויסן, איז, דאַכט זיך, געווען רויִק. פון דער גאַנצער יוגנט אין דעם סעזאָן איז ניט געווען קיין איין מענטש, וועלכן איך זאָל מיט וואָס עס איז שטעלן העכער פון אַנדע־רע, אָדער אַפילו פון דעם אַלטן פירשט ק., אונזער אַמבאַסאַדאָר, וועל־כער האָט אַרום מיר געפאַדעט. איינער איז געווען אַ יונגער, דער

צווייטער אַן אַלטער, איינער — אַ בלאָנדער ענגלענדער, דער צווייטער אַ פראַנצויז מיט אַ בערדל, אַלע זיינען זיי פאַר מיר געווען גלייך, נאָר אַלע זיינען זיי מיר געווען נייטיק. דאָס זיינען געווען אַלץ אין דער זעלביקער מאָס גלייכגילטיקע פאַר מיר פערזאָנען, וועלכע האָבן געבילדעט די פריידיקע אַטמאָספער אַרום מיר. נאָר איינער פון זיי, דער איטאַליענישער מאַרקיז ד., האָט מער פאַר אַנדערע צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט מיט זיין דרייסטקייט און דעם אויסדרוק פון אַנטציקונג פאַר מיר. ער האָט ניט דורכגעלאָזן קיין צופאַל צו פאַרבלייבן מיט מיר, טאַנצן, רייטן, זיין אין קאַזינאָ און אַז. וו. און זאָגן מיר, אַז איך בין שיין. עטלעכע מאָל האָב איך אים געזען פון די פענסטער פון אונזער הויז, און אָפט האָט מיך דער אומאָנגענעם שאַרפער בליק פון זיינע גלאַנציקע אויגן געלאָזט רויט ווערן און אַרומקוקן זיך. ער איז געווען יונג, שיין, עלעגאַנט, און דער עיקר — מיטן שמייכל און מיט דעם אויסדרוק פונעם שטערן געראָטן אין מיין מאַן, הגם פיל שענער פאַר אים. ער האָט מיך פאַרוואונדערט מיט דער דאָזיקער ענלעכקייט, הגם אין אַלגעמיין, אין די ליפן, אין בליק, אין דער לאַנגער גאָמבע איז, אָנשטאָט דער פראַכט פון דעם מאַנס אויסדרוק פון גוטסקייט און אידעאַלער רויקייט, ביי אים געווען עפּעס ברוטאַלס, חיהשעס. איך האָב דעמאָלסט געמיינט, אַז ער ליבט מיך ליידנשאַפטלעך, און כפלעג אָפטמאָל טראַכטן וועגן אים מיט שטאָלצן רחמנות. איך פלעג אָפטמאָל וועלן באַרויקן אים, אַריבערפירן אים אויף אַ טאָן פון האַלבפריינטשאַפטלעכער, שטילער פאַרטרייעלעכקייט, אָבער ער האָט שאַרף אָפגעוואָרפן פון זיך די דאָזיקע פרוון און פלעגט מיך ווייטער צעמישן מיט זיין ליידנשאַפט, וועלכע האָט זיך ניט אויסגעדריקט, נאָר איז יעדע רגע גרייט געווען אויסצודריקן זיך. הגם איך האָב זיך ניט מודה געווען, נאָר איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם מענטשן און פלעג קעגן מיין ווילן אָפט טראַכטן וועגן אים. מיין מאַן איז מיט אים געווען באַקאַנט, און נאָך מער, איידער מיט אַנדערע באַקאַנטע אונזערע, פאַר וועלכע ער איז געווען בלויז דער מאַן פון זיין ווייב, האָט ער זיך קעגן אים געהאַלטן קאַלט און גאַוהדיק. צום סוף סעזאָן בין איך פאַרשלאָפט געוואָרן, און בין צוויי וואָכן ניט

אַרויס פון שטוב. בשעת איך בין דאָס ערשטע מאָל נאָך דער קראַנקהייט אינאָוונט אַרויס אויף דער מוזיק, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז בשעת איך בין ניט געווען איז געקומען צו פאָרן לעדי ס., אויף וועלכער מען האָט געוואַרט, און וועלכע איז געווען באַוואוסט מיט איר שיינקייט. מען האָט זי מיר באַוויזן, און זי איז אמת טאַקע געווען פראַכטפול, נאָר אויף מיר האָט געמאַכט אַן אומאָנגענעמען רושם די זעלבסטצופרידנקייט פון איר געזיכט, און איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט. מיר האָט אין דעם טאָג אויסגעוויזן אומעטיק אַלץ, וואָס איז מיר פריער געווען אַזוי פריילעך. אויפן צווייטן טאָג האָט לעדי ס. אַיינגעאָרדנט אַ שפּאַציר צום שלאָס, פון וועלכן איך האָב מיך אָפּגעזאָגט. מיט מיר איז כמעט קיינער ניט געבליבן, און אַלץ האָט זיך לגמרי געענדיקט אין מיינע אויגן. אַלץ און אַלע האָבן מיר אויסגעוויזן נאַריש און לאַנגווייליק, מיר האָט זיך געוואָלט וויינען, גיכער ענדיקן דעם הייל־קורס און פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד. אין דער נשמה איז בײַ מיר געווען עפּעס ניט קיין גוטער געפיל, אָבער איך האָב זיך נאָך אין אים ניט מודה געווען. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין שוואַך, און האָב מיך אויפגעהערט צו באַווייזן אין דער געזעלשאַפט, נאָר אינדערפרי פלעג איך זעלטן־ווען אַרויסגיין טרינקען וואַסער איינע אַליין, אָדער מיט ל. מ., אַ רוסישער באַקאַנטער, פלעג איך אַרויספאָרן אין דער אומגעגנט. דער מאַן איז דעמאָלט ניט געווען; ער איז אויף עטלעכע טעג אַוועקגעפאָרן קיין היידלבערג, וואַרטנדיק אויפן סוף פון מיין קורס, כדי צו פאָרן קיין רוסלאַנד, און ער פלעגט אַמאָל קומען צו פאָרן צו מיר.

איינמאָל האָט לעדי ס. צוגעצויגן די גאַנצע געזעלשאַפט אויף אַ יאַגד, און איך מיט ל. מ. זיינען נאָך מיטאָג אַוועקגעפאָרן אין שלאָס אַריין. פאַר דער צייט, וואָס מיר זיינען טריט בײַ טריט אַרויפגעפאָרן אין פאַעטאָן איבער דעם געשלענגלטן וועג צווישן אַלטע קאַשטאַנען־ביימער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך ווייטער און ווייטער באַוויזן די דאָזיקע שיינינקע עלעגאַנטע באַדענער געגנטן, באַלויכטענע פון דער פאַרגייענדיקער זון, האָבן מיר זיך פונאַנדערגערעדט ערנסט, ווי מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט גערעדט. ל. מ., וועל־

כע איך האָב שוין לאַנג געקענט, האָט זיך פאַר מיר דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטער, קלוגער פרוי, מיט וועלכער מען קאָן ריידן וועגן אַלץ, און מיט וועלכער עס איז אָנגענעם צו זיין אין פריינדשאַפט. מיר האָבן גערעדט וועגן משפחה, קינדער, וועגן דער פוסטקייט פון היגן לעבן, אונז האָט זיך געוואָלט אין רוסלאַנד, אין דאָרף, און עס איז געוואָרן עפעס אומעטיק און גוט. אונטער דעם רושם פון דעם זעלביקן ערנסטן געפיל זיינען מיר אַריין אין שלאָס. צווישן די ווענט איז געווען שאָטנדיק, פריש, אינדערהויך האָט אויף די חורבות געשיינט די זון, עס האָבן זיך געהערט עמעצנס טריט און שטימען. פון דער טיר, ווי פון אַ ראַם, האָט זיך געזען די דאָזיקע פרעכטיקע, פאַר אונז, רוסלענדער, קאַלטע באַדענער בילד. מיר האָבן זיך געזעצט רוען און האָבן שווייגנדיק געקוקט אויף דער פאַרגייענדיקער זון. די שטימען האָבן זיך דערהערט דייטלעכער, און מיר האָט אויסגעוויזן, אַז מען האָט אָנגערופן מיין פאַמיליע. איך האָב מיך אָנגעהויבן צוהערן און כ'האָב ניט ווילנדיק געהערט יעדעס וואָרט. די שטימען זיינען געווען באַקאַנטע; דאָס איז געווען מאַרקיז ד. און דער פראַנצויז, זיין חבר, וועלכן איך האָב אויך געקענט. זיי האָבן גערעדט וועגן מיר און לעדי ס. דער פראַנצויז האָט פאַרגליכן מיך מיט איר און אַנאַליזירט די שיינקייט פון איינער און דער צווייטער. ער האָט ניט גערעדט קיינע באַליידיקנדיקע זאַכן, נאָר ביי מיר האָט דאָס בלוט צוגעשטראָמט צום האַרצן, בעת איך האָב דערהערט זיינע ווערטער. ער האָט גענוי דערקלערט, וואָס איז גוט געווען אין מיר, און וואָס איז גוט געווען אין דער לעדי ס. איך האָב שוין געהאַט אַ קינד, און לעדי ס. איז אַלט געווען ניינצן יאָר. איך האָב געהאַט אַ צאָפּ אַ שענערן, דערפאַר איז ביי לעדי ס. דער ביוסט געווען אַ גראַציעזערער; די לעדי איז אַ גרויסע דאַמע, בשעת אייערע, האָט ער געזאָגט, איז אַזוי זיך, איינע פון יענע קליינינקע רוסישע פירשטינס, וועלכע הייבן אָן אַזוי אָפט צו באַווייזן זיך דאָ. ער האָט געענדיקט דערמיט, אַז איך טו אויסגעצייכנט, וואָס איך מאַך ניט קיין פראָבע צו קעמפן מיט לעדי ס., און אַז איך בין ענדגילטיק אַ באַגראָבענע אין באָדן.

— מיר איז אַ רחמנות אויף איר.

— אויב נאָר זי וועט זיך ניט וועלן טרייכטן מיט אייך, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ פריילעכן און אַ האַרטן געלעכטער.

— אויב זי וועט אַוועקפאָרן, וועל איך נאָך איר נאָכפאָרן, — האָט גראָב אַרויסגערעדט אַ שטימע מיט אַן איטאַליעניש אַק־צענט.

— אַ גליקלעכער מענטש! ער קאָן נאָך ליבן! — האָט דער פראַנצויז זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— ליבן! — האָט געזאָגט די שטימע און אַ ביסל אַנטשוויגן געוואָרן, — איך קאָן ניט ניט־ליבן! — אָן דעם איז ניטאָ קיין לעבן. מאַכן אַ ראָמאַן פונם לעבן איז דאָס איינציקע, וואָס עס איז פאַראַן גוטס. און מיין ראָמאַן בלייבט קיינמאָל ניט איבער אינ־מיטן, און איך וועל דעם אייך דערפירן ביזן סוף.

— איך ווינטש דערפאָלג, מיין פריינד! — האָט געזאָגט דער פראַנצויז.

ווייטער האָבן מיר שוין ניט געהערט, ווייל זיי זיינען אַוועק הינטער אַ ווינקל, און מיר האָבן דערהערט זייערע טריט פון דער אַנדער זייט. זיי זיינען אַראָפ פון די טרעפ און אין עטלעכע מינוט אַרום זיינען זיי אַרויס פון אַ זייטיקער טיר און האָבן זיך זייער פאַרוואונדערט, דערזעענדיק אונז. איך בין רויט געוואָרן, בעת מאַר־קיז ד. איז צוגעגאַנגען צו מיר און מיר איז געוואָרן שרעקלעך, בעת ער האָט, אַרויסגייענדיק פון שלאָס, מיר דערלאַנגט די האַנט. איך האָב ניט געקענט אָפּזאָגן, און הינטער ל. מ., וועלכע איז געגאַנגען מיט זיין פריינד, זיינען מיר אַוועק צום פּאַעטאָן. איך בין געווען באַליידיקט דערמיט, וואָס עס האָט וועגן מיר געזאָגט דער פראַנצויז, הגם בכּוד האָב איך געוואוסט, אַז ער האָט נאָר געזאָגט דאָס, וואָס איך האָב אַליין געפילט; אָבער דעם מאַרקיזס ווערטער האָבן מיך פאַוואונדערט און דערצאָרנט מיט זייער גראָבקייט. מיך האָט געפייניקט דער געדאַנק, וואָס איך האָב געהערט זיינע ווערטער, און ניט געקוקט דערויף, האָט ער פאַר מיר קיין מורא ניט. מיר איז עקלהאַפט געווען צו פילן אים אַזוי נאָענט לעבן זיך, און ניט קוקנדיק אויף אים, ניט ענטפערנדיק אים און כטאַרענדיק זיך

צו האַלטן די האַנט אַזוי, אַז איך זאָל אים ניט פילן, האָב איך מיך געאײַלט צו גיין נאָך ל. מ. און נאָכן פראַנצויז. דער מאַרקיז האָט עפעס גערעדט וועגן דעם שיינעם אויסזען, וועגן דעם אומדערוואַרטן גליק צו באַגעגענען מיך און נאָך עפעס, אָבער איך האָב אים ניט געהערט. איך האָב אין דער צייט געטראַכט וועגן מאַן, וועגן זון, וועגן רוסלאַנד; פאַר עפעס וואָס האָט מיך דער געוויסן געפייניקט, עפעס איז מיר געווען אַ שאָדן, עפעס האָט זיך געוואָלט, און איך האָב מיך געאײַלט גיכער אַהיים אין מיין איינזאַם צימער אין Hôtel de Bade, כדי צו באַטראַכטן אויף דער פרייהייט דאָס אַלץ, וואָס עס האָט זיך ערשט איצט דערוועקט אין מיין נשמה. אָבער ל. מ. איז געגאַנגען פאַמעלעך. ביזן פאַעטאָן איז געווען נאָך ווייט, און מיין קאַוואַלער, האָט מיר אויסגעוויזן, האָט פאַרעקשנט קלענערע טריט געשטעלט, גלייך ווי ער וואָלט זיך געפרווט אָפצוהאַלטן מיך. „דאָס קען ניט זיין!" האָב איך אַ טראַכט געטאָן און בין אַנטשלאָסן אַוועק פאַריס, אָבער ער האָט מיך בפירוש צוגעהאַלטן און אַפילו צוגעדריקט מיין האַנט. ל. מ. האָט זיך פאַרקירעוועט הינטער אַ ווינקל פון דעם וועג, און מיר זיינען געבליבן אינגאַנצן אַליין. מיר איז געוואָרן שרעקלעך.

— פאַרצייט, — האָב איך געזאָגט קאַלט און געוואָלט באַפרייען די האַנט, אָבער די שפיצן פון אַרבל האָבן זיך פאַרטשעפעט אָן זיין קנעפל. ער האָט אָנבויגנדיק זיך צו מיר מיט דער ברוסט, גענומען אָפטשעפען, און זיינע פינגער אָן אַ הענטשקע האָבן אָנגערירט מיין האַנט. עפעס אַ נייער געפיל פאַר מיר, אַ מין אימה, צי אַ מין תענוג איז מיר ווי אַ פראָסט דורכגעלאָפן איבערן רוקן. איך האָב אויף אים אַ בליק געטאָן, כדי מיטן קאַלטן בליק אויסצודריקן די גאַנצע פאַראַכטונג, וואָס איך פיל צו אים. אָבער מיין בליק האָט אויסגעדריקט ניט דאָס, ער האָט אויסגעדריקט דערשראָקנקייט און צערודערונג. זיינע ברענענדיקע פייכטע אויגן כמעט לעבן מיין פנים האָבן ליידנשאַפטלעך געקוקט אויף מיר, אויף מיין האַלז, אויף מיין ברוסט, זיינע ביידע הענט האָבן איבערגעלייגט פון איינער אין דער אַנדערער מיין האַנט, העכער פאַר דער דלאָניע, זיינע אָפענע ליפן האָבן עפעס גערעדט, אַז ער ליבט מיך, אַז איך

בין פאַר אים אַליין, און די דאָזיקע ליפּן האָבן זיך דערנענטערט צו מיר, און די הענט האָבן שטאַרקער צונויפגעדריקט מײַנע און האָבן מיך געבּרענט. אַ פײַער איז דורכגעלאָפן איבער מײַנע אָדערן, אין די אויגן איז פינצטער געוואָרן, איך האָב געציטערט, און די ווערטער, מיט וועלכע איך האָב אים געוואָלט אָפּהאַלטן, זײַנען אויסגעטריקנט געוואָרן בײַ מיר אין האַלז. פּלוצלינג האָב איך דערפילט אַ קוש אויף מײַן האַלז, און, ציטערנדיק און קאַלט ווערנדיק אינגאַנצן, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף אים. ניט זײַענדיק בכּוח ניט צו ריידן, ניט צו רירן זיך, האָב איך מיט אימה געוואַרט און עפּעס פאַרלאַנגט. דאָס אַלץ האָט געדויערט איין אויגנבליק. אָבער דער אויגנבליק איז געווען שרעקלעך! איך האָב אים אַזוי געזען אינגאַנצן אין דעם אויגנבליק. אַזוי פאַרשטענדלעך איז מיר געווען זײַן פּנים; דער דאָזיקער משופּעדיקער נידעריקער שטערן, וואָס האָט זיך געזען פון אונטער דעם שטרויענעם הוט; די דאָזיקע שיינע גלײַכע נאָז מיט די אָנגעבלאָזענע נאָז-פליגלען; די דאָזיקע גלאַט לאַנגע שאַרף-אָנגעזאַלבטע וואָנצן און דאָס בערדל; די דאָזיקע גלאַט אָפּגעראַזירטע באַקן אין דער פאַרברענטער האַלז. איך האָב אים פײַנט געהאַט, כ'האָב פאַר אים מורא געהאַט, אַזאַ פרעמדער איז ער מיר געווען; אָבער אין דער רגע האָט זיך אין מיר אַזוי שטאַרק אָפּגערופן די צערודערונג און די ליידנשאַפט פון דעם דאָזיקן פאַרהאַסטן פרעמדן מענטשן! אַזוי אומבאַשטרײַטלעך האָב איך געוואָלט אָפּגעבן זיך צו די קושן פון דעם גראָבן און שיינעם מויל, צו די אומאָרעמונגען פון די ווײַסע דינע הענט מיט די רינגען אויף די פינגער. עס האָט מיך אַזוי געצויגן צו וואַרפן זיך, פאַרגעסנדיק אָן אַלץ, אין דעם פּלוצלינג אָפּגעעפנטן, צוציענדיקן אָפּגרונט פון פאַרבאָטענע תענוגים...

„איך בין אַזוי אומגליקלעך, — האָב איך געטראַכט, — טאָ זאָלן זיך נאָך מער און נאָך מער אומגליקן אָנזאַמלען אויף מײַן קאָפּ".

ער האָט מיך אַרומגענומען מיט איין האַנט און אָנגעבויגן זיך צו מײַן געזיכט. „זאָל זיך נאָך און נאָך אָנקלײַבן תּרפֿה און זינד אויף מײַן קאָפּ".

— Je vous aime —, האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט מיט אַ
שטים, וועלכע איז געווען אַזוי ענלעך צו דער שטים פון מיין
מאַן. מיין מאַן און מיין קינד זיינען מיר געקומען איפּן זינען,
ווי אַמאָליקע טייערע נפשות, וואָס איך האָב שוין מיט זיי אַלץ
פאַרענדיקט. נאָר פּלוצלונג האָט זיך הינטער דעם ראָג פונעם וועג
דערהערט די שטים פון ל. מ., וועלכע האָט מיך גערופן. איך בין
געקומען צו זיך, האָב אַרויסגעריסן מיין האַנט, און ניט קוקנדיק
אויף אים, בין איך כמעט ווי אַוועקגעלאָפן נאָך ל. מ. מיר האָבן
זיך אַריינגעזעצט אין פאַעטאָן, און ערשט דאָ האָב איך אַ בליק
געטאָן אויף אים. ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און עפּעס גע-
פרעגט שמייכלענדיק. ער האָט ניט פאַרשטאַנען דעם אומאויסדריק-
לעכן געפיל, וואָס איך האָב אין דער רגע געשפּירט צו אים.

מיין לעבן האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי אומגליקלעך, די צוקונפט
אַזוי האָפענונגסלאָז, די פאַרגאַנגענהייט אַזוי שוואַרץ! ל. מ. האָט מיט
מיר גערעדט, נאָר איך האָב ניט פאַרשטאַנען אירע ווערטער. מיר
האָט אויסגעוויזן, אַז זי רעדט מיט מיר בלויז אויס רחמנות, כדי
צו פאַרבאָרגן די פאַראַכטונג, וועלכע איך רוף אין איר אַרויס. אין
יעדן וואָרט, אין יעדן בליק האָט זיך מיר אָפּגעדאַכט די דאָזיקע
פאַראַכטונג און דאָס באַליידיקנדיקע רחמנות. דער קוש האָט מיר
מיט חרפה געברענט די באַק, און דער געדאַנק וועגן דעם מאַן און
וועגן דעם קינד איז מיר געווען אומדערטרעגלעך. געבליבן אַליין אין
מיין צימער, האָב איך געהאָפט צו באַטראַכטן מיין לאַגע, אָבער
מיר איז געווען שרעקלעך איינער אַליין, איך האָב ניט דערטרונקען
דעם טיי, וואָס מען האָט מיר דערלאַנגט, און אַליין ניט וויסנדיק
צוליב וואָס, האָב איך מיט היציקער איילקייט גענומען תיכף-ומיד
קלייבן זיך צום אָוונטצוג קיין היידלבערג צו דעם מאַן.

בעת איך האָב מיך מיט דער דינסטמיידל אַריינגעזעצט אין דעם
פּוסטן וואַגאָן, די מאַשין האָט זיך גערירט, און די פרישע לופט
האָט מיר אַ בלאָז געטאָן אין פענסטער אַריין, האָב איך אָנגעהויבן
קומען צו זיך און קלערער פאָרשטעלן זיך מיין פאַרגאַנגענהייט און
די צוקונפט. דאָס גאַנצע לעבן מיינס נאָך דער חתונה פון דעם טאָג
אָן, וואָס מיר זיינען אַרויסגעפאָרן קיין פּעטערבורג, האָט זיך פאַר מיר

פֿאַרגעשטעלט אין אַ נייער באַליכטונג. און זיך אַוועקגעלייגט אויך מיין געוויסן מיט פֿאָרוואורף. איך האָב דאָס ערשטע מאָל לעבעדיק דערמאָנט זיך די ערשטע צייט אונזערע אין דאָרף, אונזערע פּלענער, און דאָס ערשטע מאָל איז מיר געקומען אויפֿן רעיון די פֿראַגע: וואָס-זשע פֿאַר אַ פֿריידן האָט ער געהאַט פֿאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט? און איך האָב מיך דערפֿילט אַ שולדיקע קעגן אים. אָבער פֿאַרוואָס האָט ער מיך ניט אָפּגעהאַלטן? פֿאַרוואָס איז ער ניט געווען אויפֿריכטיק מיט מיר, פֿאַרוואָס האָט ער אויסגעמיידט דערקלערונגען, פֿאַרוואָס האָט ער באַליידיקט? — האָב איך זיך געפֿרעגט. — פֿאַרוואָס האָט ער ניט אויסגענוצט די מאַכט פֿון זיין ליבע איבער מיר? אָדער ער האָט מיך ניט ליב געהאַט? אָבער ווי שולדיק ער זאָל ניט זיין, איז דאָך דער קוש פֿון אַ פֿרעמדן מענטשן געשטאַנען אויף מיין באַק, און איך האָב אים געפֿילט. וואָס נעענטער איך בין צוגעפֿאָרן צו היידלבערג, אַלץ קלערער האָב איך זיך פֿאָרגעשטעלט דעם מאַן, און אַלץ שרעקלעכער איז מיר געווען די באַגעגעניש, וואָס איז מיר פֿאָרגעשטאַנען. איך וועל אים אַלץ, אַלץ זאָגן, אַלץ אויסוויינען פֿאַר אים מיט טרערן פֿון חרטה, — האָב איך געטראַכט, — און ער וועט מיר מוחל זיין. נאָר איך האָב אַליין ניט געוואוסט וואָס אַזוינס „אַלץ" וועל איך אים זאָגן, און איך האָב אַליין ניט געגלויבט, אַז ער וועט מיר מוחל זיין.

אָבער ווי נאָר איך בין אַריין אין צימער צו דעם מאַן און איך האָב דערזען זיין רויִק, הגם פֿאַרוואונדערט פּנים, האָב איך דערפֿילט, אַז איך האָב אים ניט, וואָס צו זאָגן, ניטאָ אין וואָס מודה צו זיין זיך, ניטאָ פֿאַר וואָס צו בעטן זיין פֿאַרצייונג. דער ניט אַרויסגעזאָגטער צער און די חרטה האָבן געמוזט פֿאַרבלייבן אין מיר.

— ווי איז עס דיר געקומען אויפֿן זינען? — האָט ער געזאָגט, — און איך האָב מאָרגן געוואָלט פֿאָרן צו דיר. — נאָר צוגעקוקט זיך נעענטער צו מיין געזיכט, האָט ער זיך גלייך ווי דערשראָקן. — וואָס איז אַזוינס? וואָס איז מיט דיר? — האָט ער געזאָגט.

— גאָרניט, — האָב איך געענטפֿערט, קוים איינהאַלטנדיק זיך

פון טרערן. — איך בין אינגאַנצן געקומען צו פאָרן. לאָמיר פאָרן אַהיים אין רוסלאַנד כאָטש מאָרגן.

ער האָט גאַנץ לאַנג שווייגנדיק און אויפמערקזאַם אַ קוק גע־טאָן אויף מיר.

— דערצייל אָבער, וואָס איז מיט דיר געשען? — האָט ער גע־זאָגט.

איך בין ניט ווילנדיק רויט געוואָרן און האָב אַראָפּגעלאָזן די אויגן. אין זיינע אויגן האָט אַ גלאַנץ געטאָן אַ געפיל פון באַליי־דיקונג און פון צאָרן. איך האָב מיך דערשראָקן פאַר די געדאַנקען, וועלכע האָבן אים געקענט קומען אויפן זינען, און מיט אַן אָנשטעל־קראַפט, וועלכע איך האָב אין זיך אַליין ניט דערוואַרט, האָב איך געזאָגט:

— ס'איז גאָרניט געשען, פשוט ס'איז מיר איינער אַליין גע־וואָרן לאַנגווייליק און אומעטיק, און איך האָב פיל געטראַכט וועגן אונזער לעבן און וועגן דיר. איך בין שוין אַזוי לאַנג שולדיק קעגן דיר! — צוליב וואָס פאָרסטו מיט מיר אַהין, וואוהין דיר ווילט זיך ניט? איך בין שוין לאַנג שולדיק קעגן דיר, — האָב איך איבערגע־חזרט, און ווידער האָבן זיך מיר טרערן באַוויזן אין די אויגן. — לאָמיר פאָרן אין דאָרף און אויף שטענדיק.

— אַך, מיין פריינד, לאָז צורו מיט די סענטימענטאַלע סצענעס, — האָט ער געזאָגט קאַלט. — דאָס, וואָס דו ווילסט פאָרן אין דאָרף, דאָס איז גוט, ווייל מיר האָבן שוין געלט אויך ווייניק; נאָר דאָס וואָס אויף שטענדיק — איז אַ חלום. איך ווייס, אַז דו וועסט ניט אויסהאַלטן. אָט טרינק טיי, דאָס וועט זיין בעסער, — האָט ער געענדיקט, אויפשטייענדיק, כדי אָנצוקלינגען צום באַדינער.

מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט אַליץ, וואָס ער האָט געקענט טראַכטן וועגן מיר, און איך האָב מיך באַליידיקט פון די שרעקלעכע געדאַנקען, וועלכע איך האָב אין אים משער געווען, באַגעגענענדיק דעם ניט־זיכערן און גלייך ווי פאַרשעמטן בליק, וועלכער איז געווען אויסגע־שטעלט אויף מיר. ניין, ער וויל ניט און קען מיך ניט פאַרשטיין! איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל גיין אַ בליק טאָן אויפן קינד,

און בין אַרויס פון אים. מיר האָט זיך געוואָלט זיין אַליין און וויינען, וויינען, וויינען...

.IX

דאָס לאַנג ניט געהייצטע, ליידיקע ניקאָלסקער הויז האָט פון כ׳ניי אָפּגעלעבט, עס האָט אָבער ניט אָפּגעלעבט דאָס, וואָס עס האָט פריער געלעבט אין אים. די מאַמעשי איז שוין ניט געווען, און מיר זיינען געבליבן אַליין איינער מיטן אַנדערן. אָבער איצט איז אונז ניט נאָר ניט נייטיק געווען די איינזאַמקייט, נאָר זי האָט אונז געשטערט. דער ווינטער איז געווען פאַר מיר אַ שלעכטער, ובפרט אַז איך בין געווען קראַנק און האָב מיך פאַרריכט ערשט נאָכן קינפעט פון מיין צווייטן זון. די באַציִונגען מיטן מאַן זיינען ווייטער געווען אַלץ קאַלט־פריינדלעכע, ווי בשעת אונזער שטאָטישן לעבן, אָבער אין דאָרף האָט יעדע ברעט פון דער פּאָדלאָגע, יעדע וואַנט, דער דיוואַן מיר דערמאָנט אָן דעם, וואָס איז ער אַזוינס פאַר מיר געווען, און וואָס איך האָב פאַרלאָרן. גלייך ווי אַ ניט־פאַרצייטע באַליידיקונג איז געלעגן צווישן אונז, גלייך ווי ער האָט מיך באַשטראָפט פאַר עפּעס, און ער האָט זיך געמאַכט, כלומרשט, ער זעט עס אַליין ניט. בעטן פאַרצייונג איז ניט געווען פאַר וואָס, בעטן באַגנעדיקונג איז ניט געווען פון וואָס; ער האָט מיך געשטראָפט בלויז דערמיט, וואָס ער האָט זיך מיר ניט אָפּגעגעבן אינגאַנצן, מיט דער גאַנצער נשמה זיינער, ווי פריער; אָבער קיינעם און קיין זאַך האָט ער זי ניט אָפּגעגעבן, גלייך ווי ער וואָלט זי שוין ניט געהאַט. אַמאָל פלעגט מיר קומען אויפן זינען, אַז ער מאַכט זיך נאָר פאַר אַזאַ, כדי מיך צו פייניקן, און אַז אין אים לעבט נאָך דער פריערדיקער געפיל, און איך האָב מיך ממש געמיט אַרויסצורופן אים. אָבער ער פלעגט יעדעס מאָל גלייך ווי אויסמיידן די אָפנהאַרציקייט. גלייך ווי ער האָט מיך חושד געווען, אַז איך מאַך מיך, און האָט מורא געהאַט, ווי פאַר לעכערלעכס פאַר יעדער סענטימענטאַלישקייט. זיין בליק און טאָן האָבן גערעדט: איך ווייס אַלץ, איך ווייס אַלץ. ניטאָ וואָס צו ריידן, אַלץ, וואָס דו ווילסט זאָגן, ווייס איך. איך ווייס אפילו דאָס, אַז דו וועסט זאָגן איינס און טאָן עפּעס אַנדערש.

לכתחילה האָב איך מיך באַליידיקט פון דער דאָזיקער מורא פאַר אָפנהאַרציקייט. די צונג וואָלט זיך ביי מיר איצט קיין קער ניט געטאָן, צו זאָגן אים, אַז איך ליב אים, אָדער בעטן אים, איבערצולייענען מיט מיר אַ תפילה, אָדער אַ רוף טאָן אים הערן, ווי איך שפּיל. צווישן אונז האָט זיך שוין געלאָזט פילן געוויסע באַדינגונגען און אָנשטענדיקייטן. מיר האָבן געלעבט יעדערער באַזונדער. ער מיט זיינע באַשעפטיקונגען, אין וועלכע איך האָב ניט געדאַרפט און אַ צאָט ניט געוואָלט קיין אָנטייל נעמען; איך — מיט מיין ליידיקגיין, וועלכע האָט אים ניט באַליידיקט און ניט פאַרשאַפט קיין צער, ווי פריער. די קינדער זיינען נאָך געווען צו קליינע, און זיי האָבן אונז נאָך ניט געקענט פאַראייניקן.

נאָר ס'איז אָנגעקומען דער פרילינג. קאַטיע און סאָניע זיינען אויף זומער געקומען אין דאָרף, אונזער הויז אין ניקאָלסקאָיע האָט מען גענומען איבערבויען, מיר זיינען אַריבערגעפאָרן קיין פּאָקראָווסקאָיע. דאָס איז געווען דאָס זעלביקע פּאָקראָווסקער אַלטע הויז מיט דער טעראַסע, מיט דעם באַוועגלעכן טיש און מיט דער פאָרטעפּיאַנע אין דעם ליכטיקן זאַל, און מיט מיין אַמאָליקן צימער מיט די ווייסע פאָרהענגלעך, און מיט מיינע, גלייך ווי דאָרט פאַרגעסענע מיידלשע טרוימען. אין דעם צימער זיינען געווען צוויי בעטלעך, איינע די אַמאָליקע מיינע, אין וועלכער איך האָב אין די אָוונטן געצלמט דעם צעוואָרפענעם ווייכינקן קאָקאָשען, און די צווייטע אַ קליינינקע, אין וועלכער עס האָט פון די ווינדעלעך אַרויסגעקוקט וואַניעס פּנימל. איבערגעצלמט זיי, פלעג איך מיך אָפט אָפּשטעלן אינמיטן דעם שטילן צימערל, און פּליצלונג פלעגן זיך אויפהויבן פון אַלע ווינקלען, פון די ווענט, פון די פאָרהאַנגען אַלטע פאַרגעסענע יונגע זעונגען. אַלטע שטימען פלעגן אָנהייבן זינגען מיידלשע לידער, און וואו זיינען די דאָזיקע זעונגען; וואו זיינען די דאָזיקע ליבע זיסע לידער? ס'איז מקויים געוואָרן אַלץ, אויף וואָס איך האָב קוים געוואַגט צו האָפן. די אומבאַשטימטע צעגאָסענע טרוימען זיינען געוואָרן ווירקלעכקייט; און די ווירקלעכקייט איז געוואָרן אַ שווער און אָנפריידיק לעבן. און דאָך איז אַלץ דאָס זעלביקע: דער זעלביקער סאָד זעט זיך פון פענסטער, דאָס זעלביקע פלעצל, דאָס זעלביקע שטעגל, די זעלביקע

באַנק דאָרט אויפן ברעג טאָל, די זעלביקע לידער פון די כאָלאָווייען דערטראָגן זיך פון סטאַוו, די זעלביקע בעזן און בליִונג, און די זעלביקע לבנה שטייט איבערן הויז. און אַלץ האָט זיך אַזוי שרעקלעך, אַזוי אוממעגלעך געענדערט! אַזוי קאַלט איז אַלץ, וואָס האָט געקאָנט זיין אַזוי טייער און נאָענט! פונקט ווי אַמאָל, זיצנדיק זאַלבענאַנד אין גאַסטצימער, רייד איך מיט קאַטיען, און מיר ריידן וועגן אים. אָבער קאַטיע איז געוואָרן מיט קנייטשן, געל, אירע אויגן גלאַנצן ניט מיט פרייד און האָפענונג, נאָר זיי דריקן אויס מיטפילנדיקן אומעט און באַדויערן. מיר זייען ניט אַנטציקט פון אים ווי אַמאָל, מיר משפטן אים, מיר וואונדערן זיך ניט, צוליב וואָס און פאַרוואָס מיר זיינען אַזוי גליקלעך, און ניט ווי אַמאָל ווילן מיר פאַר דער גאַנצער וועלט דערציילן, דאָס, וואָס מיר טראַכטן; ווי פאַררעטערינס שעפטשען מיר זיך איינע מיט דער אַנדערער און צום הונדערטסטן מאָל פרעגן מיר איינע די אַנדערע, פאַרוואָס האָט זיך אַלץ אַזוי טרויעריק געענדערט? און ער איז אַלץ דער זעלביקער, עס איז נאָר טיפער דער קנייטש צווישן זיינע ברעמען, מער גראָע האָר אין די פיאותן, נאָר דער טיפער איינמערקזאַמער בליק איז פאַר מיר שטענדיק איבערגעצויגן מיט אַ כמאַרע. איך בין אויך אַלץ די זעלביקע, נאָר אין מיר איז ניטאָ ניט קיין ליבע, ניט קיין ווילן פון ליבע, ניטאָ קיין באַדערפעניש אין אַרבעט, ניט קיין צופרידנקייט מיט זיך. און אַזוי ווייט און אוממעגלעך ווייזן מיר אויס די פריערדיקע רעליגיעזע אַנטציקונגען, און די פריערדיקע ליבע צו אים, די פריערדיקע פולקייט פון לעבן. איך וואָלט איצט ניט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס פריער האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי קלאָר און יושרדיק. דאָס גליק צו לעבן פאַר דעם צווייטן. פאַרוואָס פאַר דעם צווייטן? אַז פאַר זיך אַליין ווילט זיך אויך ניט לעבן.

איך האָב אינגאַנצן פאַרוואָרפן די מוזיק, זינט איך בין אַרויסגעפאָרן קיין פעטערבורג; נאָר איצט האָבן די אַלטע פאָרטעפּיאַנע און די אַלטע נאָטן ביי מיר ווידער אַרויסגערופן חשק.

איינמאָל בין איך געווען אַ ביסל ניט געזונט און בין איינע אַליין פאַרבליבן אין שטוב. קאַטיע און סאָניע זיינען אַוועקגעפאָרן מיט אים צוזאַמען אין ניקאָלסקאָיע אַ בליק טאָן אויף דעם נייעם בנין.

דער טיש איז געווען געדעקט צו טיי. איך בין אַראָפּ אונטן, און וואַרטנדיק אויף זיי, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט לעבן דער פּאָרטעפּיאַנע. איך האָב אויפגעעפנט די קאָנאַטע quasi una fantasia און אָנגעהויבן שפּילן זי. ס'האָט זיך קיינער ניט געזען און ניט געהערט, די פענצטער זיינען געווען אָפן צום סאָד; און די באַקאַנטע, טרויעריק-פייערלעכע קלאַנגען האָבן זיך געלאָזט הערן אין צימער. איך האָב געענדיקט דעם ערשטן טייל און אינגאַנצן אומבאַוואוסטזיניק, לויט דער אַלטער רגילות, אומגעקוקט זיך אויף דעם ווינקל, אין וועלכן ער פלעגט אַמאָל זיצן, הערנדיק מיך. אָבער ער איז ניט געווען. דער שטול, שוין לאַנג ניט גערירט פון אָרט, איז געשטאַנען אין זיין ווינקל; און אין פענסטער האָט זיך געזען אַ קוסט פון בעז אויף דער העלער שקיעה, און די פרישקייט פונעם אָוונט האָט זיך אַריינגעגאָסן אין די אָפענע פענסטער. איך האָב מיך אָנגעלענט אויף דער פּאָרטעפּיאַנע מיט ביידע הענט, פאַרשטעלט מיט זיי דעם פּנים און זיך פאַרטראַכט. איך בין לאַנג געזעסן אַזוי, מיט ווייטאָג, דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלטע, וואָס קערט זיך ניט אום, און ניט זיכער צוטראַכטנדיק נייעס. אָבער פאָרויס איז שוין, דאַכט זיך, גאָרניט געווען, גלייך ווי איך וואָלט גאָרניט געוואָלט און אויף גאָרניט געהאָפט. צי דען האָב איך שוין אָפּגעלעבט? האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אויפהויבנדיק דעם קאָפּ מיט שרעק, און כדי צו פאַרגעסן און ניט צו טראַכטן, האָב איך ווידער אָנגעהויבן שפּילן און אַלץ די זעלביקע andante. גאָט מיינער! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — זיי מיר מוחל, אויב איך בין שולדיק, אָדער קער מיר אום אַלץ, וואָס עס איז געווען אַזוי שיין אין מיין נשמה, אָדער לערן מיך אויס, וואָס זאָל איך טאָן? ווי זאָל איך איצט לעבן? אַ גערויש פון רעדער האָט זיך דערהערט אויפן גראָז, און לעבן גאַניק און אויף דער וועראַנדע האָבן זיך דערהערט פאָרזיכטיקע באַקאַנטע טריט און זיינען שטיל געוואָרן. אָבער שוין ניט דער פריערדיקער געפיל האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם קלאַנג פון די דאָזיקע באַקאַנטע טריט. בעת איך האָב געענדיקט, האָבן זיך די טריט דערהערט הינטער מיר, און אַ האַנט האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף מיין אַקסל.

— ס'איז אַ חכמה דו ביסט, וואָס דו האָסט געשפּילט די דאָזיקע סאָנאַטע, — האָט ער געזאָגט.

איך האָב געשוויגן.

— דו האָסט ניט געטרונקען קיין טיי?

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און ניט אומגעקוקט זיך אויף אים, כּדי ניט צו באַווייזן די שפּורן פון צערודערטקייט, וועלכע זיינען געבליבן אויף מיין געזיכט.

— זיי וועלן באַלד קומען; דאָס פערד האָט זיך צעהיליעט, און זיי זיינען פונעם שליאַך אַראָפּ צופוס, — האָט ער געזאָגט.

— לאָמיר אויף זיי וואַרטן, — האָב איך געזאָגט און בין אַרויס אויף דער וועראַנדע, האָפנדיק, אַז ער וועט אויך אַרויס נאָך מיר; אָבער ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף די קינדער און איז אַוועק צו זיי. ווידער אַמאָל האָט זיין אָנוועזנהייט, זיין פּראָסטע, גוטע שטימע ניט געלאָזט מיר גלייבן, אַז איך האָב עפּעס וואָס פאַרלאָרן. אויף וואָס דאַרף מען דען נאָך וואַרטן. ער איז גוט, שטיל, ער איז אַ גוטער מאַן, אַ גוטער פאָטער, איך וויים אַליין ניט, וואָס נאָך פעלט מיר. איך בין אַרויס אויף דער וועראַנדע, און האָב מיך געזעצט אונטערן לייוונט פון דער טעראַסע אויף דעם אָרט גופא, אויף וועלכן איך בין געזעסן אין דעם טאָג, ווען מיר האָבן זיך דערקלערט אין ליבע. די זון איז שוין פאַרגאַנגען, ס'האָט אָנגעהויבן פינצטער ווערן, און אַ פרילינגדיקע, טונקעלע כמאַרעלע איז געהאַנגען איבערן הויז און איבערן גאָרטן, נאָר הינטער די ביימער האָט זיך געזען דער ריינער ראַנד פון הימל מיט דער אויסגייענדיקער שקיעה און מיט דעם נאָר־וואָס אָנגעצונדענעם אָוונט־שטערן. איבער אַלץ איז געשטאַנען דער שאָטן פון דעם לייכטן וואָלקן, און אַלץ האָט געוואַרט אויף אַ שטיל פרילינגדיק רעגנדל. דער ווינט איז שטיל געוואָרן, קיין גרעזל האָט זיך ניט באַוועגט. דער ריח פונעם בעז האָט זיך אַזוי שטאַרק געהערט אין סאָד און אויף דער טעראַסע, גלייך ווי דער גאַנצער סאָד וואָלט געבליט, און ער פלעגט כוואַליעסווייז, אַמאָל פלוצלינג שוואַכער ווערן, אַמאָל פאַרשטאַרקן זיך, אַזוי אַז עס האָט זיך גע=

וואָלט פאַרמאַכן די אויגן אין גאָרניט זען, ניט הערן, אויסער דעם דאָזיקן זיסן ריח. די געאָרגינעס און די קוסטעס פון די רויזן, נאָך אָן בלומען, זיינען אומבאַוועגלעך אויסגעצויגענע אויף זייער צעגראָבענער שוואַרצער בלומען־בייט, גלייך ווי לאַנגזאַם געוואַקסן אין דער הויך, אויף זייערע ווייסע, אַרומגעהובלטע אונטערלעגונגען. גלייך ווי אין דער לעצטער רגע פאַרן רעגן, וועלכער וועט זיי פאַרטרייבן אין וואַסער אַריין, האָבן די פרעש מיט אַלע כוחות, אַלע אינאיינעם שאַרף געגראַגערט הינטערן טאָל. איינער עפּעס אַ דינינקער אומאיבערגעריסענער וואַסערדיקער קלאַנג האָט געשוועבט איבער דעם דאָזיקן געשריי. די סאָלאָווייעס האָבן זיך בייטנדיק דורכגערעדט, און מען האָט געהערט, ווי זיי זיינען אומרויִק אַריבערגעפלויגן פון איין אָרט אויפן צווייטן. ווידעראַמאָל האָט הייַנטיקן פרילינג אַ סאָלאָוויי געפרוּווט זיך באַזעצן אין אַ קוסט הינטערן פענסטער, און ווען איך בין אַרויס, האָב איך געהערט, ווי ער האָט זיך אַריבערגעטראָגן הינטער דער אַלעע, און פון דאָרט האָט ער איין מאָל אַ קנאַק געטאָן און איז שטיל געוואָרן, אויך וואַרטנדיק.

אומזיסט האָב איך מיך געוואָלט באַרויִקן; איך האָב אויך געוואַרט און עפּעס פאַרלאַנגט.

ער האָט זיך אומגעקערט פון אויבן און געזעצט זיך לעבן מיר.

— אַפנים, אַז אונזערע וועלן זיך פאַרנעצן, — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, — האָב איך אַרויסגערעדט, און ביידע האָבן מיר לאַנג געשוויגן.

און דער וואָלקן, אָן אַ ווינט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידעריקער און נידעריקער; איז געוואָרן שטילער, שמעקעדיקער און אומבאַוועגלעכער און פּלוצלונג איז אַ טראָפּן געפאַלן און גלייך ווי אונטערגעשפּרונגען אויף דעם לייוונטענעם דאַך פון דער טעראַסע, אַ צווייטער האָט זיך צעשאָטן אויפן זאַמד פון דער סטעזשקע; איבער די גרויסע בלעטער פונעם ביטער־גראָז האָט עס אַ פּאַטש געטאָן, און עס האָט אָנגעהויבן טריפן אַ פרישע רעגנדל, וואָס האָט זיך

אַלץ געשטאַרקט. די סאָלאָווייעס און די פֿרעש זיינען גאָר שטיל געוואָרן, נאָר דער דינער וואַסערדיקער קלאַנג, הגם ער האָט אויסגעוויזן ווייטער צוליבן רעגן, איז ער אָבער אַלץ געשטאַנען אינדערלופֿטן, און עפּעס אַ פֿויגל, וואָס האָט זיך מסתּמא פֿאַרשטעקט אין די טרוקענע בלעטער ניט ווייט פֿון דער טעראַסע, האָט גלייכמעסיק אויסגעזונגען זיינע צוויי איינאַרטיקע נאָטן. ער איז אויפֿגעשטאַנען און האָט געוואָלט אַוועקגיין.

— וואוהין גייסטו? — האָב איך געפֿרעגט, פֿאַרהאַלטנדיק אים, — דאָ איז אַזוי גוט.

— מען דאַרף זיי צושיקן אַ שירעם און קאַלאָשן, — האָט ער געענטפֿערט.

— מען דאַרף ניט, ס׳וועט באַלד אַריבער.

ער האָט מיט מיר מסכּים געווען, און מיר זיינען צוזאַמען פֿאַרבליבן ביי די פּאָרענטשעס פֿון דער טעראַסע. איך האָב מיך אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט אָן דער גליטשיקער פֿייכטער לייסט און אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ. דער פֿרישער רעגן האָט מיר ניט גלייכמעסיק באַשפּריצט די האָר און דעם האַלז. ליכטיקער און שיטערערווערנדיק, האָט זיך דאָס וואָלקנדל אויסגעגאָסן איבער אונז; דער גלייכער קלאַנג פֿון דעם רעגן האָט זיך פֿאַרביטן אויף זעלטענע טראָפּנס, וועלכע זיינען געפֿאַלן פֿון אויבן און פֿון די בלעטער. ווידער האָבן אונטן אָנגעהויבן צו גראַגערן די פֿרעש, ווידער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט די סאָלאָווייען און פֿון די פֿייכטע קוסטעס האָבן זיי זיך גענומען אָפּרופֿן, אַמאָל פֿון דער, אַמאָל פֿון יענער זייט. אַלץ איז ליכטיקער געוואָרן קעגן אונז.

— ווי גוט! — האָט ער געזאָגט, צוזעצנדיק זיך אויף די פּאָרענטשעס און אַ גלעט טוענדיק מיט דער האַנט איבער מיינע פֿייכטע האָר.

די דאָזיקע פּשוטע לאַסקע האָט ווי אַ פֿאָרוואורף געווירקט אויף מיר, מיר האָט זיך פֿאַרוואָלט וויינען.

— און וואָס נאָך דאַרף אַ מענטש האָבן? — האָט ער געזאָגט. — איך בין איצט אַזוי צופֿרידן, אַז איך דאַרף גאָרניט, איך בין פֿולקום גליקלעך!

„ניט אַזוי האָסטו מיר אַמאָל גערעדט וועגן דיין גליק,— האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — ווי גרויס עס זאָל ניט זיין, האָסטו געזאָגט, אַז דיר האָט זיך געוואָלט אַלץ נאָך און נאָך עפּעס. און איצט ביסטו רויִק און צופרידן, בשעת בײַ מיר אין דער נשמה איז די ניט־אַרויסגעזאָגטע חרטה און די ניט־אויסגעוויינטע טרערן".

— מיר איז אויך גוט, — האָב איך געזאָגט, — אָבער אומעטיק טאַקע דערפאַר, וואָס אַלץ איז אַזוי גוט פאַר מיר. און מיר איז אַזוי פלאַנטערדיק, ניט פול, אַלץ ווילט זיך עפּעס, און דאָ איז אַזוי פיין און רויִק. צי דען מישט זיך בײַ דיר אויך ניט צו עפּעס אָן בענקשאַפט צו דעם תענוג פון דער נאַטור, גלייך ווי עס וואָלט זיך וועלן עפּעס אוממעגלעכס, און עס וואָלט געוועזן עפּעס אַ שאָדן אויף דער פאַרגאַנגענהייט?

ער האָט צוגענומען די האַנט פון מיין קאָפּ און אַ ביסל געשוויגן.

— יאָ, פריער פלעגט עס מיט מיר אויך געשען, דערהויפּט אין פרילינג, — האָט ער געזאָגט, גלייך ווי דערמאָנענדיק זיך. — און איך פלעג אויך נעכט אָפּזיצן, ווינטשנדיק און האָפנדיק, און גוטע נעכט!... נאָר דעמאָלסט איז אַלץ געווען פאָרויס, און איצט איז אַלץ פון הינטן; איצט איז פאַר מיר גענוג דאָס, וואָס עס איז פאַראַן, און מיר איז וואויל, — האָט ער פאַרענדיקט אַזוי זיכער נאָכלעסיק, אַז ווי מיר זאָל ניט ווײ טאָן דאָס צו הערן, האָב איך אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז ער רעדט אמת.

— און גאָרניט ווילט זיך דיר ניט? — האָב איך געפרעגט.

— גאָרניט, אוממעגלעכס, — האָט ער געענטפערט, טרעפנדיק וואָס איך פיל. — אָט נעצסטו דעם קאָפּ, — האָט ער צוגעגעבן, לאַשצענדיק מיך ווי אַ קינד, נאָך אַמאָל אַ גלעט טוענדיק מיט דער האַנט מיינע האָר. — דו ביסט מקנא אי די בלעטער, אי דעם גראָז, דערפאַר וואָס זיי נעצט דער רעגן. דיר וואָלט זיך וועלן זיין אי אַ גראָז, אי אַ בלאַט, אי דאָס רעגנדל. און איך פריי מיך נאָר מיט זיי, ווי מיט אַלץ אויף דער וועלט, וואָס עס איז גוט, יונג און גליקלעך.

— און דיר טוט גאָרניט באַנג אויף דער פאַרגאַנגענהייט? — האָב איך ווייטער געפרעגט, פילנדיק, אַז עס ווערט מיר אַליין שווע־ דער אויפן האַרצן.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. איך האָב געזען, אַז ער האָט געוואָלט ענטפערן איינגאַנצן אויפ־ ריכטיק.

— ניין, — האָט ער געענטפערט קורץ.

— ניט אמת, ניט אמת! — האָב איך גענומען ריידן, איינ־ דרייענדיק זיך צו אים און קוקנדיק אין זיינע אויגן, — דיר איז ניט קיין שאָדן אויף דער פאַרגאַנגענהייט?

— ניין, — האָט ער איבערגעחזרט נאָך אַ מאָל. — איך בין דאַנקבאַר פאַר אים, ניט קיין שאָדן.

— אָבער דו וואָלסט אים גאָרניט וועלן צוריק אומקערן? — האָב איך געזאָגט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט און גענומען קוקן אין סאָד אַריין.

— איך וויל ניט, פונקט ווי איך וויל ניט, אַז ביי מיר זאָלן אויסוואַקסן פליגל, — האָט ער געזאָגט. — ס'איז אוממעגלעך!

— און דו בעסערסט ניט אויס די פאַרגאַנגענהייט? דו וואַרפסט ניט פאַר זיך אָדער מיר?

— קיינמאָל ניט! אַלץ איז געווען צום בעסטן.

— הער! — האָב איך געזאָגט, צורירנדיק זיך צו זיין האַנט, כדי ער זאָל זיך אומקוקן אויף מיר. — הער, פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז דו ווילסט, איך זאָל לעבן דווקא אַזוי, ווי דו האָסט געוואָלט, פאַרוואָס האָסטו מיר געגעבן די פריי־ הייט, וועלכע איך האָב ניט געקענט אויסניצן, פאַרוואָס האָסטו מיך אויפגעהערט צו לערנען? אַזוי דו וואָלסט געוואָלט, ווען דו וואָלסט מיך אַנדערש געפירט, וואָלט גאָרניט, גאָרניט געווען, — האָב איך געזאָגט מיט אַ שטים, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעדריקט קאַל־ טער פאַרדראָס און פאָרוואורף, אָבער ניט די פריערדיקע ליבע.

— וואָס וואָלט ניט געווען? — האָט ער געזאָגט פאַרוואונ־ דערט, אויסדרייענדיק זיך צו מיר, — ס'איז אַזוי אויך גאָרניט

ניטאָ. ס'איז אַלץ גוט. זייער גוט, — האָט ער צוגעגעבן, שמייכלענדיק.

„צי דען פאַרשטייט ער ניט, אָדער נאָך ערגער, ער וויל ניט פאַרשטיין", — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, און טרערן זיינען בּיי מיר אַרויסגעטראָטן אויף די אויגן.

— עס וואָלט ניט געווען דאָס, וואָס אין גאָרניט קיין שולדיקע קעגן דיר, בּין איך בּאַשטראָפט מיט דיין גלייכגילטיקייט, פאַראַכטונג אַפילו, — האָב איך מיך פּלוצלונג אַרויסגעזאָגט, — עס וואָלט ניט געווען דאָס, וואָס אָן שום שולד פון מיין זייט, האָסטו בּיי מיר פּלוצלונג אָפּגענומען אַלץ, וואָס מיר איז געווען טייער.

— וואָס רעדסטו, נשמה מיינע! — האָט ער געזאָגט, גלייך ווי ניט פאַרשטייענדיק דאָס, וואָס איך האָב גערעדט.

— ניין, לאָז מיך דעררעדן.... דו האָסט בּיי מיר אָפּגענומען דעם צוטרוי, די ליבּע, די אַכטונג אַפילו. ווייל איך קען ניט גלויבּן, אַז דו ליבּסט מיך איצט נאָך דעם, וואָס עס איז געווען פריער. ניין, איך דאַרף פאַר אַמאָל אויסזאָגן אַלץ, וואָס עס פּייניקט מיך לאַנג, — האָב איך אים ווידער איבּערגעשלאָגן. — צי דען בּין איך שולדיק, וואָס איך האָב ניט געקענט דאָס לעבּן, און דו האָסט מיר געלאָזן, איך זאָל איינע אַליין זוכן... צי דען בּין איך שולדיק, וואָס איצט, בּעת איך האָב אַליין פאַרשטאַנען דאָס, וואָס מען דאַרף, בּעת שוין בּאַלד אַ יאָר מאַטער איך מיך, כּדי אומצוקערן זיך צו דיר, שטויסטו מיך אָפּ, גלייך ווי ניט פאַרשטייענדיק, וואָס איך וויל, און אַלץ קומט אויס אַזוי, אַז מען קאָן דיר גאָרניט פאָרוואַרפן, נאָר איך בּין אי די שולדיקע, אי די אומגליקלעכע! יאָ, דו ווילסט מיך ווידער אַרויסוואַרפן אין יענץ לעבּן, וואָס וואָלט געקאָנט שאַפן אונזער בּיידנס אומגליק.

— אָבּער מיט וואָס האָב איך דיר עס בּאַוויזן? — האָט ער מיט אויפריכטיקן שרעק און מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט.

— צי דען ניט נעכטן נאָך האָסטו געזאָגט, און אָן אויפהער זאָגסטו, אַז איך וועל דאָ ניט אויסהאַלטן, און אַז מיר דאַרפן אויף ווינטער ווידער פאָרן אין דעם פּעטערבּורג, וועלכן איך האָב פיינט? — האָב איך ווייטער גערעדט. — אָנשטאָט אונטערצוהאַלטן

מיך, מײדסטו אויס יעדע אָפנהאַרציקײט, יעדעס אויפריכטיק צערטלעך וואָרט מיט מיר. און נאָכדעם, װען איך װעל שוין אינגאַנצן פאַלן, װעסטו מיר פאַרװאַרפן אין פרײען זיך מיט מײן מפּלה.

— װאַרט, װאַרט, — האָט ער געזאָגט שטרענג און קאַלט. — דאָס איז ניט גוט, װאָס דו זאָגסט איצט, דאָס באַװײזט נאָר, אַז דו באַציסט זיך שלעכט צו מיר, אַז דו האָסט מיך ניט...

— אַז איך האָב דיך ניט ליב? רייד! רייד! — האָב איך אונ־טערגעזאָגט, און טרערן האָבן זיך בײ מיר אַ גאָס געטאָן פון די אויגן. איך האָב זיך געזעצט אויף דער באַנק און פאַרדעקט דאָס געזיכט מיטן טיכל.

„אָט װי ער האָט מיך פאַרשטאַנען!“ האָב איך געטראַכט, סטאַרענדיק זיך אײַנצוהאַלטן די יללות, װעלכע האָבן מיך געדריקט. „אַ סוף, אַ סוף צו אונזער פריערדיקער ליבע“, האָט עפּעס אַ שטים גערעדט אין מײַן האַרצן. ער איז צו מיר ניט צוגעגאַנגען, האָט מיך ניט געטרײסט. ער איז געװען באַלײדיקט דערמיט, װאָס איך האָב געזאָגט. זײַן שטימע איז געװען רויִק און טרוקן.

— איך װײס ניט, אין װאָס דו באַשולדיקסט מיך, — האָט ער געזאָגט, — אויב אין דעם, װאָס איך האָב דיך שוין ניט אַזױ ליב געהאַט, װי פריער...

— ליב געהאַט! — האָב איך אַרױסגערעדט אין טיכל אַרײַן, און די ביטערע טרערן האָבן זיך נאָך מער געגאָסן פון מײנע אויגן.

— איז אין דעם שולדיק די צײַט און מיר גופא. יעדע צײַט האָט איר ליבע... — ער האָט אַ ביסל געשװיגן. — און זאָגן דיר דעם גאַנצן אמת? אויב דו װילסט שוין אָפנהאַרציקײט? פּונקט אַזױ װי אין יענעם יאָר, װען איך האָב דיך נאָר־װאָס דער־קענט, האָב איך נעכט פאַרבראַכט אָן שלאָף, טראַכטנדיק װעגן דיר, און כ'האָב אַלײן געמאַכט מײַן ליבע, און די דאָזיקע ליבע איז געװאַקסן, געװאַקסן אין מײַן האַרצן, — אַזױ האָב איך סײַ אין פּעטערבורג, סײַ אין אויסלאַנד פאַרבראַכט שרעקלעכע נעכט און האָב געבראָכן, חרוב געמאַכט די דאָזיקע ליבע, װעלכע האָט מיך

געפּייניקט. איך האָב מיך באַרויִקט און פונדעסטוועגן ליב איך, נאָר מיט אַן אַנדער ליבע.

— דו רופסט עס אָן ליבע, אָבער דאָס איז אַ פּיין, — האָב איך אַרויסגערעדט. — פאַרוואָס האָסטו מיר דערלויבט צו לעבן אין דער געזעלשאַפט, אויב זי האָט דיר אויסגעוויזן אַזוי שעדלעך, אַז דו האָסט מיך צוליב איר אויפגעהערט ליב צו האָבן?

— ניט די געזעלשאַפט, מיין פריינד, — האָט ער געזאָגט.

— פאַרוואָס האָסטו ניט אָנגעווענדט די גאַנצע מאַכט? ניט געבונדן, ניט געטויט מיך? מיר וואָלט עס איצט געווען בעסער, אייִדער פאַרלירן אַלץ, וואָס עס האָט געבילדעט מיין גליק, מיר וואָלט געווען גוט, ניט מיאוס.

איך האָב ווידער אָנגעהויבן צו וויינען אין פאַרדעקט דאָס פּנים.

אין דער צייט זיינען קאַטיע מיט סאָניען, פריילעכע און נאַסע, הויך רייִדנדיק אין מיט אַ געלעכטער, אַרויף אויף דער טעראַסע; נאָר דערזעענדיק אונז, זיינען זיי אַנטשוויגן געוואָרן און גלייך אַרויסגעגאַנגען.

מיר האָבן שוין לאַנג געשוויגן, ווען זיי זיינען אַוועק; איך האָב אויסגעוויינט מיינע טרערן, אין מיר איז געוואָרן לייכטער. איך האָב אַ בליק געטאָן אויף אים. ער איז געזעסן, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויפן האַנט, און האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן אויף מיין בליק, נאָר ער האָט שווער אַ זיפץ געטאָן און ווידער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים און צוגענומען זיין האַנט. זיין בליק האָט זיך פאַרטראַכטערהייט געווענדט צו מיר.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, גלייך ווי פאָרזעצנדיק זיינע געדאַנקען. — מיר, און דער עיקר איר, פרויען, מוזן אַליין איבערלעבן די גאַנצע פּוסטקייט פון לעבן, כּדי נאָכדעם אומצוקערן זיך צום לעבן גופא; אַ צווייטן טאָר מען ניט גלויבן. דו האָסט נאָך דעמאָלסט ווייט ניט איבערגעלעבט די דאָזיקע פּרעכטיקע און ליבע פּוסטקייט, וועלכע איך האָב מיט הנאה צוגעקוקט אין דיר. און איך האָב דיר געלאָזן אויסלעבן זי און איך האָב געפילט, אַז

איך האָב קיין רעכט ניט געהאַט צו שטערן דיך, הגם פאַר מיר איז שוין די צייט לאַנג פאַרביי.

— פאַרוואָס=זשע האָסטו פאַרבראַכט די צייט מיט מיר און געלאָזן מיר פאַרברענגען די צייט אין דער דאָזיקער פוסטקייט, אויב דו האָסט מיך ליב? — האָב איך געזאָגט.

— דערפאַר, וואָס ווען דו וואָלסט אַפילו געוואָלט, וואָלסטו מיר אויך ניט געקאָנט גלויבן, דו האָסט זיך אַליין געמוזט דער=וויסן, און דו האָסט זיך דערוואוסט.

— דו האָסט געטראַכט, דו האָסט צופיל געטראַכט, — האָב איך געזאָגט, — דו האָסט קנאַפּ געליבט.

מיר האָבן ווידער אַ ביסל געשוויגן.

— ס'איז אַכזריש דאָס, וואָס דו האָסט ערשט געזאָגט, אָבער אמת, — האָט ער אַרויסגערעדט, פּלוצלונג אויפהייבנדיק זיך און נעמענדיק אַרומגיין איבער דער טעראַסע, — יאָ, דאָס איז אמת. איך בין שולדיק געווען! — איך בין געווען שולדיק! — האָט ער צוגעגעבן, אָפּשטעלנדיק זיך קעגן מיר. — אָדער איך האָב מיר גאָר=ניט געדאַרפט דערלויבן דיך צו ליבן, אָדער ליבן פּשוטער. יאָ.

— לאָמיר אַלץ פאַרגעסן, — האָב איך געזאָגט ניט זיכער.

— ניין, וואָס עס איז פאַרביי, דאָס וועט זיך שוין ניט צו=ריקקערן, דאָס קאָן קיינמאָל ניט צוריקקערן, — און זיין שטים איז ווייך געוואָרן, בשעת ער האָט עס גערעדט.

— אַלץ איז שוין צוריקגעקערט, — האָב איך געזאָגט, אַרויפ=לייגנדיק די האַנט אויף זיין אַקסל.

ער האָט אָפּגערוקט מיין האַנט און אַ דריק געטאָן זי.

— ניין, איך האָב ניט געזאָגט ריכטיק, אַז מיר איז ניט קיין שאָדן איף דער פאַרגאַנגענהייט. ס'איז מיר אַ שאָדן, איך וויין צוליב יענער אַמאָליקער ליבע, וועלכע איז שוין ניטאָ, און קאָן שוין מער ניט זיין. ווער איז אין דעם שולדיק? איך ווייס ניט. עס איז געבליבן אַ ליבע, אָבער ניט יענע. עס איז געבליבן איר אָרט, אָבער זי האָט אינגאַנצן אויסגעווייטאָגט. ניטאָ שוין אין איר קיין קראַפט און קיין זאַפטיקייט, געבליבן נאָר זכרונות און דאַנק=באַרקייט; אָבער...

— רייד ניט אַזוי, — האָב איך איבערגעשלאָגן, — זאָל ווי־דער אַלץ זיין, ווי געווען פריער... דאָס קאָן דאָך זיין? יאָ? — האָב איך געפרעגט, קוקנדיק אים אין די אויגן, נאָר זיינע אויגן זיינען געווען לויטערע, רויקע און האָבן ניט מיך געקוקט אין מיינע.

בשעת איך האָב דאָס גערעדט, האָב איך שוין געפילט, אַז ס'איז אוממעגלעך דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט, און וועגן וואָס איך האָב אים געבעטן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַ רוי־יקן, שטילן שמייכל, נאָר מיר האָט אויסגעוויזן, מיט אַ שמייכל פון אַן אַלטן מאַן.

— ווי יונג דו ביסט נאָך, און ווי אַלט בין איך, — האָט ער געזאָגט, — אין מיר איז שוין ניטאָ דאָס, וואָס דו זוכסט. צו־וואָס זאָל מען זיך נאַרן? — האָט ער צוגעגעבן, ווייטער אַזוי שמייכלענדיק.

איך האָב זיך שווייגנדיק געשטעלט לעבן אים, און אין דער נשמה איז מיר געוואָרן רויקער.

— לאָמיר זיך ניט מיען איבערצוחזרן דאָס לעבן, — האָט ער ווייטער גערעדט, — לאָמיר ניט ליגן אַליין פאַר זיך. און דאָס, וואָס עס זיינען ניטאָ די אַלטע אומרויקייטן און אויפרעגונגען, איז דערפאַר — דאַנקען גאָט! מיר האָבן ניט, וואָס צו זוכן און זיין צערודערט. מיר האָבן שוין געפונען, און אויף אונזער חלק איז אָנ־געקומען גענוג גליק. איצט דאַרפן מיר זיך שוין אָפּרוקן אין אַ זייט, און לאָזן דעם וועג אָט פאַר וועמען, — האָט ער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף דער אַם, וועלכע איז צוגעגאַנגען מיט וואַניען און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער טיר פון דער טעראַסע. — אַזוי איז עס, מיין ליבער פריינד, — האָט ער געזאָגט, צובייגנדיק צו זיך מיין קאָפּ און קושנדיק אים. ניט קיין געליבטער, נאָר אַן אַלטער פריינד האָט מיך געקושט.

און פון סאָד האָט אַלץ שטאַרקער און זיסער זיך געהויבן די שמעקעדיקע פרישקייט פון דער נאַכט, אַלץ פייערלעכער זיינען גע־וואָרן די קלאַנגען און די שטילקייט, און אויפן הימל האָבן זיך געדיכטער אָנגעצונדן די שטערן. איך האָב אויף אים אַ בליק גע־

טאָן, און מיר איז פּלוצלונג געוואָרן לייכט אויפן האַרצן. גלייך ווי מען וואָלט בײַ מיר אויסגעשניטן יענעם קראַנקן מאָראַלישן נערוו, וועלכער האָט מיך געלאָזט ליידן. איך האָב פּלוצלונג קלאָר און רויק פאַרשטאַנען, אַז דער געפיל פון יענער צייט איז אויף אייביק אַוועק, ווי די צייט גופא, און אַז צוריקקערן אים איצט איז ניט נאָר אוממעגלעך, נאָר דאָס וואָלט געווען שווער און ס'וואָלט געשטערט. און דער עיקר, צי איז גאָר אַזוי גוט געווען די דאָזיקע צייט, וועלכע האָט מיר אויסגעוויזן אַ גליקלעכע? און אַזוי לאַנג, לאַנג איז דאָס שוין געווען!..

— פונדעסטוועגן איז שוין צייט טיי טרינקען! — האָט ער געזאָגט, און מיר זײַנען צוזאַמען אַוועק אין גאַסטצימער. אין טיר האָב איך ווידער באַגעגנט די אַם מיט וואַניען. איך האָב גענומען דאָס קינד אויף דער האַנט, צוגעדעקט זײַנע אַנטבלויזטע רויטע פיסעלעך, צוגעדריקט צו זיך, און קוים צוגעדריקט זיך מיט די ליפּן, אַ קוש געטאָן עס. ער האָט ווי פון חלום אַ ריר געטאָן דאָס הענטל מיט די צעשפּרייטע צעקנייטשטע פינגערלעך און אָפּגעעפנט טריבע אייגעלעך, גלייך ווי זוכנדיק, אָדער דערמאָנענדיק זיך עפּעס; פּלוצלונג האָבן זיך די דאָזיקע אייגלעך אָפּגעשטעלט אויף מיר. אַ פונק פון געדאַנק האָט אין זיי אַ גלאַנץ געטאָן, די פולע אָפּגעשטאַנענע ליפּלעך האָבן זיך צונויפגעדריקט און פונאַנדערגעעפנט מיט אַ שמייכל. „מיינער, מיינער, מיינער!“ — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, מיט גליקלעכער אָנשטרענגונג אין אַלע איברים צודריקנדיק אים צו דער ברוסט און קוים אײַנהאַלטנדיק זיך, ניט אָנצוטאָן אים קיין ווייטאָג. און איך האָב גענומען קושן זײַנע קאַלטע פיסעלעך, דאָס בײַכעלע, און די הענט, און דאָס קוים-קוים מיט האָר באַוואַקסן קעפּל. דער מאַן איז צו מיר צוגעגאַנגען, איך האָב שנעל פאַרדעקט דעם קינדס פּנימל און צוריק אָפּגעדעקט עס.

— איוואַן סערגייעוויטש! — האָט דער מאַן אַרויסגעזאָגט, טשעפּענדיק אויך מיטן פינגער אונטערן גאָמבעלע. אָבער איך האָב שנעל ווידער צוגעדעקט איוואַן סערגייעוויטשן. קיינער אויסער מיר האָט ניט געטאָרט לאַנג קוקן אויף אים. איך האָב אַ בליק געטאָן אויפן מאַן, זײַנע אויגן האָבן געלאַכט, קוקנדיק אין מײַנע, און מיר איז

דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ לאַנגער צייט לייכט און פריידיק געוועזן צוקוקן אין זיי.

פון דעם טאָג אָן האָט זיך געענדיקט מיין ראָמאַן מיט דעם מאַן; דער אַלטער געפיל איז געוואָרן אַ טייערער אויף אייביק פאַרשוואונדענע ערינערונג, און דער נייער געפיל פון ליבע צו די קינדער און צו דעם פאָטער פון מיינע קינדער האָט געלייגט אַן אָנהייב פון אַן אַנדערן, אָבער שוין גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער גליקלעכן לעבן, וואָס איך האָב נאָך אין דער רגע ניט אויסגעלעבט.

# אינהאַלט

## בוך IV

### יהודה, גריכנלאַנד, אינדיע.



## בוך V

### דער אויפשטייג און די ירידה פון דער רוימישער אימפּעריע.



## בוך VI

### קריסטנטום און איסלאַם.

## בוך VII

### די מאָנגאָלישע אימפּעריע פון די יבשה־וועגן און די נייע אימפּעריעס פון די ים־וועגן.



## בוך VIII

### תקופה פון די גרויסע מלוכות.



---